לעאָן עלבע (ל. באַסיין)

# פון די קליינע קינדער׳ס וועגן

## מעשה׳לאַך פאַר קינדער

מיט אילוסטראַציעס



ניו-יאָרק
היברו פּאַבלישינג קאָמפּאַני
52-50 עלדרידזש סטריט
1921

# אינהאלט:

זייט

# א מעשה מיט צווי בערעלאך

אמאל איז געווען א אינגעלע. האט מען אים גערופען בערעלע.
האט בערעלע געמיינט, אז ער איז איין בערעלע אויף דער וועלט,
און ער מעג אלעמען שלאגען, און ער מעג אלעמען הרג'ענען.
האט דערפאר קיין אינגעל ניט געוואלט שפילען זיך מיט אים.
אלע אינגלאך פלעגען פון אים אנטלויפען און זיי פלעגען זינגען:

בערעלע קאפערעלע,
לאקשען דרערעלע!
געה אין וואלד
און כאפ א בערעלע,
געה אין גארטען
און רייס אויס א מערעלע.
געה צום שניידער
און נעם א שערעלע.
בערעלע קאפערעלע,
לאקשען דרערעלע!

און בערעלע האט ניט געוואלט לײדען, וואס די אינגלאך רופען
אים אזוי. פלעגט ער נעמען יאגען זיך נאך זיי, און ווען ער
פלעגט כאפען, פלעגט ער שלאגען און הרג'ענען. פלעגען די אינגלאך
נעמען ווייטער זינגען:

בערעלע, בערעלע,
געה אין וואלד!
געה אוועק,
און קום ניט באלד.
זיי אין וואלד
א גאנצע נאכט,
טיר און לאדען
צוגעמאכט.
בערעלע, בערעלע,

געה אין וואלד!
וועט דיר זיין
דאָרטען קאלט.

האָט בערעלע דערזעהן, אז ער האָט ניט מיט וועמען צו שפּילען זיך, איז ער אַוועק אין וואלד אַריין.

געהט ער און געהט, אזוי לאַנג און אזוי ברייט, ביז ער איז געקומען צו אַ הייל. איז די הייל געווען פאַרשטעלט מיט אַ גרויסער קלאָץ, און בערעלע האָט ניט געקענט אַריינגעהן.

קלאַפּט ער אָן:
— עפען, עפען מיר,
עפען אויפעט
מיר די טיר!

ברומט אַרויס אַ קול פון אינוויייניג און פרעגט:
— ווער איז דאָרט?
ווער קלאַפּט אין טיר?
וועלכע חיה קומט צו מיר?

ענטפערט בערעלע:
— עפען אויפעט
מיר די טיר,
בערעלע איז דאָס,
קומט צו דיר.

ברומט ווידער אַרויס דער קול פון הייל:
— בערעלע איז דאָס? פון וועלכען וואלד קומסטו?
ענטפערט בערעלע:
— איך קום ניט פון אַ וואלד. איך קום פון אַ שטאָט.
ברומט ווייטער אַרויס דער קול פון אינוויייניג:
— געה ווייטער, ווערסט אָן אַנדערען נאַרען. ניטאָ אין שטאָט קיין בערעלאַך. אין וואלד זיינען דאָ בערעלאַך.
זאָגט בערעלע:
— געה אַרויס, וועסטו זעהן, אז איך זאָג דיר קיין ליגען ניט. איך זאָג דיר, אז איך בין בערעלע.

האָט זיך געעפֿענט די הייל, און פֿון הייל איז אַרויס אַ בערעלע, טאַקע אַן אמת'ער בערעלע, פֿון וואַלד אַ בערעלע, מיט אַ בערישער פֿעל, פֿול מיט האָר, און מיט פֿיר בערישע לאַפּעס, ניט קיין צוויי פֿיס ווי ביי אַ מענשען, נאָר אַן עק, קוים וואָס מען זעהט, טאַקע ווי אַ בער אָהן אַן עק. האָט דאָס בערעלע דערזעהן, האָט ער זיך זעהר דער־שראָקען, ווייל ער האָט נאָך קיינמאָל אין זיין לעבען קיין בערעלע ניט געזעהן, אַן אמת'ען בערעלע, אַ בערעלע פֿון וואַלד.

רופֿט זיך צו אים אָפּ בערעלע פֿון וואַלד:

— שרעק זיך ניט, בערעלע-אינגעלע. איך זעה שוין ווער דו ביסט. איך ווייס שוין, ווער דו ביסט. האָב קיין מורא ניט, איך וועל דיך ניט אויפֿעסען.

פֿרעגט בערעלע-אינגעלע:

— און אַז דו וועסט וועלען עסען?

ענטפֿערט בערעלע פֿון וואַלד:

— אַז איך וועל וועלען עסען, וועל איך עסען האָניג. בערעלאַך פֿון וואַלד עסען ניט קיין בערעלאַך-אינגעלאַך. בערעלאַך פֿון וואַלד האָבען האָלט האָניג.

פֿרעגט בערעלע-אינגעלע:

— און וואו נעמסטו האָניג?

ענטפֿערט בערעלע פֿון וואַלד:

— ביי די בינען נעם איך האָניג.

זאָגט בערעלע-אינגעלע:

— איך וויל אויך עסען האָניג. לאָמיך בלייבען ביי דיר.

זאָגט בערעלע פֿון וואַלד:

— רעכט, בלייב ביי מיר, און דו וועסט אויך עסען האָניג. אָבער געדיינק, דו זאָלסט ניט געהן צו די בינען נאָך האָניג, וואָרים זיי וועלען דיך צעבייסען. דו זיץ דאָ, איך וועל דיר שוין ברייגגען האָניג. איך האָב פֿאַר די בינען קיין מורא ניט, וואָרים ביי מיר איז אַ גראָבע פֿעל, און זיי קענען מיך ניט בייסען. און אַז ס'איז גאָר שלעכט, גיב איך זיי אַ פּאַטש מיט מיין לאַפּע. זעהסט, ס'אַ גרויסע זי איז און ס'אַ שטאַרקע!



איז בערעלע-אינגעלע געבליבען ביי בערעלע׳ן פון וואלד, און בערעלע פון וואלד איז אלע טאג געגאנגען צו די בינען און האט געבראכט פולע לאפעס מיט האניג פאר בערעלע-אינגעלע. און בערע-לע-אינגעלע האט געגעסען די האניג און זיך באלעקט, ווייל איר ווייסט דאך, אז האניג איז זיס און געשמאק.

אזוי איז אוועק איין טאג, און צוויי, און דריי, און פיר, ביז עס איז מיאוס געווארען דעם בערעלע-אינגעלע צו זיצען אין הייל ביי דעם בערעלע פון וואלד און ווארטען אויף די האניג, וואס בערעלע פון וואלד פלעגט אים ברייגגען אלע טאג. האט זיך דעם בערעלע-אינגעלע פארוואלט געהן אליין צו די בינען נאך האניג, און זעהן, ווי אזוי די בינען גיבען דאס די האניג.

האט זיך בערעלע-אינגעלע אפגע׳גנב׳עט פון דעם בערעלע פון וואלד און איז אוועק צו די בינען. קומט ער צום בינשטאק, אוואו די בינען מאכען זייער האניג, און ער קלאפט אן:

— עפענט, עפענט מיר,

עפענט אויפעט

מיר די טיר!

הודזשען ארוים אַ סך קולות פון אינווייניג און פרעגען:

— ווער איז דאָרט?

ענטפערט בערעלע:

— עפענט אויפעט,
עפענט גיך,
בערעלע, בערעלע
רופט מען מיך.

האָבען די בינען געמיינט, אַז דאָס איז בערעלע פון וואַלד, וואָס קומט צו זיי אַלע טאָג נאָך האָניג, האָבען זיי געעפענט דאָס טירעלע פון בינשטאָק. זעהען זיי, עס שטעהט גאָר פאַר זיי אַ אינגעלע, אָהן האָר אויפ׳ן פנים און אָהן האָר אויף די הענט. האָבען זיי גע-נומען הודזשען און זינגען:

— דו ביסט ניט בערעלע,
בערעלע פון וואַלד,
זאָלסט אַנטלויפען
פון אונז באַלד.
דו געהסט ניט באָרוועס,
געהסט אין שיך,
זאָלסט אַנטלויפען
טאַקע גיך

האָט בערעלע-אינגעלע ניט געוואָלט אַנטלויפען. שטרעקט ער אויס זיינע נאַקעטע הענטעלאַך צו כאַפּען די האָניג ביי די בינען. זענען די בינען אים באַפאַלען און האָבען גענומען בייסען זיינע נאַקעטע הענטעלאַך. האָט בערעלע-אינגעלע גענומען וויינען און בעטען זיך ביי די בינען:

— איך וויל ניט אייער האָניג, איך וויל ניט אייער בים.

האָבען די בינען אויף אים רחמנות געקראָגען און זיי האָבען אים אָפּגעלאָזען. איז ער אַוועק צוריק אַהיים, צום בערעלע פון וואַלד. ער האָט אָבער פאַרבלאָנדזשעט און ניט געקענט געפינען די הייל פון דעם בערעלע פון וואַלד. איז אים געוואָרען זעהר

אומעטיג. האָט ער געוואָלט געהן צוריק אַהיים אין שטאָט אַריין. איז ער געגאַנגען און געגאַנגען, אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז ער איז אַרויס פון וואַלד. דערנאָך איז ער ווייטער געגאַנגען און גע־גאַנגען, ביז ער איז געקומען אַהיים. צוריק אין שטאָט, און ער האָט געפונען אַלע אינגלאַך וואַרטען אויף אים.

האָט בערעלע דערציילט די אינגלאַך אַלצדינג, וואָס ער האָט געזעהן אין וואַלד. ער האָט זיי דערציילט, אַז ער איז ניט איין בערעלע אויף דער וועלט, אַז אין וואַלד איז אויך דאָ אַ בערעלע און בינען מיט האָניג. און ער האָט זיי אויך דערציילט, ווי די בינען האָבען אים געביסען.

זאָגען צו אים די אינגעלאַך:

— געה ניט, בערעלע, מער אין וואַלד. מיר זעהען שוין, אַז דו ביסט געוואָרען אַ גוט אינגעלע און דו וועסט אונז מער ניט שלאָגען און מער ניט הרג'ענען. בלייב מיט אונז אין שטאָט, און מיר וועלען זיך מיט דיר אַלע שפּילען.

איז בערעלע געבליבען אין שטאָט, און די אינגעלאַך האָבען זיך מיט אים געשפּילט, און זיי האָבען אַלע געלעבט צוזאַמען, אַזוי ווי גוטע חברים דאַרפען לעבען.

אַ פלעקעלע אַריין, אַ פלעקעלע אַרויס. די מעשה לאָזט זיך אויס.



# בעבעלע און שוועבעלע

די מאַמע האָט געדאַרפט גיין אין קראָם עפּעס קויפן, און אַזוי ווי אינדרויסן האָט שטאַרק גערעגנט, האָט זי ניט געקענט מיט זיך נעמען בעבעלען, איר קליין טעכטערל, אַזוי ווי זי טוט דאָס אַלע מאָל בעת אינדרויסן איז שיין. זאָגט די מאַמע צו בעבעלען:

— איך גיי אין קראָם עפּעס קויפן. איך וועל באַלד קומען צוריק. וועסטו ניט מורא האָבן צו בלייבן אַליין אין הויז?

זאָגט בעבעלע:

— ניין, מאַמע, איך האָב ניט מורא.

זאָגט די מאַמע:

— ביסט אַ גוט קינד, בעבעלע! איך וועל דיר דערפאַר ברענגען פון קראָם אַ גוטע זאַך.

איז די מאַמע אַוועק און בעבעלע איז געבליבן אַליין אין הויז.

טראַכט בעבעלע, וואָס זאָל זי טאָן, ביז די מאַמע וועט קומען: נעמט זי אַרומגיין פון איין צימער אין צווייטן, און ווייסט ניט, וואָס צו טאָן. גייט זי אַריין אין קיך, זעט זי דאָרטן געשיר אָן אַ שיעור און טעפּלעך און פענדלעך און קענדלעך, וואָלט זי געוואָלט שפּילן זיך דערמיט, קען זי דאָס ניט דערלאַנגען, ווייל עס שטייט אין אַן אַלמער. אָדער אויף אַ פּאָליצע, אָדער עס הענגט גלאַט אויף דער וואַנט.

קוקט בעבעלע אין אַלע זייטן, קוקט און קוקט, אפשר וועט זי דערזען עפּעס. וואָס זי וועט יאָ קענען דערלאַנגען און שפּילן זיך דערמיט. דערזעט זי מיט אַמאָל דאָס קעסטעלע שוועבעלעך גלייך אויפ'ן אויוון, און דעם אויוון קען זי גראָד דערלאַנגען, ווייל ער איז נידעריג. נעמט זי דאָס קעסטעלע מיט די שוועבעלעך, עפנט אויף, ווייל אַרויסנעמען איינע און אָנצינדן. בעבעלע ווייסט, ווי מען טוט דאָס: זי האָט געזען, ווי די מאַמע רייבט-אָן אַ שוועבעלע און עס ווערט אַ פייער! זי וועט אויך אַזוי טאָן.

אָבער ווי זי וויל דאָס טאָן, אַזוי נעמט די שוועבעלע צו איר רעדען, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען אַ מענש און ניט קיין שטיקעל האָלץ:

— טשעפּע ניט בעבעלע,
איך בין אַ שוועבעלע!

מאַכט בעבעלע:

— איך וועל דיך ניט טשעפּען, איך וויל זיך נאָר שפּילען.

זאָגט שוועבעלע:

— מען טאָר מיט פייער זיך ניט שפּילען.
פייער ברענט, עס וויל ניט קילען.
פייער ברענט, פייער ברענט,
קענסט פאַרברענען נאָך די הענט.

פרעגט בעבעלע:

— פאַרוואָס פאַרברענסטו ניט די מאַמען די הענט?

ענטפערט שוועבעלע:

— ווייל מאַמע איז גרעסער פון בעבעלע,
וויס וואָס צו טאָן מיט אַ שוועבעלע.
און דו ביסט נאָך קליין ווי אַ בעבעלע,
טאָרסט ניט האַלטען קיין שוועבעלע.

בלאָזט-אָן בעבעלע די ליפּעלאַך און מאַכט צו דער שוועבעלע:

— אַ, ביסט אַ שלעכטע! דו ביסט שלעכט צו קליינע קינדער. ווילסט ניט, זיי זאָלען זיך שפּילען מיט דיר.

זאָגט שוועבעלע:

— ניין, בעבעלע! איך בין ניט שלעכט צו קליינע קינדער. אַדרבא, איך בין גוט צו זיי. מאַמע דאַרף קאָכען וואַרמעס פאַר די קליינע קינדער, צינדט זי מיך אָן און איך מאַך פייער, מען זאָל קאָנען קאָכען. ווערט אין שטוב פינסטער, און קליינע קינדער האָבען מורא, אַזוי צינד איך אָן פייער און עס ווערט ליכטיג און פרייליך. איך וויל נאָר ניט, אַז קליינע קינדער זאָלען זיך שפּילען מיט מיר, קליינע קינדער זאָלען מיך אָנצינדען. ווייל הער אויף אַ טשיקאַוועס אַ מעשה וואָס עס האָט אַמאָל געטראָפען. לייג מיך,

אָבער אפּריהער אַוועק צוריק אין קעסטעלע, וואו איך בין געלעגען, וועל איך דיר פון דאָרטען די מעשה דערציילען.

בעבעלע האָט אַריינגעלייגט די שוועבעלע צוריק אין קעסטעלע, און די שוועבעלע האָט איר דערציילט די מעשה:

— אַמאָל איז געווען אַ מיידעלע, אַזאַ ווי דו, בעבעלע! און זי איז אויך געבליבען אַליין אין הויז, אַזוי ווי דו, בעבעלע! האָט זי געפונען דאָס קעסטעלע מיט די שוועבעלאַך. אַזוי ווי דו בעבעלע, און האָט אַרויסגענומען אַ שוועבעלע, אַזוי ווי דו בעבעלע, און גענומען זיך שפּילען. זי שפּילט זיך, און איך לאָז זיך. ווייל איך האָב ניט געוואוסט, אַז עס קען עפּעס טרעפען.

נו, האָט זיך דאָס מיידעלע געשפּילט מיט מיר, ביז זי האָט מיך אָנגעריבען און איך האָב זיך אָנגעצונדען. דאָס מיידעלע האָט זיך דערפרייט און איך אויך. האָט זיך דאָס מיידעלע געשפּילט מיט מיין פייער און געמאַכט אַלערליי קונצען, ביז זי האָט שוין מיך מער ניט געקענט האַלטען אין האַנט, האָט זי מיך אַ וואָרף געטאָן און איך בין געפאַלען אויף אַ פּאַפּיר. דאָס פּאַפּיר האָט זיך גלייך אָנגעצונדען פון מיר, און דאָס מיידעלע האָט זיך אַלץ געפרייט. פון פּאַפּיר איז מיין פייער אַוועק צו אַ פאַרטוך, וואָס איז געווען אַראָפּ-געפאַלען אויף דר'ערד. און פון פאַרטוך בין איך אַוועק צו אַ שטול און פון שטול בין איך אַרויף אויפ'ן טיש און מיין פייער איז געקראָכען אַלץ העכער און העכער, ביז איך האָב דערלאַנגט דעם סופיט, און אַלצדינג האָט גענומען ברענען, און דאָס מיידעלע האָט זיך דערשראָקען און גענומען שרייען און לויפען, און וואו צו לויפען איז שוין ניט געווען, ווייל אומעטום זענען שוין געווען פלאַמען און רויך.

איך האָב געזעהן, אַז דאָס מיידעלע קען פאַרברענט ווערען, און מיר איז געווען אַזאַ רחמנות אויף איר! אָבער איך בין דאָך ניט שולדיג! דאָס מיידעלע האָט זיך מיט מיר ניט געדאַרפט שפּילען. מיט פייער שפּילט מען זיך ניט. איך האָב אַזוי גע'חלש'ט, אימיצער זאָל קומען און אויסלעשען דאָס פייער און ראַטעווען דאָס מיידעלע! און דער מיידעלע'ס מאַמע איז נאָך ניט געקומען, און

אַט-אַט ברענט שוין ביי דער מיידעלע דאָס קליידעלע. נאָר אַט זענען געקומען די פייער-לעשער און זיי האָבען דאָס מיידעלע גלייך געראַטעוועט פון די פלאַמען. ווען ניט זיי, וואָלט דאָס מיידעלע פאַרברענט געוואָרען. פון דעמאָלט אָן לאָז איך ניט מער קיין קליינע קינדער שפּילען זיך מיט מיר. איך שריי צו זיי:

היט זיך פאַר פייער!

דאָס לעבען איז טייער.

— גוטע קינדער פאָלגען מיר, שלעכטע ניט. איז די גוטע קינדער גוט און די שלעכטע שלעכט. און דו, בעבעלע, זעה איך, ביסט אויך פון די גוטע קינדער, איאָ?

בעבעלע האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ, אַז יא, און בעבעלע האָט צוגעזאָגט, ניט צו טשעפּען מער קיין שוועבעלע.

בעבעלע איז אַרויס פון קיך און האָט גענומען זוכען מיט וואָס אַנדערש צו שפּילען זיך. זי האָט געפונען איר ליאַלקע, האָט זי זיך גענומען שפּילען מיט איר און זי האָט אָנגעזאָגט דער ליאַלקע, אַז מיט אַ שוועבעלע טאָר מען זיך ניט שפּילען, ווייל מען קען נאָך פאַרברענט ווערען.

אַזוי האָט זיך בעבעלע געשפּילט מיט דער ליאַלקע. ביז די מאַמע איז געקומען. און אַז די מאַמע איז געקומען. האָט איר בעבעלע דערציילט די מעשה פון דער שוועבעלע. די מאַמע האָט בעבעלען אַ קוש געטאָן און געגעבען איר אַ גוטע זאַך.



# א מעשה מיט א חנוכה־דריידעל

יאָסעלע האָט געהאַט זעהר א שיינעם זיידען, מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד. און דער זיידע האָט זעהר האָלט געהאַט יאָסעלע׳ן, און יאָסעלע האָט זעהר האָלט געהאַט דעם זיידען.

אויף חנוכה האָט דער זיידע געבראַכט יאָסעלע׳ן אַ דריידעל.

— נאַ, — האָט דער זיידע צו אים געזאָגט, — ביסט א גוטער אינגעל, נאַ דיר אַ חנוכה־דריידעל.

האָט יאָסעלע ניט געוואוסט, ווי צו דרעהען דאָס חנוכה־דריידעל; האָט ער געדרעהט און געדרעהט, געדרעהט אַהין און געדרעהט אַהער, און עס איז גאָרנישט־ניט אַרויסגעקומען.

זאָגט צו אים דער זיידע:

— גיב אַהער, יאָסעלע, דאָס חנוכה־דריידעל און איך וועל דיר ווייזען, ווי צו דרעהען.

האָט דער זיידע אַ דרעה געטאָן, און דאָס חנוכה־דריידעל איז ביי אים אַוועק אַזוי ווי אַ מזמור:

דריידעלע, דריידעלע, דרעה זיך!\
יאָסעלע, יאָסעלע, פרעה זיך!\
דער טאַטע וועט געבען חנוכה־געלט,\
די מאַמע וועט באַקען לאַטקעס א וועלט!

און דאָס דריידעל דרעהט זיך און דרעהט זיך, דרעהט זיך אַהין און דרעהט אַהער, און יאָסעלע פרעהט זיך און פרעהט זיך, און פּאַטשט מיט די הענטעלאַך און שרייט: „טאַטע, קום אַהער! מאַמע, קום אַהער! זעה, ווי דאָס חנוכה־דריידעל דרעהט זיך!" און דער זיידע פרעהט זיך אויך, און ער גלעט זיין לאַנגע ווייסע באָרד און מאַכט צו יאָסעלע׳ן:

— אַהאַ, דו זעהסט! חנוכה איז גוט! מיר וועלען באַלד עסען לאַטקעס אויך; זאָל זיך נאָר דאָס דריידעל אָפּדרעהען.

און דאָס דריידעל דרעהט זיך און דרעהט זיך, הערט זיך גאָרניט אויף צו דרעהען, אַזוי ווי אַ כשוף וואָלט אין אים אַריין. און יאָסעלע פרעגט:

— זיידע, וועג׳ט דאָס אויפהערען צו דרעהען זיך?
און דער זיידע ענטפערט:
— ווען דאָס׳ט זיך איינמאַטערען, וועט דאָס אַ פּאַל טאָן און מער ניט דרעהען זיך.



און דער זיידע האָט טאַקע געטראָפען: ווען דאָס דריידעל האָט זיך איינגעמאַטערט, האָט דאָס מיט אַמאָל אַ פּאַל געטאָן און זיך מער ניט געדרעהט.

האָט יאָסעלע אַ כאַפּ געטאָן דאָס דריידעל און דאָס אַ דרעה געגעבען. האָט זיך דאָס דריידעל ווידער גענומען דרעהען ווי אַ מזמור.

האָט זיך דאָס דריידעל געדרעהט און געדרעהט, ביז עס איז אַראָפּגעשפּרונגען פון טיש אויף דר׳ערד און האָט זיך ווידער געדרעהט, גאָרניט אויפגעהערט צו דרעהען זיך, אַלץ ווייטער און ווייטער; און יאָסעלע איז אים אַלץ נאָכגעגאַנגען, פון צימער צו צימער, ביז דאָס דריידעל איז צוגעקומען צו דער טיר.

ביי דער טיר האָט זיך דאָס דריידעל ווייטער געדרעהט. גיט זיך אַ דרעה און אַ זעץ אָן טיר, גיט זיך אַ דרעה און אַ זעץ אָן טיר.

האָט יאָסעלע געמיינט, אַז דאָס דריידעל וויל אַרויסגעהן און בעט זיך דאָס, אַז מען זאָל אים עפענען די טיר. האָט יאָסעלע אים גע-עפענט די טיר. ווי ער האָט געעפענט די טיר, אַזוי איז דאָס דריידעל גלייך אַרויסגעלאָפען, און יאָסעלע טוז נאָך אים. און קיינער אין שטוב האָט דאָס ניט געזעהן, אַפילו דער זיידע אויך ניט, ווייל דער זיידע איז געבליבען רעדען מיט יאָסעלע׳ס טאַטען, און די מאַמע איז געשטאַנען אין קיך און האָט געבאַקט לאַטקעס לכבוד חנוכה.

איז יאָסעלע געלאָפען נאָכ׳ן דריידעל פון איין גאַס אין דער צווייטער, און יאָסעלע האָט געמיינט, אַז עס וועט גאָר קיינמאָל קיין עק ניט נעמען, אַז דאָס דריידעל וועט זיך גאָר קיינמאָל ניט אָפּשטעלען.

אָבער ענדליך האָט זיך דאָס דריידעל אָפּגעשטעלט אין אַן אָרימער גאַס, לעבען אַן אָרים הויז. דאָס דריידעל האָט זיך דריי מאָל אַ דרעה געטאָן און דריי מאָל אַ קלאַפּ געטאָן אין טיר. האָט יאָסעלע פאַרשטאַנען, אַז דאָס דריידעל וויל אַריינגעהן אין הויז, און יאָסעלע האָט אויך געוואָלט אַריין אין הויז, זעהן, וואָס דריידעל וועט דאָרטען טאָן.

דאָס דריידעל האָט זיך געדרעהט און געדרעהט, גיט זיך אַ דרעה און אַ קלאַפּ אין טיר, אָבער קיינער עפענט ניט. האָט יאָסעלע אָנגעקלאַפּט אין טיר און אויסגעשריען:

— ווער איז דאָ אין הויז,
זאָל מיר גלייך אַרויס!

איז אַרויס אַ אינגעלע אַזוי ווי יאָסעלע, נאָר אַן אָרימער, אין צעריסענע זאַכען, אַ פאַרפראָרענער און אַ הונגעריגער. און דאָס חנוכה-דריידעל האָט זיך געדרעהט און געדרעהט מיט אַ הוזשעריי, מיט אַ זשומעריי אַרום דעם אָרימען אינגעלע. האָט דאָס אָרימע אינגעלע דערזעהן גלייך דאָס חנוכה-דריידעל, האָט ער דאָס אַ כאַפּ געטאָן. האָט יאָסעלע גענומען וויינען און בעטען זיך ביים אינגעלע:

— גיב מיר אָפּ מיין חנוכה-דריידעל. דאָס האָט מיר מיין זיידע געבראַכט.

זאָגט דאָס אינגעלע:

— אָבער איך וויל אויך האָבען אַ חנוכה-דריידעל.

ענטפערט יאָסעלע:

— בעט דיין זיידען, וועט ער דיר אויך ברייגגען אַ חנוכה־דריידעל.

זאָגט דאָס אינגעלע:

— איך האָב ניט קיין זיידען. מיין זיידע איז געשטאָרבען.

רופט זיך אָן יאָסעלע:

— טאָ בעט דיין טאַטען, וועט ער דיר ברייגגען אַ חנוכה־דריידעל.

ענטפערט דאָס אינגעלע:

— מיין טאַטע איז ניטאָ. מיין טאַטע איז אויך געשטאָרבען.

פרעגט יאָסעלע:

— און קיין מאַמען האָסטו אויך ניט?

ענטפערט דאָס אינגעלע:

— אַ מאַמען האָב איך יאָ, אָבער מיין מאַמע איז אַוועק אַרבייטען, פאַרדינען געלט, וועט זי מיר קויפען אַ שטיקעל ברויט און אַ ביסעל מילך, וועל איך אָפּעסען דאָס ברויט מיט די מילך און איך וועל געהן שלאָפען.

פרעגט יאָסעלע וויטער ביים אינגעלע:

— און קיין לאַטקעס וועסטו גאָרניט עסען? היינט איז דאָך חנוכה, איך וועל עסען לאַטקעס.

זאָגט דאָס אינגעלע:

— איך ווייס, אַז היינט איז חנוכה און אַלע עסען לאַטקעס. מאַמאַ ט׳מיר געזאָגט. אָבער מאַמאַ האָט קיין געלט ניט אויף צו מאַכען לאַטקעס. מאַמאַ איז אָפּגעמאַטערט פון דער אַרבייט. זי האָט קיין כח ניט צו באַקען לאַטקעס.

האָט יאָסעלע געפרעגט:

— וועסטו גאָרניט עסען קיין לאַטקעס?

און יאָסעלע האָט זיך צעוויינט, וואָס דאָס אָרימע אינגעלע וועט ניט עסען קיין לאַטקעס. רופט זיך אָן יאָסעלע צום אינגעלע:

— ווייסטו גאָר וואָס, אינגעלע? קום צו מיר אַהיים, וועט דיר מיין מאַמע געבען לאַטקעס. איך וועל איר זאָגען, אַז דו האָסט קיין לאַטקעס ניט, וועט זי דיר געבען.

פרעגט דאָס אינגעלע:

— און דאָס חנוכה־דריידעל?

ענטפערט יאָסעלע:

— קענסט דאָס האַלטען. מיין זיידע וועט מיר געבען אַן אַנדער דריידעל. איך וועל אים זאָגען, אַז איך האָב דיר אָוועקגעגעבען מיין חנוכה־דריידעל.

האָט דאָס אינגעלע זיך זעהר געפרעהט, וואָס יאָסעלע האָט אים אַוועקגעשיינקט דאָס דריידעל. און דאָס אינגעלע איז אַוועק מיט יאָסעלע׳ן עסען לאַטקעס ביי יאָסעלע׳ן אין דער היים.

אויפ׳ן וועג פרעגט יאָסעלע ביים אינגעלע:

— ווי רופט מען דיך, אינגעלע?

זאָגט דאָס אינגעלע:

— טעוועלע רופט מען מיך, און ווי רופט מען דיך?

ענטפערט יאָסעלע:

— ווייסטו גאָרניט, אַז מען רופט מיך יאָסעלע?

זיינען זיי ביידע געקומען צו יאָסעלע׳ן אַהיים. און אין דער־היים האָט מען זיך געוואונדערט, וואו איז דאָס יאָסעלע אַהינגעקומען. אַז זיי האָבען אים דערזעהן מיט׳ן אינגעלע, האָבען זיי אים גע־פרעגט, וואו איז ער געווען און וואָס איז דאָס פאַר אַן אינגעלע. האָט זיי יאָסעלע אַלצדינג דערציילט, ווי דאָס חנוכה־דריידעל האָט אים אַוועקגעפירט צום אינגעלע אַהיים, אַז דאָס אינגעלע האָט ניט קיין זיידען און קיין טאַטען, קיינעם ניט, נאָר אַ מאַמען, אָבער די מאַמע קען ניט באַקען קיין לאַטקעס, ווייל זי אַרבייט און זי האָט קיין געלט ניט.

— איך האָב אים געבראַכט אַהער, מאַמע, זאָלסט אים געבען לאַטקעס, — האָט יאָסעלע געזאָגט, — און דו, זיידע, גיב מיר אַן אַנדער דריידעל, ווייל מיינעם האָב איך טעוועלע׳ן אַוועקגעגעבען. זעהסט, אַט האַלט ער דאָס.

האָט דער זיידע אַ קניפּ געטאָן יאָסעלע׳ן אין בעקעלע און געזאָגט צו אים:

— ביסט אַ גוט אינגעלע, יאָסעלע, איך וועל דיר געבען אַן אַנדער דריידעל.

און טעוועלע האָט געגעסען לאַטקעס צוזאַמען מיט יאָסעלע'ן, און יאָסעלע האָט אים דערנאָך אָפּגעפירט צוריק אַהיים, און פון דעמאָלט אָן האָבען זיי זיך ביידע געשפילט אינאיינעם, און וואָס יאָסעלע האָט געהאַט, האָט ער טעוועלע'ן געגעבען.

## א חמשה־עשר חלום

עלינקע האָט געהאַט אַ שוועסטערל געלינקע, און ווען ער פלעגט אַוועק חלומ'ען אין טרוימלאַנד, פלעגט עלינקע מיט זיך מיט־נעמען זיין שוועסטערל געלינקע.

חמשה־עשר בשבט איז צו זיי געקומען דער זיידע מיט דער באָבען און האָבען זיי געבראַכט טייטלען און פייגען און באָקסער.

— נאָט־אייך, קינדערלאַך — האָט צו זיי דער זיידע געזאָגט — היינט איז חמשה־עשר, אַ יום־טוב ביי די בוימער. ראש־השנה איז ביי זיי, האָבען זיי אייך לכבוד יום־טוב כיבוד געשיקט: טייטלען, פייגען און באָקסער. וועט איר זיין גוטע קינדער, וועלען אייך די בוימער איבער־אַ־יאָר, אם ירצה השם, ווייטער צושיקען כיבוד.

טייטלען און פייגען האָבען די קינדער געגעסען נאָך פריהער, איז דאָס ביי זיי שוין קיין נייס ניט געווען. אָבער באָקסער האָבען זיי נאָך קיינמאָל ניט געגעסען. האָבען זיי געקוקט און געקוקט און ניט געוואוסט, וואָס דאָס איז. פרעגען זיי ביים זיידען:

— וואָס איז דאָס, זיידע?

ענטפערט זיי דער זיידע:

— באָקסער, מיינע קינדערלאַך! אַ פּרי אַזאַ, וואָס וואַקסט אויף בוימער, אַזוי ווי טייטלען און פייגען.

און דער זיידע האָט זיי דערציילט, אַז אין ארץ־ישראל וואַקסט אַ סך באָקסער, אַזוי פיל, אַז ציגען עסען דאָרט באָקסער אַזוי ווי גראָז. און דער זיידע האָט זיי ווייטער דערציילט, אַז עס נעמט זיבעציג יאָר ביז אַ באָקסער־בוים וואַקסט אויס און הויבט אָן צו געבען באָקסער. און דער זיידע האָט אויך דערציילט פון אַ אידען,

וואָס איז אַמאָל אָפּגעשלאָפען גאַנצע זיבעציג יאָר, ביז אַ באַקסער-בוים איז אויסגעוואַקסען. און נאָך מעשיות האָט דער זיידע דער-ציילט, און די קינדער האָבען געהערט.

געלינקע האָט ניט פאַרשטאַנען דעם זיידענ'ס אַלע מעשיות, ווייל זי איז נאָך געווען אַ קליינינקע, אָבער עלינקע האָט יאָ פאַר-שטאַנען, ווייל ער איז געווען אַ גרעסיזרער. ער פלעגט אַלע מאָל פאַרשטעהן דעם זיידענ'ס מעשיות, און וואָס דער זיידע פלעגט אים דערציילען בייטאָג, פלעגט זיך אים דערנאָך חלום'ען ביי-נאַכט, און ווען ער פלעגט אַוועק חלום'ען אין טרוימלאַנד, פלעגט ער אויך מיט זיך זיין שוועסטערקע נעמען, ווייל ער האָט זי זעהר ליב געהאַט און האָט אָהן איר קיין טראָט ניט געמאַכט.

דער זיידע מיט דער באָבען זענען געזעסען ביז ביינאַכט און דערנאָך האָבען זיי געזאָגט „אַ גוטע נאַכט" עלינקען און אויך „אַ גוטע נאַכט" געלינקע'ן. און צו עלינקע'ן האָט דער זיידע נאָך געזאָגט:

— זאָל זיך דיר חלום'ען, עלינקע, גוטע חלומות, און פאַרגעס ניט אויך געלינקע'ן צו נעמען מיט זיך אין חלום.

דער זיידע מיט דער באָבען זענען אַוועק אַהיים און די קינדער זענען געגאַנגען שלאָפען: אין איין בעטעל — עלינקע און אין דעם צווייטען בעטעל — געלינקע. די קינדער זענען באַלד איינגעשלאָפען און עלינקע איז גלייך אַוועק קיין טרוימלאַנד חלום'ען גוטע חלומות.

קומט עלינקע מיט געלינקע'ן קיין טרוימלאַנד, זעהט ער אַ סך בוימער שטעהען אָנגעטאָן אין די שענסטע פרוכט-קליידער: אין עפעל-קליידער, אין בארען-קליידער, אין קאַרשען-קליידער, אין ציט-ראָנען-קליידער, אין אָראַנזשען-קליידער, אין פייגען-קליידער, אין טייטעל-קליידער. און עס שמעקט אַזוי פיין, אַז ס'איז אַ חיות! און די בוימער זענען פרייליך, זיי שיינען אַזש פאַר פרייד, און זיי טאַנצען, און זיי שפּרינגען און זיי זינגען, גאָר ווי אויף אַ חתונה:

אַ נייער יאָר, אַ נייער יאָר.
אַ נייער-יאָר געקומען,
עפּעלאך מיט בארעל
האָבען זיך גענומען.

חיינט איז אונזער חתונה,
אַלע װעלען קומען.
געקומען דער אינגעל עלינקע
מיט זיין שװעסטער געלינקע.
לאָמיר זיי ביידען געבען
פייגען פולע טאַשען,
װעלען זיי ביידע האָבען,
האָבען װאָס צו נאַשען.
אַ נייער יאָר, אַ נייער יאָר,
אַ ניי־יאָר איז געקומען,
עלינקע מיט געלינקע'ן
זענען שוין געקומען.

האָבען די בוימער גענומען שיטען מיט פירות, און עלינקע מיט געלינקע'ן האָבען געכאַפּט און געגעסען. האָבען עלינקע און געלינקע זיך אָנגעגעסען מיט אַלע פירות, אָבער קיין באָקסער האָבען זיי ניט געהאַט. פרעגט עלינקע ביי די בוימער:

— און װאו איז באָקסער? היינט איז דאָך חמשה־עשר!

ענטפערען די בוימער:

נאָך באָקסער מוזט איר פאָרען, קינדערלאַך, קיין ארץ־ישראל.

זאָגט עלינקע צו געלינקע'ן:

— קום, געלינקע, קיין ארץ ישראל, װעלען מיר דאָרטען עסען באָקסער.

קומען זיי קיין ארץ ישראל, זעהען זיי, דער זיידע שטעהט און פלאַנצט אַ באָקסער־בוים. רופט זיך אָן עלינקע צום זיידען:

— זיידע, גיב אונז באָקסער. היינט איז חמשה־עשר.

זאָגט דער זיידע:

— זעהט איר ניט, קינדערלאַך, אַז איך פלאַנץ ערשט דעם בוים? און געדיינקט איר ניט, װאָס איך האָב אייך געזאָגט, אַז ערשט אין זיבעציג יאָר אַרום װעט אָנהויבען צו װאַקסען באָקסער? טאָ געהט איצט קינדערלאַך, שלאָפען, און אין זיבעציג יאָר אַרום װעט איר קומען, װעט איר קריגען באָקסער.

זענען די קינדער אוועק אין א הייל און האבען זיך געלייגט שלאפען: עלינקע אין איין זייט און געלינקע אין דער צווייטער זייט. איז געקומען א שפין און האט פארצויגען א שפינוועב ארום דער לאך פון הייל, די פליגען זאלען ניט קענען אריין און ניט טשעפען די קינדער און לאזען זיי רוהיג שלאפען.

זענען די קינדער אזוי אפגעשלאפען זיבעציג יאר. זענען גע-קומען די ציגען און האבען מיט די הערנער פאנאנדערגעריסען דאס שפינוועב, און דאן האבען די ציגען גענומען שפרינגען און זינגען:

ציגעלע-מיגעלע, מע!
קינדער,קומט אהער!
גענוג אייך שוין אין הייל צו ליגען,
באקסער קענט איר איצטער קריגען.
קינדער, קינדער, קומט ארויס,
קומט ארויס פון אייער הויז!

כאפען זיך אויף די קינדער און רייבען זיך אויס די אויגען און גיבען א קוק איינע אויף די אנדערע און צעלאכען זיך.

— זעה נאר, געלינקע — זאגט צו איר עלינקע — דו זעהסט דאך גאר אויס ווי די באבע!

— און דו, עלינקע — זאגט צו אים געלינקע — זעהסט דאך גאר אויס ווי דער זיידע, פונקט מיט אזא לאנגער ווייסער בארד ווי דער זיידע.

זענען זיי ארויס פון הייל און צוגעגאנגען צום באקסער-בוים, ערשט זיי זעהען, די ציגען שטעהען און עסען באקסער אזוי ווי גראז. אז די ציגען האבען דערזעהן די קינדער, האבען זיי ווידער גענומען שפרינגען און זינגען:

ציגעלע-מיגעלע,
נעמט א קריגעלע,
מעלקט אונז אויס
און טרינקט דאס אויס!

האבען זיך די קינדער אנגעגעסען מיט באקסער און דערנאך האבען זיי אויסגעמאלקען די ציגען און געטרונקען די מילך. און די

מילך איז געווען פונקט אַזוי זיס, ווי די באָקסער, וואָס די ציגען האָבען געגעסען.

אַז זיי האָבען אויסגעטרונקען די מילך, האָבען די ציגען גע-נומען זיי לעקען און קושען. עלינקע האָט זיך אויפגעכאַפּט און דערזעהן, אַז די מאַמע שטעהט לעבען אים און גלעט אים און קושט אים.

— שטעה אויף, מיין קינד — האָט די מאַמע צו אים געזאָגט — שוין גרויסער טאָג. וואָס׳ט זיך דיר גע׳חלום׳ט? דערצייל, מיין קינד!

און עלינקע האָט דערציילט דער מאַמע׳ן וואָס׳ט זיך אים גע׳חלום׳ט. און די מאַמע האָט געלאַכט און געגלעט אים.

— ביסט אַ גוטער אינגעל, — האָט זי צו אים געזאָגט, — וואָס דו האָסט מיט זיך גענומען אויך דיין שוועסטערקע און געגעבען איר פון אַלע גוטע זאַכען.

## דער פעטער שנייער

איינמאָל ווינטער אין אַן אָווענט איז די באָבע געקומען צו חיה׳לען אַהיים און האָט איר דערציילט, אַז דער פעטער שנייער איז געקומען צופאָרען.

חיה׳לע האָט געהאַט אַ סך פעטערס, אָבער פון אַזאַ פעטער, וואָס מען זאָל אים רופען שנייער, האָט זי קיינמאָל ניט געהערט. זי האָט געהאַט אַ פעטער מאיר, האָט ער געהאַלטען אַ קראָם מיט אייער. זי האָט געהאַט אַ פעטער ברוך, האָט ער פאַרקויפט פוטער מיט צוואָראָך. זי האָט געהאַט אַ פעטער אידעל, האָט ער געשפּילט אויפ׳ן פידעל. זי האָט געהאַט אַ פעטער חיים, וואוינט ער ווייט, אַזש אין ירושלים. זי האָט געהאַט אַ פעטער זלמן, איז ער גע-שטאָרבען, ליגט ער אויפ׳ן בית-עלמין. אַלע אירע פעטערס גע-דיינקט זי, אָבער אַ פעטער שנייער געדיינקט זי ניט. נאָר אַז די באָבע זאָגט, אַז דער פעטער שנייער איז געקומען צופאָרען, מוז מען גלויבען, ווייל די באָבע זאָגט קיין ליגען ניט.

האָט זיך חיה׳לען פאַרוואָלט זעהן דעם פעטער שנייער, רופט זי זיך אָן צו דער באָבען:

— וואו איז דער פעטער שנייער?
זאָגט די באָבע:
— ער איז אינדרויסען.
פרעגט חיה'לע:
— פאַרוואָס האָסטו אים געלאָזען אינדרויסען?
ענטפערט די באָבע:
— ער קען אין שטוב ניט אריין, ווייל ער וועט נאָך מאַכען דעם דיל, און די מאַמע וועט שרייען.
רופט זיך אָן חיה'לע:
קען ער דאָך אָפּווישען די פיס, אַזוי ווי איך טו, ווען איך דאַרף אריין אין הויז, וועט די מאַמע ניט שרייען אויף אים.
האָט די באָבע זיך צעלאַכט און אַ גלעט געטאָן חיה'לע'ן איבער'ן קעפּעלע.
— אַי, ביסטו אַ קלוג מיידעלע, חיה'לע! — האָט די באָבע געזאָגט, — נאָר ווער דער פעטער שנייער איז, ווייסטו אָלץ ניט. קום צום פענסטער, וועל איך דיר ווייזען דעם פעטער שנייער מיט'ן ווייסען שלייער. קום, וועסטו זעהן, מיין קינד, ווי דער פעטער שנייער האָט אַלעס איינגעדעקט אין ווייסען. קום, וועסטו זעהן!
האָט די באָבע צוגעפירט חיה'לע'ן צום פענסטער. האָט חיה'לע דערזעהן וואָס עס טוט זיך אינדרויסען און זי האָט גענומען פּאַטשען מיט די הענטעלאַך און טאַנצען און שפּרינגען, און די באָבע האָט גענומען זינגען:

א שנייעלע נעהט, א שנייעלע נעהט,
אלע וועגען האָט פארשנייט.
טרעטי, טרעטי, טרעטי,
דער פויגעל איז אוועק.
וואוהין איז ער אוועק?
אוועק אין וייטען וועג.
אין א האלב יאָר ארום,
דער פויגעל קערט זיך אום.

— איצטער זעהסטו, — האָט די באָבע געזאָגט צו חיה'לע'ן, — זעהסט שוין, ווער דער פעטער שנייער איז? דער פעטער שנייער

מיט'ן ווייסען שלייער?

— איך ווייס שוין, איך ווייס שוין, ווער דער פעטער שנייער איז, — האָט חיה'לע געזאָגט, — דער פעטער שנייער מיט'ן ווייסען שלייער איז ניט ווי דער פעטער מאיר, וואָס ער האָט אַ קראָם מיט אייער. דער פעטער שנייער איז אַן אַנדערער.

— געוויס איז ער אַן אַנדערער, — האָט די באָבע געזאָגט, גלעטענדיג חיה'לע'ן איבער'ן קעפּעלע, — דער פעטער שנייער מיט'ן ווייסען שלייער איז ניט ווי דער פעטער מאיר, וואָס ער האָט אַ קראָם מיט אייער. דער פעטער שנייער געהט אָהן פיס און דערפאַר פאַלט ער ווען ער געהט, אָבער ער שלאָגט זיך קיינמאָל ניט אָפּ.

חיה'לע האָט געלאַכט פון דעם, וואָס די באָבע האָט איר געזאָגט, אַז דער פעטער שנייער געהט אָהן פיס און דערפאַר פאַלט ער ווען ער געהט, אָבער ער שלאָגט זיך קיינמאָל ניט אָפּ.

— איך ווייס וואָס דו מיינסט, באָבע — האָט חיה'לע געזאָגט, — דו מיינסט דאָס דעם שניי. דער שניי געהט פון הימעל און ער פאַלט אויף דער ערד, אָבער ער שלאָגט זיך קיינמאָל ניט אָפּ, ווייל ער וויינט ניט, אַזוי ווי איך, ווען איך פאַל און שלאָג זיך אָפּ.

די באָבע האָט איר אַ קוש געטאָן.

— אַז דו ביסט שוין יאַ, אַזאַ קלוג מיידעלע, — האָט די באָבע צו איר געזאָגט, — וועל איך דיך פרעגען אַ רעטעניש: וואָס פליהט אָהן פליגעל? וואָס איז געמויערט אָהן ציגעל?

חיה'לע האָט געטראַכט און געטראַכט און האָט בשום אופן ניט געקענט טרעפען, וואָס דאָס מיינט.

— איך ווייס ניט, — האָט חיה'לע געזאָגט צו דער באָבען — זאָג מיר אויס, באָבע, וואָס דאָס איז, וועל איך דיר דערנאָכדעם זאָגען.

— איך וועל דיר זאָגען, — האָט די באָבע איר געענטפערט, — אַ שניי פליהט דאָך אָהן פליגעל, דער פראָסט איז געמויערט אָהן ציגעל.

חיה'לע'ן איז דאָס געפעלען געוואָרען, און זי האָט זיך אָנגערופען צו דער באָבען:

— גוט געזאָגט, באָבע!

די באָבע האָט איר נאָך אַמאָל אַ קוש געטאָן און געזאָגט

צו איר:

— איצט, חיה'לע, געה שלאָפען, און מאָרגען וועסטו אויפ־שטעהן, וועסטו נעמען דיין שליטעלע און פאָרען צום פעטער שנייער.

און די באָבע האָט אויסגעזונגען נאָך א לידעל:

דער פעטער שנייער האָט געריטען,
האָט געריטען אויף א שליטען,
מיט צוויי אינגעלאך געריטען
און א מיידעלע אינמיטען.
דער פעטער שנייער האָט געריטען,
האָט געריטען אויף א שליטען,
און ער הערט ניט אויף צו שיטען.



חיה'לע האָט געזאָגט א גוטע נאכט דער באָבען און איז גע־גאנגען שלאָפען. די מאַמע האָט חיה'לע'ן געהאָלפען אויסטאָן זיך, און חיה'לע האָט דער מאַמען אלעס דערציילט, וואָס די באָבע האָט איר דערציילט וועגען דעם פעטער שנייער מיט'ן ווייסען שלייער.

א גאַנצע נאכט האָט זיך חיה'לע'ן גע'חלומ'ט וועגען דעם פעטער שנייער. איר האָט זיך גע'חלומ'ט, ווי דער פעטער שנייער

איז געקומען צופאָרען אויף אַ גרויסען שליטען און ער האָט זי געפרעגט: „ווילסט, חיה'לע פאָרען מיט מיר אין שליטען?" און חיה'לע האָט געזאָגט, אַז יא. און דער פעטער שנייער האָט זי אריינגעזעצט אין זיין שליטען און דער שליטען איז געפלויגען באַרג-אַראָפּ, געפלויגען אַזוי שנעל, אַז חיה'לע'ן האָט דער קאָפּ פאַרדרעהט און זי איז שיעור פון שליטען ניט אַרויסגעפאַלען.

האָט זיך חיה'לע אויפגעכאַפּט מיט קולות: „מאַמע, איך פאַל אַרוים פון דעם פעטער שנייער'ס שליטען!" די מאַמע איז צו איר צוגעלאָפען און האָט איר גענומען גלעטען און קושען.

— נאַרעלע איינע, — האָט צו איר די מאַמע געזאָגט, — דיר האָט זיך דאָס גע'חלום'ט. דו פאַלסט ניט אַרוים פון שליטען. דו ליגסט אין דיין בעטעלע. שלאָף, מיין קינד!

איז חיה'לע צוריק איינגעשלאָפען און זי איז אַזוי אָפּגעשלאָפען ביז אין דערפריה. אין דערפריה איז זי אויפגעשטאַנען, האָט זי אָפּגעגעסען אויף גיך אָנבייסען און גענומען דאָס שליטעלע און איז אַרוים אויפ'ן גאַס.

אויפ'ן גאַס זענען שוין געשטאַנען אַלע קינדער מיט זייערע שליטעלאַך און זיי האָבען געטאַנצט און געשפרונגען און געזונגען:

עפענט אויף, עפענט אויף,
עפענט אויף דעם טויער!
ווער קומט? ווער קומט?
עס קומט דער פעטער שנייער,
מיט זיין ווייסען שלייער.
אַלעס האָט ער ווייס געמאַכט,
ווייס געמאַכט איבער נאַכט.

און חיה'לע האָט אויך געטאַנצט און געשפרונגען און געזונגען מיט אַלע קינדער אינאיינעם. דערנאָך זענען זיי געפאָרען אין די שליטעלאַך באַרג-אַראָפּ און דער פעטער שנייער איז ווידער געקומען צופליהען אָהן פליגעל און האָט באַשאָטען אַלע קינדער מיט ווייסינקע בלימעלאַך, און עס איז געווען אַזוי פריילאַך, אַזוי פריילאַך! און אַלע קינדער האָבען געלאַכט און חיה'לע האָט אויך געלאַכט.

# געצעלע מיט'ן קעצעלע

עס איז געווען אַ אינגעלע געצעלע, האָט ער געהאַט אַ קעצעלע, און וואו עס פלעגט געהן געצעלע, פלעגט מיט אים אויך געהן ס'קעצעלע, און אַלע פלעגען זאָגען:

— אָט געהט געצעלע מיט'ן קעצעלע!

איינמאָל אינדערפריה שטעהט אויף געצעלע, גיט ער אַ קוק, ס'איז ניטאָ דאָס קעצעלע!

האָט געצעלע גענומען רופען דאָס קעצעלע!

קעצעלע, קעצעלע!
קום צו דיין געצעלע!
נאַדיר אַ פלעצעלע
מיט מילך אויפ'ן טעצעלע!

אָבער דאָס קעצעלע האָט זיך ניט אָפּגערופען: מיאַו! מיאַו! ווי דאָס פלעגט אַלע מאָל טאָן, ווען געצעלע פלעגט עס רופען.

האָט געצעלע גענומען זוכען דאָס קעצעלע. זוכט ער און זוכט און קען דאָס ניט געפינען. זוכט ער אונטער'ן אויווען — ניטאָ דאָס קעצעלע! זוכט ער אונטער'ן בעט — ניטאָ דאָס קעצעלע! זוכט ער און נישטערט אין אַלע ווינקעלאַך — אַ נעכטיגער טאָג! דאָס קעצעלע איז ווי אין וואסער אריין.

האָט זיך געצעלע צעוויינט:

— מאַמע, וואו איז מיין קעצעלע?

זאָגט צו אים די מאַמע:

— איך ווייס ניט, געצעלע!

אָבער געצעלע איז צוגעשטאַנען צו דער מאַמען, זי זאָל אים נאָר זאָגען, וואו דאָס קעצעלע איז. די מאַמע האָט אָבער פאַרט ניט געוואוסט, זאָגט זי צו געצעלע'ן:

— דאָס קעצעלע איז אפשר ארונטער אין קעלער כאַפּען מייז.

איז געצעלע אַרונטער אין קעלער זוכען זיין קעצעלע. זוכט ער און זוכט, און קען ניט געפינען. זעהט ער אַ מייזעלע לויפט פאַרביי, פרעגט ער ביים מייזעלע:

— מייזעלע, מייזעלע, האָסטו געזעהן מיין קעצעלע?

ענטפערט דאָס מייזעלע:

— געצעלע, געצעלע, וואָס ווייס איך פון דיין קעצעלע? ווייסטו דען ניט, נאַרישער אינגעלע, אַז קאַץ און מויז וואוינען ניט אין איין הויז, און ווען זי געהט אַריין, מוז איך אַרויס? ניין, נאַרישער געצעלע! איך האָב ניט געזעהן דיין קעצעלע! ווען זי וואָלט דאָ געווען, וואָלסטו מיך שוין ניט געזעהן.

און דאָס מייזעלע איז אַנטלאָפען.

זעהט געצעלע אַן אַנדער מייזעלע לויפט פאַרביי, פרעגט ער עס:

— וואוהין לויפסטו, מייזעלע?

ענטפערט דאָס מייזעלע:

— איך לויף אין מיין הייזעלע.

פרעגט געצעלע:

— האָסטו געזעהן מיין קעצעלע?

ענטפערט דאָס מייזעלע:

— ניט אין מיין הייזעלע.

טראַכט געצעלע:

— מיין אָרעם קעצעלע! וואו זאָל איך עס זוכען? ניטאָ דאָס קעצעלע! ניט אויבען אין הויז און ניט אונטען ביי דער מויז.

געהט ער אַרויס פון קעלער און טראַכט, וואו זאָל ער געהן זוכען זיין קעצעלע. דערזעהט ער אינגעלאַך שטעהן. פרעגט ער זיי, צי זיי האָבען ניט געזעהן זיין קעצעלע. ענטפערען די אינגעלאַך:

געצעלע, געצעלע!
ווייסט, וואו איז דיין קעצעלע?
זי איז אַוועק צום קצב
גנב'ענען פלייש,
האָט ער איר געגעבען
אַ בריק און אַ שטויס.
האָט אָבער דאָס קעצעלע
פאַרלאָרען דעם זכרון,
איז זי געקומען
צום קצב צוריק,

האָט ער איר געגעבען
אַ שטוים און אַ בריק.
וואו זי איז איצטער,
ווייסען מיר ניט.
געצעלע, געצעלע,
דיין קעצעלע היט!

איז געצעלע אַוועק צום קצב זעהן, אפשר איז זיין קעצעלע נאָך דאָרטען. קומט ער צום קצב, זעהט ער, דאָרטען דרעהט זיך אַרום אַ הונט. אָבער זיין קעצעלע איז דאָרטען ניט געווען.

פרעגט געצעלע ביים קצב:

— וואו איז מיין קעצעלע?

זאָגט דער קצב:

— אַה, געצעלע, דאָס איז געווען דיין קעצעלע? איך האָב זי אַוועקגעטריבען.

פרעגט געצעלע:

— פאַרוואָס האָסטו אַוועקגעטריבען מיין קעצעלע? פאַרוואָס האָסטו דעם הונט ניט אַוועקגעטריבען?

ענטפערט דער קצב:

— דיין קעצעלע, געצעלע, איז אַ נאַשערין, אַ גנב׳טע. זי וואַרט ניט, ביז איך וועל איר געבען, נאָר זי כאַפּט אַליין. דער הונט אָבער וואַרט ביז איך וועל אים אַליין געבען.

האָט געצעלע גענומען וויינען:

— וואו זאָל איך איצט זוכען מיין קעצעלע?

האָט דער הונט דערזעהן, אַז געצעלע וויינט, האָט ער אויף אים רחמנות געקראַגען און זיך אָנגערופען צו אים:

— האַוו-האַוו, געצעלע! קום, איך וועל דיר געפינען דיין קעצעלע.

פרעגט געצעלע ביים הונט:

— ווי אַזוי קענסטו געפינען מיין קעצעלע?

ענטפערט דער הונט:

— מיט׳ן נאָז וועל איך שמעקען און מיט׳ן צונג וועל איך לעקען, ביז איך וועל געפינען דיין קעצעלע.

איז געצעלע אַוועק מיט'ן הונט זוכען זיין קעצעלע: דער הונט איז געלאָפען אַפריהער, האָט געדרעהט מיט'ן עק און מיט'ן נאָז געשמעקט און מיט'ן צונג געלעקט, און געצעלע איז געגאַנגען נאָך אים.

זענען זיי געגאַנגען און געגאַנגען, ביז זיי זענען געקומען צו אַ קראָם פון מילכיגס. שטעלט זיך דער הונט אָפּ און זאָגט צו געצעלע'ן:

— האַוו-האַוו, געצעלע! אָט דאָ אין קראָם איז דיין קעצעלע.

פרעגט געצעלע:

— וואָס טוט זי דאָ אין קראָם?

ענטפערט דער הונט:

— זי איז אַריין אַהער נאַשען מילך מיט פוטער, ווייל זי האָט געמיינט, דער קרעמער איז אַ גוטער. געה אַריין און נעם זי צו, איידער דער קרעמער וועט איר געבען איבער'ן קאָפּ.

זאָגט געצעלע:

— קום אַריין מיט מיר.

ענטפערט דער הונט:

— איך האָב דאָ ניט וואָס צו טאָן. איך דאַרף לויפען צוריק צום קצב כאַפּען אַ ביין. איך האָב דיר נאָר געוואָלט ווייזען דעם וועג. און אַחוץ דעם, לעב איך ניט בשלום מיט קעץ. האָסטו גאָר קיינמאָל ניט געזעהן, ווי אַזוי אַ הונט מיט אַ קאַץ שלאָגען זיך? נו, זיי מיר געזונט, געצעלע, און זעה היט דיין קעצעלע!

און דער הונט איז אַוועקגעלאָפען צוריק צום קצב, און געצעלע איז אַריין צום מילכיגען אין קראָם זוכען זיין קעצעלע.

פרעגט דער מילכיגער ביי געצעלע'ן:

— וואָס דאַרפסטו, געצעלע?

ענטפערט געצעלע:

— איך זוך מיין קעצעלע.

זאָגט דער מילכיגער:

— איך האָב מורא, געצעלע, אַז דיין קעצעלע איז ביים קצב אויפ'ן קלעצעלע.

זאָגט געצעלע:

— איך בין שוין געווען ביים קצב, איז מיין קעצעלע ביי אים ניטא אויפ׳ן קלעצעלע. און דער הונט האט מיך אהער געבראכט.

זאגט דער מילכיגער:

— גוט. וועלען מיר דא א זוך טאן.

האט דער מילכיגער געזוכט און געזוכט, ביז ער האט געפונען דאס קעצעלע, צווישען די קריגלאך סמעטענע.

האט זיך דערפרייט געצעלע, וואס ער האט געפונען זיין קעצעלע. און געצעלע האט שוין געוואלט נעמען אהיים זיין קעצעלע.

רופט זיך צו אים אן דער מילכיגער:

— ווארט, געצעלע! איך וועל אפריהער א קוק טאן, צי דיין קעצעלע האט ניט גענאשט ביי מיר קיין סמעטענע. אויב יא, וועט זי מיר מוזען באצאלען.

האט דער מילכיגער איבערגעקוקט אלע קריגלאך מיט סמעטענע, זעהט ער, אז פון איין קריגעל פעלט סמעטענע. פרעגט דער מיל-כיגער ביים קעצעלע:

— זאג דעם אמת, האסטו געגעסען די סמעטענע פון דעם קריגעל?

ווישט אפ דאס קעצעלע די ווענצעלאך און זאגט:

— ווער, איך? איך האב ניט געגעסען דיינע סמעטענע. גיב א קוק אויף מיינע וואנצען, זעה, ווי ריין זיי זענען.

אבער דער מילכיגער האט איר ניט געוואלט גלויבען.

— איך קאן דיך, גנב׳טע! — האט ער געזאגט, — זיי מוחל און באצאל פאר די סמעטענע, אויב ניט, לאז איך דיך אהיים ניט געהן, און געצעלע וועט בלייבען אהן א קעצעלע.

רופט זיך אן דאס קעצעלע:

— אבער איך האב קיין געלט ניט. ווייסטו גאר וואס? וועל איך בלייבען ביי דיר היטען די קראם פון מייז, זיי זאלען ניט אויפ-עסען די קעז מיט די פוטער.

זאגט דער מילכיגער:

— איך בין דיר מוחל די טובה, קעצעלע! דו קענסט נאך מער אויפנאשען, וויפיל די מייז וועלען ביי מיר אויפעסען. דו באצאל מיר בעסער פאר די סמעטענע און געה זיך געזונטערהייט אהיים.

זאָגט ווידער דאָס קעצעלע:

— אָבער איך האָב דאָך קיין געלט ניט, האָב איך דיר געזאָגט!

רופט זיך אָן דער מילכיגער:

— נו, טאָ זאָל באַצאָלען געצעלע פאַר זיין קעצעלע!

און אַזוי איז דאָס געווען, און געצעלע איז אַוועק אַהיים מיט זיין קעצעלע.

## א מעשה מיט א שניי מענשעלע

דאָס איז געווען איינמאָל אַ ווינטער אינדערפריה, זענען די קינדער אַרויס אין גאַס, האָבען זיי דערזעהן, עס ליגט אַ סך שניי. רופט זיך אָפּ איינער, אַ יונג מיט ביינער:

— ווייסט איהר וואָס, קינדער? לאָמיר נעמען און מאַכען אַ מענשעלע פון שניי.

זאָגט אַ צווייטער, און מיט'ן קאָפּ דרעהט ער:

— ניין, עס טויג ניט אין גאַס צו מאַכען אַ מענשעלע פון שניי. ווייל עס קען נאָך אָנפאָרען אַ וואָגען אָדער אַן אויטאָמאָביל און איבערפאָרען דאָס מענשעלע, וואָס מיר וועלען מאַכען פונ'ם שניי. קומט בעסער אין פארק, וועלען מיר דאָרטען געפינען אַ שטילען אָרט און דאָרטען ערשט וועלען מיר מאַכען אַ מענשעלע פון שניי.

זענען אַלע קינדער אַוועק אין פארק און זיי האָבען געפונען דאָרטען אַ שטילען אָרט און האָבען גענומען גלייך מאַכען אַ מענשעלע פון שניי.

שנעל האָבען די קינדער געאַרבייט, און באַלד איז ביי זיי פאַרטיג געוואָרען דאָס מענשעלע, מער ניט אַנשטאָט אויגען האָט דאָס מענשעלע געהאַט אַ פּאָר לעכער, און די קינדער האָבען געוואָלט, עס זאָל אויסקוקען ווי אויגען, ניט ווי לעכער.

האָבען זיי געטראַכט, וואָס צו טאָן. רופט זיך אָפּ איין אינגעלע מיט שוואַרצינקע אויגעלאַך:

— ווייסט איר גאָר וואָס, קינדער? לאָמיר אים אַריינשטעקען אין די לעכער צוויי קוילען, וועט ער האָבען אַזעלכע שוואַרצע אויגען ווי איך.

איז דאָס די קינדער זעהר געפעלען געוואָרען, האָבען זיי גע־פונען אַ פּאָר קוילען און אַריינגעשטעקט דעם שניי-מענשעלע אין די לעכער, און דאָס שניי-מענשעלע האָט געקראָגען אַזעלכע שוואַרצע אויגען ווי דאָס אינגעלע מיט די שוואַרצינקע אויגעלאַך.

האָבען די קינדער געקוקט אויפ׳ן שניי-מענשעלע און האָבען גאַר אָנגעקוואָלען פאַר פרייד. רופט זיך אָן דער איינער, דער יונג מיטביינער:

— און ווי זאָלען מיר אים רופען אונזער שניי-מענשעלע?

האָבען זיי געטראַכט און געטראַכט, און ניט געקענט אויס־טראַכטען קיין נאָמען פאַר׳ן שניי-מענשעלע. זאָגט דאָס אינגעלע מיט די שוואַרצע אויגעלאַך:

— איך וויים אַ נאָמען!

פרעגען אַלע קינדער:

— ווי? ווי?

ענטפערט דאָס אינגעלע מיט די שוואַרצע אויגעלאַך:

— שנייערעל וועלען מיר אים רופען, ווייל פון שניי איז ער געמאַכט.

האָבען אַלע קינדער גענומען שרייען:

— יאַ, יאַ, שנייערעל!

און זיי האָבען גענומען טאַנצען און שפּרינגען און זינגען:

— שנייערעל הייסטו,
ווי א גולם שטעהסטו,
און אויפ׳ן זון צעגעהסטו.

איז געקומען צופליהען אַ ווינט און האָט גענומען בלאָזען אויף שנייערלען. האָט זיך שנייערעל גענומען שאָקלען. האָבען די קינדער געמיינט, אַז שנייערעל וויל זיי עפּעס זאָגען. אָבער שנייערעל האָט דאָך ניט געהאַט קיין צינגעלע, מיט וואָס צו רעדען. האָבען די קינדער גענומען לאַכען און זינגען:

— שנייערעל אינגעלע,
האָסט ניט קיין צינגעלע,
אזוי ווי א אינגעלע.
האָסט ניט קיין ציינדעלאַך,

האָסט ניט קיין ביינדעלאַך.
זאָלסטו דאָ שטעהן,
ביז דו'סט צעגעהן.

זענען אַלע קינדער אַוועק אַהיים און האָבען איבערגעלאָזען שנייער'לען אַליין.



איז שנייערעל געשטאַנען און געשטאַנען איינער אַליין אין פּאַרק, ביז עס איז פאַרבייגעגאַנגען אַ גרויסער נאַר, כאָטש אין קוימען שפּאַר. האָט דער גרויסער נאַר דערזעהן שנייערעל שטעהט אַליין, האָט ער געמיינט, אַז דאָס איז ניט קיין מענשעלע פון שניי, נאַר טאַקע אַן אמת'ער מענש, אַ אינגעלע, אַזוי ווי אַלע אינגעלאַך,

נאָר ער איז מסתמא געפאַלען, טראַכט ער, און האָט זיך דאָס איינ־געקייקעלט אין שניי. טראַכט דער גרויסער נאַר: אַה, ס'אַרא רחמנות אויפ'ן אינגעלע איז! שטעהט נעבאַך איינער אַליין אין אַזא ביטערען פראָסט. ער איז אודאי דערפראָרען געוואָרען. מען דאַרף אים נעמען אַהיים און אָנוואַרימען אים.

דער גרויסער נאַר האָט געמיינט, אַז דאָס שניי־מענשעלע איז אַ לעבעדיג באַשעפעניש, אויף וועלכען מען דאַרף רחמנות האָבען.

פרעגט דער גרויסער נאַר ביים שניי־מענשעלע:

— זאָג, ווי רופט מען דיך, אינגעלע?

אָבער דאָס שניי־מענשעלע האָט דאָך ניט געהאַט קיין צינגעלע אַזוי ווי אַ אינגעלע, האָט ער דאָס ניט געקענט ענטפערן. אָבער דער גרויסער נאַר האָט דאָס ניט געוואוסט, נאָר ער האָט געמיינט, אַז פאַר קעלט איז ביי אים אָפּגענומען געוואָרען דאָס לשון. רופט ער זיך אָן, דער גרויסער נאַר:

— אַך, אָרים אינגעלע, דו האָסט אָפּגעפראָרען דיין צינגעלע און דו קען ניט רעדען! קום, אינגעלע, צו מיר אַהיים, וועסטו זיך אָנוואַרימען.

שניירעל האָט טאַקע געהאַט פיסעלאַך, אָבער געהן מיט זיי האָט ער ניט געקענט, ווייל ער איז געווען אַ שניי־מענשעלע, ניט קיין לעבעדיג אינגעלע. אָבער דער גרויסער נאַר האָט דערפון ניט געוואוסט. טראַכט דער גרויסער נאַר: אַה, ס'אַרא רחמנות אויפ'ן אינגעלע! ער האָט אודאי די פיסעלאַך אָפּגעפראָרען און ער קען ניט געהן.

רופט זיך אָן דער גרויסער נאַר צום שניי־מענשעלע:

— קום אינגעלע, איך וועל דיך נעמען אויף די הענט און אוועק־טראָגען צו מיר אַהיים, וועסטו זיך אָנוואַרימען.

האָט דער גרויסער נאַר גענומען שניירלען אויף די הענט און אים אוועקגעטראָגען צו זיך אַהיים. אין דערהיים האָט דער נאַר געמאַכט דעם אויוועןּ, און אַז דער אויוועןּ איז גוט ווארים געוואָרען, האָט ער שניירלען אַוועקגעזעצט אויפ'ן אויוועןּ, ער זאָל זיך אָנ־וואַרימען.

איז שנייערלען געוואָרען זעהר היים, האָט ער גענומען צע־געהן. האָט שנייערעל גענומען שוויצען און וואַסער פון אים זיך גיסען און שפּריצען. האָט זיך דער גרויסער נאַר זעהר דערשראָקען, און ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן.

איז ער אַרויסגעלאָפען אויפ'ן גאַס מיט קולי־קולות: ראַטעוועט! אַ מענש געהט אוים! — זענען געקומען צעלויפען אַלע קינדער. האָט זיי דער גרויסער נאַר גערופען אין הויז אַריין. זענען די קינדער אַריין אינוויינינ און זיי האָבען דערקענט דאָס שניי־מענשעלע וואָס זיי האָבען געמאַכט. האָבען זיי געמאַכט אַ גרויסען געלעכטער און גענומען זינגען:

— גרויסער נאַר,
גרויסער צער,
אי, ביסטו אַ מבין!
נעמסט אַ מענש
פון שניי געמאַכט,
און זעצט אים אויפ'ן אויווען.
כאַ־כאַ־כאַ, גרויסער נאַר!
כאַ־כאַ־כאַ, גרויסער צער!

און דער גרויסער נאַר האָט דעמאָלט דערזעהן זיין גרויסע נארישקייט און ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, מער קיין נאַר ניט צו זיין.



# מיכעלאַך און שיכעלאַך

מיכעלע איז געווען אַ איגגעלע, וואָס האָט געהאַט אַ שיכעלע אויף יעדען פיסעלע, וואָרים עס זענען דאָ אויך מיכעלאַך, וואָס האָבען ניט קיין שיכעלאַך.

געהט אַזוי איינמאָל אין גאַס מיכעלע און אויף יעדען פיסעלע טראָגט ער אַ שיכעלע. קומט אָן אַנטקעגען אַן אַנדער מיכעלע, פון די מיכעלאַך, וואָס האָבען ניט קיין שיכעלאַך.

מיכעלע מיט די שיכעלאַך האָט ניט געזעהן דעם מיכעלע אָהן די שיכעלאַך. אָבער מיכעלע'ס שיכעלאַך האָבען יאַ דערזעהן דעם מיכעלע אָהן די שיכעלאַך, ווייל ער האָט אויף זיי זעהר שטאַרק געקוקט, און ער האָט אין דער שטיל געזאָגט:

— אַ, ווען איך האָב אַזעלכע שיכעלאַך!

רופט זיך אָן איין מיכעלע'ס שיכעלע צום אַנדערען שיכעלע:

— זעהסט, חבר-שיכעלע, אַ באָרוויסער מיכעלע? לאָמיר אַראָפּגעהן פון אונזער מיכעלע'ס פיסעלאַך און אַרויפגעהן צו דעם באָרוויסען מיכעלע אויף די פיסעלאַך.

זאָגט דאָס אַנדער שיכעלע:

— ווערט דאָך ד ע ר מיכעלע בלייבען אָהן אַ ברעקעל שיכעלע!

זאָגט דאָס ערשטע שיכעלע:

— זיין טאַטע און זיין מאַמע האָבען געלט, וועלען זיי אים קויפען אַנדערע שיכעלאַך. אָבער טאַטע-מאַמע פון דעם באָרוויסען מיכעלע האָבען ניט קיין געלט.

זאָגט דאָס צווייטע שיכעלע:

— ביסט גערעכט, חבר-שיכעלע. אָבער מיר קענען דאָך ניט לאָזען אונזער מיכעלע'ן אין מיטען גאַס אָהן שיכעלאַך. אָט זאָל ער קומען אַהיים און אויסטאָן אונז און לייגען זיך שלאָפען, וועלען מיר ביידע נעמען און אַוועקגעהן צום באָרוויסען מיכעלע.

איז מיכעלע מיט די שיכעלאַך אַוועק אַהיים, האָט אָפּגעגעסען זיין אָוונט-מאָלצייט, זיך אויסגעטאָן און געלייגט זיך שלאָפען, און זיינע שיכעלאַך האָט ער אַוועקגעשטעלט, ווי אַלע מאָל, לעבען בעטעלע.

אַז מיכעלע איז איינגעשלאָפֿען, רופֿט זיך אָן איין שיכעלע צום צווייטען:

— אויף גיך לאָמיר לויפֿען, חבר-שיכעלע, צום באָרוויסען מיכעלע.

האָבען זיי זיך ביידע געלאָזט לויפֿען, איז איין שיכעלע אַוועק־געלאָפֿען, אָבער דאָס צווייטע שיכעלע האָט זיך פֿאַרטשעפּעט אָן דעם אייגענעם שנירעל און איז געבליבען אַזוי ליגען, ביז עס איז געוואָרען טאָג און מיכעלע איז אויפֿגעשטאַנען.

זעהט מיכעלע, עס פֿעלט אַ שיכעלע. טראַכט מיכעלע: ווי קען דאָס זיין אַ מיכעלע מיט איין שיכעלע? אַלע טאָג טוט ער אָן צוויי שיכעלאַך, און נעכטען ביינאַכט האָט ער אויך אויסגעטאָן צוויי שיכעלאַך? אפשר איז איין שיכעלע אַוועק מיט אַ פּיסעלע?

גיט מיכעלע אַ קוק: ביידע פּיסעלאַך! היינט וואו האָט געקענט אַהינקומען אַ שיכעלע? קען דאָס זיין, אַז דאָס שיכעלע איז אַליין אַוועק אָהן אַ פּיסעלע? מען דאַרף אָקערשט פֿרעגען ביים שיכעלע, וואָס איז איבערגעבליבען: אפשר ווייסט דאָס איבער־געבליבענע שיכעלע, וואו ס׳איז אַוועק יענעם שיכעלע?

אַזוי טראַכט זיך מיכעלע, און ער גיט אַ פֿרעג ביים איבער־געבליבענעם שיכעלע:

— שיכעלע, שיכעלע,
זאָג דו מיר נאָר!
זאָג דיין קליין מיכעלע,
וואו איז דיין פּאָר?

ענטפֿערט דאָס איבערגעבליבענע שיכעלע:

— מיכעלע, מיכעלע,
כ׳ווייס, וואו דיין שיכעלע,
וואָס דו פֿלעגסט טראָגען
צוזאַמען מיט מיר,
אויסזאָגען אָבער
קען איך ניט דיר.

פֿרעגט מיכעלע:

— פֿאַרוואָס?

ענטפערט דאָס שיכעלע אויף קאַטאָוועס:

— פאַר שבת.

בעט זיך מיכעלע ביים שיכעלע:

— זאָג מיר אָהן המצאות, זאָג מיר אויס, וועל איך דיר קויפען נייע שנירלאַך און איך וועל דיך נעמען צום שטיוועל-פוצער, ער זאָל דיך אויספוצען און דו וועסט שיינען ווי אַ ניי שיכעלע.

ענטפערט דאָס שיכעלע:

— מיכעלע, מיכעלע,
וואָס טויג דיר איין שיכעלע?
וואָס טויג מיר דער שיין?
כ'קען איינער ניט זיין.

זאָגט מיכעלע:

— נו, טאָ געה זוך אויף יענעם שיכעלע און קום צוריק מיט אים צו דיין מיכעלע, וועט איר ווידער זיין צוויי.

ענטפערט דאָס שיכעלע:

— ניין, מיין ליבער מיכעלע! איך וויל שוין אויך ניט בלייבען דיין שיכעלע, און איך וועל אַוועק וואוהין מיין חבר איז אַוועק. און דו, מיכעלע, וועסט שוין קויפען נייע שיכעלאַך.

זאָגט מיכעלע:

— ניין, איך וועל דיך ניט לאָזען אַוועקגעהן פון מיר.

זאָגט ווייטער דאָס שיכעלע:

— מיכעלע, מיכעלע,
וואָס טויג דיר איין שיכעלע?
כ'וויל ניט זיין איינער אליין,
לאָז מיך צום אַנדערען שיכעלע געהן.

זאָגט מיכעלע צום שיכעלע:

— ניין, איך וועל דיך ניט לאָזען געהן, וואו דו וועסט מיר ניט זאָגען, וואו דאָס איז.

האָט דאָס שיכעלע דערציילט מיכעלע'ן די גאַנצע מעשה מיט'ן באָרוויסען אינגעלע, וואָס איז פון די מיכעלאַך, וועלכע האָבען ניט קיין שיכלאַך. אָבער מיכעלע האָט זעהר האָלט געהאַט זיינע

שיכעלאַך און ער האָט זיי געהאַלטען זעהר ריין און געפירט רק צום שטיוועל-פוצער פוצען זיי. זאָגט מיכעלע צום שיכעלע:

— אָבער דער באָרוויסער מיכעלע האָט ניט קיין געלט, און ער וועט אייך ניט קענען פירען צום שטיוועל-פוצער פוצען און רייניגען און ער וועט אייך ניט קענען קויפען קיין נייע שנירלאַך אַלע ווײַלע.

זאָגט דאָס שיכעלע צו מיכעלע:

— איז ווייטער אַ דאגה! אַבי דעם באָרוויסען מיכעלע וועט זיין וואַרים און טרוקען אין די פיסעלאַך.

זאָגט מיכעלע צום שיכעלע:

— נו, איז געה געזונטערהייט צום באָרוויסען מיכעלע און פּראָגט זיך ביידע געזונטערהייט אויף זיינע פיסעלאַך, און איך וועל שוין בעטען ביי דער מאַמען, ווי זאָל מיר קויפען אַנדערע שיכעלאַך.

און מיכעלע האָט געגעבען דעם שיכעלע אויפ'ן וועג צוויי פּאָר שנירלאַך נייע און אַ בערשטעל מיט שוה-וואַקס, אַז דער באָר-וויסער מיכעלע זאָל קענען האַלטען ריין די שיכעלאַך און פוצען זיי. און דאָס שיכעלע איז אַוועק, שפּרינגענדיג און טאַנצענדיג, צום באָרוויסען מיכעלע.

ווען דאָס שיכעלע איז געקומען צום הייזעל פון דעם באָרוויסען מיכעלע, האָט ער דערהערט, ווי דער באָרוויסער מיכעלע זאָגט צו דעם איין שיכעלע:

— וואָס זאָל איך טאָן, איך באָרוויסער מיכעלע?
וואָס קען איך טאָן מיט איינעם אַ שיכעלע?
זאָל איך אויף איין פוס טראָגען,
וואָס וועט דער צווייטער פוס זאָגען?

און דאָס שיכעלע ענטפערט דעם באָרוויסען מיכעלע:

— וויין ניט, וויין ניט, מיכעלע,
באַלד קומט נאָך אַ שיכעלע.

און ביי די ווערטער איז דאָס צווייטע שיכעלע אַריין צום באָרוויסען אינגעלע אין הייזעלע, און דער באָרוויסער מיכעלע האָט שוין געהאַט נאָך אַ שיכעלע, און אים איז געווען טרוקען און וואַרים אין ביידע פיס.

# א מעשה מיט צוויי פייגעלאך

אַמאָל איז געווען אַ פייגעלע, ניט אַ פייגעלע פון הימעל, נאָר אַ פייגעלע אויף דער ערד, אַ פייגעלע אַ מיידעלע, אַ מיידעלע אין אַ קליידעלע, און גערופען האָט מען זי פייגעלע.

איז פייגעלע דאָס מיידעלע אַרומגעגאַנגען און אַרומגעלאָפען אויף דער ערד, אַזוי ווי אַלע אַנדערע מיידעלאַך, וואָס זיי טראָגען קליידעלאַך. האָט זי איינמאָל דערזעהן אַ פייגעלע פליהענדיג, אַ פייגעלע פון הימעל. האָט זיך פייגעלען פון דער ערד אויך פאַרוואָלט פליהען. אָבער זי האָט ניט געהאַט קיין פליגלען, נאָר הענטעלאַך, און מיט הענטעלאַך קען מען טאָן אַלצדינג אין דער וועלט, אָבער ניט פליהען, אַזוי ווי מען קען פליהען מיט פליגלען.

האָט פייגעלע-מיידעלע גענומען זינגען צו פייגעלען פון הימעל:

פייגעלע, פייגעלע —
פּי! פּי! פּי!
פון וואַנען קומסטו?
פון ניט הי.
ווען'סטו פליהען?
מאָרגען פריה!
ווער וועט פליהען?
איך מיט דיר!
פייגעלע, פייגעלע,
פליה, פליה, פליה!

איז פייגעלע פון הימעל געפלויגען און געפלויגען, ביז עס האָט זיך איר פאַרוואָלט עסען. האָט זי מיט אַמאָל דערזעהן אַ ברעקעל ברויט ליגענדיג אויף דער ערד לעבען פייגעלע-מיידעלע. האָט זי געוואָלט אַרונטער, כאַפּען דאָס ברעקעל. האָט זי אָבער מורא געהאַט פאַר פייגעלע-מיידעלע, ווייל זי האָט געוואוסט, אַז עס זיינען פאַראַן קינדער, וואָס האָבען ליב צו כאַפּען פייגעלאַך און צו האַלטען זיי אין די הענט און קוועטשען זיי. און אַ פייגעלע האָט ליב צו זיין פריי און אַרומפליהען.

האָט פייגעלע-מיידעלע דערזעהן, ווי פייגעלע פון הימעל פליהט און קוקט אויפ׳ן ברעקעל ברויט. האָט פייגעלע-מיידעלע געמיינט, אַז דאָס פייגעלע פון הימעל קען ניט דערלאַנגען דאָס ברעקעל ברויט, דערפאַר וואָס דאָס ליגט צו נידעריג אויף דער ערד. האָט פייגעלע-מיידעלע אויפגעהויבען דאָס ברעקעל ברויט פון דער ערד און גע-רופען פייגעלע׳ן פון הימעל:

פייגעלע, פייגעלע,
מאַך צו דאָס אויגעלע!
זיי ניט פויל
און עפען דאָס מויל!

רופט זיך אָן פייגעלע פון הימעל צו פייגעלע׳ן אויף דער ערד:

— ניין, מיידעלע, איך עס קיינמאָל ניט ביי אַ מענשען פון האַנט, ווייל איך האָב מורא פאַר מענשליכע הענט. לייג אַוועק צוריק דאָס ברעקעל אויף דר׳ערד און קער זיך אָפּ, וועל איך עס צוכאַפּען און אַנטלויפען.

האָט פייגעלע-מיידעלע אַזוי געטאָן, און פייגעלע פון הימעל האָט גלייך אַ פליה געטאָן צום ברעקעל, אַ כאַפּ געגעבען דאָס מיט׳ן שמאָלען און שאַרפען שנעבעלע און געוואָלט שוין אַנטלויפען דערמיט. אָבער פייגעלע-מיידעלע האָט זיך גענומען בעטען ביי פייגעלען פון הימעל, זי זאָל זי אויך נעמען מיט זיך, וואוהין זי פליהט.

האָט פייגעלע פון הימעל געזאָגט צו פייגעלע-מיידעלע:

— ניין, מיידעלע, נאָר פייגעלאַך קענען פליהען.

זאָגט פייגעלע-מיידעלע:

— איך בין דאָך אויך אַ פייגעלע. אַלע רופען מיך פייגעלע. פרעג, וועט מען דיר זאָגען.

זאָגט פייגעלע פון הימעל:

— אָבער דו טראָגסט אַ קליידעלע, און איך טראָג פעדערלאַך. זעהסט?

— אָבר זעה, ס׳אַרא שיינע הערעלאַך איך האָב! — האָט פייגעלע-מיידעלע זיך אָנגערופען, — בלאָנדע הערעלאַך, שיינע הערעלאַך, שענער פון דיינע פעדערלאַך!

— יאָ, — האָט פייגעלע פון הימעל צוריק געזאָגט, — מיט

הערעלאַך אָבער קען מען ניט פליהען. מען מוז האָבען פליגעלאַך אַזוי ווי איך. מען דארף פּאַטשען מיט די פליגעלאַך און פליהען.

— וועל איך פּאַטשען מיט די הענטעלאַך און פליהען, — האָט פייגעלע-מיידעלע געזאָגט.

— איך האָב מיט דיר קיין צייט ניט צו רעדען, — האָט פייגעלע פון הימעל געזאָגט, — מיינע קינדערלאַך ווארטען אויף מיר. זיי זיצען אין נעסט און ווארטען אויף מיר, איך זאָל זיי ברייננגען עפּעס עסען. זיי זענען הונגעריג.

און פייגעלע פון הימעל האָט אַ מאַך געטאָן מיט אירע פליגעלאַך און איז אוועקגעפלויגען. האָט פייגעלע-מיידעלע געוואָלט איר נאָכמאַכען און זי האָט אויך אַ מאַך געטאָן מיט אירע הענטעלאַך. אָבער פליהען האָט זי אַלץ ניט געקענט. איז זי אוועקגעלאָפען אהיים צו דער מאַמען מיט אַ געוויין:

— מאַמע! איך וויל פליהען.

זאָגט צו איר די מאַמע:

— נאַריש קינד, וואָס איז דיר דאָס איינגעפאַלען? ווי אַזוי קענסטו פליהען?

רופט זיך אָן פייגעלע:

— טאָ פאַרוואָס פליהט יענע פייגעלע, וואָס אויפ׳ן הימעל? אַלע פייגעלאַך פליהען, וויל איך אויך פליהען.

האָט זיך די מאַמע צעלאַכט און געזאָגט:

— יאָ, אָבער דו ביסט דאָך ניט קיין פייגעלע? מען רופט דיך נאָר פייגעלע, אָבער אַזוי ביסטו אַ מיידעלע. און מיידעלאַך קענען ניט פליהען, סיידען אויף אַן עראָפּלאַן.

— נו, טאָ וויל איך פליהען אויף אַן עראָפּלאַן, — האָט פייגעלע געזאָגט.

— רעכט, — האָט די מאַמע געענטפערט, — דער טאַטע וועט קומען, וועסטו אים בעטען, וועט ער דיך נעמען פליהען אויף אַן עראָפּלאַן.

האָט פייגעלע געוואַרט, ביז דער טאַטע איז געקומען, און אַז דער טאַטע איז געקומען, האָט זי אים דערציילט די גאַנצע מעשה

מיט׳ן פייגעלע און זי האָט אים געזאָגט, אַז זי וויל אויך פליהען, זאָל ער זי נעמען אויף אַן עראָפּלאַן.

האָט דער טאַטע צוגעזאָגט פייגעלען, אַז ער וועט זי נעמען אַמאָל אויף אַן עראָפּלאַן פליהען. האָט פייגעלע געוואַרט און גע-וואַרט און דערווייל האָט זי געקוקט, ווי יענע פייגעלע פליהט און זי האָט איר שטאַרק מקנא געווען, וואָס זי פליהט.

— וואַרט, איך וועל אויך פליהען, אויף אַן עראָפּלאַן! — האָט פייגעלע-מיידעלע געזאָגט צו פייגעלע פון הימעל.



און פייגעלע-מיידעלע איז טאַקע געפלויגען אויף אַן עראָפּלאַן. זי איז געפלויגען ווי אַ פייל פון בויגען און האָט געזוכט יענע פייגעלע, צו ווייזען איר, אַז זי פייגעלע-מיידעלע קען אויך פליהען.

ענדליך האָט פייגעלע- מיידעלע דערזעהן פייגעלען פון הימעל, און ווען זי האָט זי דערזעהן, האָט זי גענומען פּאַטשען מיט די הענטעלאַך און זינגען:

פייגעלע, פייגעלע,
פי, פי, פי!
גיב אַ קוק,
ווי איך פליה.
איך פליה אויך,
אין דער הויך.

האָט פייגעלע פון הימעל אַ קוק געטאָן אויפ'ן עראָפּלאַן, אין וועלכען פייגעלע-מיידעלע איז געפלויגען, האָט זי געמיינט, אַז דאָס איז אַ שטייג. האָט זיך פייגעלע פון הימעל געוואונדערט, ווי אַזוי קען מען דאָס אַרומפליהען זיצענדיג אין אַ שטייג. האָט איר פייגעלע-מיידעלע געזאָגט, אַז דאָס איז אַן עראָפּלאַן, ניט קיין שטייג, אין וועלכען מען האַלט די פייגעלאַך איינגעשפּאַרט.

האָט פייגעלע פון הימעל אַ פּאַטש געטאָן מיט די פליגעלאַך און זיך אָנגערופען צו פייגעלע-מיידעלע:

— פליה געזונט, פייגעלע-מיידעלע, און קום געזונט צו דיין מאַמען אַהיים.

האָט פייגעלע-מיידעלע אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענטעלאַך און געענטפערט:

— דו פליה אויך געזונט, פייגעלע פון הימעל, און קום געזונט צו דיינע קינדערלאַך אין נעסט, און קום אַמאָל צו מיר אויך אין גערטל.

פייגעלע פון הימעל האָט צוגעזאָגט, אַז זי וועט קומען צו פייגעלען אויף דער ערד. און זי איז טאַקע געקומען און פייגעלע האָט זי פיין אויפגענומען. זי האָט פאַר איר געמאַכט אַ גאַנצע סעודה, און אַ קלעזמער האָט געשפּילט אויף אַ דודע, און ביידע פייגעלאַך האָבען געזונגען און דערצו אויך געטאַנצט און געשפּרונגען.

אַ פלעקעלע אַריין, אַ פלעקעלע אַרויס: איין פייגעלע איז אַוועקגעפלויגען, די אַנדערע איז געבליבען אין הויז.



# צירעלע און מירעלע

צירעלע און מירעלע זענען געווען צוויי חבר'טעס. זיי זענען געווען אַזוי צוגעבונדען איינע צו די אַנדערע, אַז צירעלע האָט ניט געקענט לעבען אָהן מירעלען און מירעלע האָט ניט געקענט לעבען אָהן צירעלען.

געוואוינט האָבען זיי ביידע אויף איין גאַס, און ניט נאָר אויף איין גאַס, נאָר אויך אין איין הויז, אַ טיר לעבען אַ טיר, און ווי צירעלע פלעגט אָפּעסען אינדערפריה אָנבייסען, אַזוי פלעגט זי אַוועק־געהן צו מירעלען שפּילען זיך און אָפּשפּילען זיך ביז וואַרמעס, און נאָך וואַרמעס פלעגט מירעלע אַריינגעהן צו צירעלען שפּילען זיך און אָפּשפּילען זיך ביז וועטשערע, און נאָך וועטשערע פלעגען זיי שוין געהן שלאָפען, ווייל זיי זענען נאָך געווען קליינע מיידעלאַך אין קורצע קליידעלאַך, און קליינע מיידעלאַך אין קורצע קליידעלאַך געהען פריה שלאָפען, פונקט ווי קליינע אינגעלאַך געהען אויך פריה שלאָפען. ווען זיי שלאָפען, וואַקסען זיי, די קליינע מיידעלאַך מיט די קליינע אינגעלאַך, און וואָס פריהער זיי געהען שלאָפען, אַלץ גיכער וואַקסען זיי.

שלאָפען קינדער, וואַקסען זיי,
וואַקסען ווי אויף הייוועז;
און די בעקלאַך ווערען רויט,
ווי ביים ברויט אין אויוועז.

און צירעלע און מירעלע האָבען גע'חלש'ט ווערען גרויסע מיידעלאַך, וואָרים אַז צירעלע אָדער מירעלע פלעגט בעטען ביי דער מאַמען אַ גרעסערען שטיק לעקאַך אָדער אַן אַנדער גוטע זאַך, וואָס מען קען ניט געבען קיין סך, פלעגט די מאַמע, צירעלע'ס אָדער מירעלע'ס, זאָגען: „וועסט גרעסער ווערען, וועסטו קריגען מער".
נו, האָבען זיי געוואַרט, צירעלע און מירעלע, ביז זיי וועלען גרעסער ווערען און דערווייל האָבען זיי זיך געשפּילט, און אַלעמאָל האָט מען זיי געזעהן ביידען שפּילענדיג זיך, ביידען צוזאַמען, אי אין שטוב, אי אין גאַס, ווייל זיי האָבען דאָך ביידע געוואוינט אויף איין גאַס,

און ניט נאָר אויף איין גאַס, נאָר אויך אין איין הויז, אַ טיר לעבען אַ טיר.

איינמאָל מאַכט די מאַמע צו צירעלע:

— ווייסט צירעלע, מיר קלייבען זיך דאָך אַרוים אויף אַן אנדער גאַס, אין אַן אַנדער הויז, ווייט פון דאַנען. מאָרגען קלייבען מיר זיך אַרוים.

פרעגט צירעלע:

— און מירעלע?

ענטפערט די מאַמע:

— מירעלע וועט דאָ בלייבען מיט איר טאַטען און מיט איר מאַמען.

האָט זיך צירעלע צעוויינט:

— מיט וועמען וועל איך זיך שפּילען?

מאַכט די מאַמע:

— מיט אַן אַנדער מיידעלע.

זאָגט צירעלע:

— ניין, איך וויל ניט קיין אַנדער מיידעלע. איך וויל מירעלען. איך וועל גענן זאָגען איר, זי זאָל אויך אַרויסקלייבען זיך אין אַן אַנדער הויז.

און צירעלע איז אַריינגעלאָפען צו מירעלען און האָט איר דערציילט, אַז זיי קלייבען זיך אַרוים אין אַן אַנדער הויז און זי זאָל זיך אויך אַרויסקלייבען.

מאַכט מירעלע:

— איך וועל בעטען מיין מאַמען.

און זי לויפט צו צו דער מאַמען און מאַכט צו איר:

— מאַמע, קלייב זיך אויך אַרוים אין אַן אַנדער הויז, אַזוי ווי מירעלע׳ס מאַמע.

זאָגט די מאַמע:

— ניין, מירעלע, מיר בלייבען דאָ וואוינען.

האָט זיך מירעלע צעוויינט:

— מיט וועמען וועל איך זיך שפּילען?

מאַכט די מאַמע:

— מיט אַן אַנדער מיידעלע.

זאָגט מירעלע, אַזוי ווי צירעלע:

— ניין, איך וויל ניט קיין אַנדער מיידעלע, איך וויל צירעלען.

מאַכט די מאַמע:

— נו. וועל איך דיך אַמאָל נעמען צו צירעלען און דו וועסט זיך מיט איר שפּילען.

און צירעלע האָט זיך אַרויסגעקליבען, און מירעלע האָט זעהר געוויינט און צירעלע אויך. און מירעלע'ס מאַמע האָט געזאָגט:

— וויין ניט, מירעלע, איך וועל דיך אַמאָל נעמען צו צירעלען.

און צירעלע'ס מאַמע האָט אויך געזאָגט:

— וויין ניט, צירעלע, איך וועל דיך אַמאָל נעמען צו מירעלען.

האָט זיך מירעלע ניט געקענט דערוואַרטען, ביז די מאַמע וועט זי נעמען צו צירעלען, און זי איז אַרויס פון הויז און איז אַליין אַוועק צו צירעלען. און אויך צירעלע האָט זיך ניט געקענט דערוואַרטען אויף איר מאַמען און איז אַליין אַוועק צו מירעלען.

געהט מירעלע צו צירעלען און צירעלע צו מירעלען, און ניט עס ווייסט מירעלע, וואו עס וואוינט צירעלע, און ניט עס ווייסט צירעלע, וואו עס וואוינט מירעלע, וואָריםביידע זענען נאָך קליינע קינדער, פּיצלאַך. געהען זיי גלאַט אין דער וועלט אַריין — מירעלע צו צירעלען און צירעלע צו מירעלען, און איינע ווייסט ניט פון דער אַנדערער.

איז מירעלע געגאַנגען און געגאַנגען, ביז די פּיסעלאַך האָבען איר גענומען וועה טאָן, און וואו צירעלע וואוינט, ווייסט זי אַלץ ניט. האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און גענומען וויינען. האָט אַ פּאָליציימאַן דערזעהן, אַז זי וויינט, געהט ער צו צו איר און פרעגט זי:

— וואָס וויינסטו, מיידעלע?

ענטפערט מירעלע:

— איך געה צו צירעלען.

פרעגט דער פּאָליציימאַן:

— און ווער ביסטו אַליין?

ענטפערט מירעלע:

— איך בין מירעלע.

פרעגט דער פּאָליציימאַן:

— און ווער איז צירעלע?

ענטפערט מירעלע:

— דאָס איז מיינע אַ חבר׳טע און איך געה זיך שפּילען צו איר.

פרעגט דער פּאָליציימאַן:

— און וואו וואוינט זי, צירעלע?

ענטפערט מירעלע:

— איך ווייס ניט.

פרעגט דער פּאָליציימאַן:

— און וואו וואוינסטו אַליין?

ענטפערט מירעלע:

— איך ווייס ניט.

פרעגט דער פּאָליציימאַן:

— נו, אויב דו ווייסט ניט, טאַ קום מיט מיר אין פּאָליציי-הויז אַריין און דאָרטען וועסטו שוין ווארטען אויף דיין מאַמען, וואָרים אַ מיידעלע, אַז זי פאַרבלאָנדזשעט, מוז זי געהן אין פּאָליציי-הויז און ווארטען דאָרטען אויף דער מאַמען.

צעוויינט זיך מירעלע און זי זאָגט:

— ניין, איך וויל ניט צו מיין מאַמען, איך וויל צו צירעלען.

זאָגט דער פּאָליציימאַן צו איר:

— נו, וועל איך דיר צירעלען אויך געפינען.

איז מירעלע אַוועק מיט׳ן פּאָליציימאַן אין פּאָליציי-הויז אַריין. מירעלע איז דאָרטען געבליבען, און דער פּאָליציימאַן איז אַוועק זוכען צירעלען.

געהט דער פּאָליציימאַן און געהט, דערזעהט ער, אַ מיידעלע שטעהט. פרעגט ער זי:

— ווער ביסטו, מיידעלע?

ענטפערט דאָס מיידעלע:

— איך בין דאָך צירעלע און איך געה צו מירעלען.

פרעגט דער פּאָליציימאַן:

— און ווייסטו, ווי צו געהן צו מירעלען?

ענטפערט צירעלע:

— ניין, איך וויים ניט ווי צו געהן.

מאַכט דער פּאָליציימאַן:

— טאָ קום מיט מיר, וועל איך דיר ווייזען.

איז צירעלע אַוועק מיט'ן פּאָליציימאַן. דער פּאָליציימאַן האָט זי געבראַכט אין פּאָליציי-הויז און זי האָט דערזעהן דאָרטען מירעלען. האָט זי זיך זעהר דערפרייט, און מירעלע אויך.

דערווייילע האָט צירעלע'ס מאַמע דערזעהן, אַז צירעלע איז ניטאָ, איז זי אַוועק זוכען זי. און מירעלע'ס מאַמע האָט דערזעהן, אַז מירעלע איז ניטאָ, איז זי אויך אַוועק זוכען. האָט צירעלע'ס מאַמע געזוכט צירעלען און מירעלע'ס מאַמע האָט געזוכט מירעלען. אָבער ניט צירעלע'ס מאַמע האָט געקענט געפינען צירעלען און ניט מירעלע'ס מאַמע האָט געקענט געפינען מירעלען. האָבען זיי זיך אַזוי אָפּגעדרייט אַ גאַנצען טאָג, ביז זיי האָבען זיךביידע באַגעגענט אויף אַ ראָג גאַס. רופט זיך אָן צירעלע'ס מאַמע:

— האָט איר ניט געזעהן מיין צירעלע?

מאַכט מירעלע'ס מאַמע:

— האָט איר ניט געזעהן מיין מירעלע?

זענען זיי ביידע אַוועק זוכען די קינדער אין פּאָליציי-הויז, וואָרים אין פּאָליציי-הויז געפינט מען אַלע פאַרבלאָנדזשעטע קינדער, און דאָרטען האָבען זיי זיי טאַקע געפונען: צירעלע'ס מאַמע האָט געפונען צירעלען און מירעלע'ס מאַמע האָט געפונען מירעלען.

צירעלע איז אַוועק מיט איר מאַמען אַהיים. אויפ'ן וועג האָט צירעלע געזאָגט צו איר מאַמען:

— איצט ווייס איך. מאמע ווי צו געהן צו מירעלען. דער פאליציימאן וועט מיר ווייזען.

מירעלע איז אויך אוועק מיט איר מאמען אהיים און אויפ׳ן וועג האט זי אויך געזאגט צו איר מאמען:

— איצט ווייס איך שוין, ווי צו געהן צו צירעלען. דער פאליציימאן וועט מיר ווייזען.

## שמואל קטן און זיין שאטען

שמואל קטן איז געווען א קליין מענשעלע, און דערפאר טאקע האט מען אים גערופען: שמואל קטן, ווארים קטן מיינט א קליינער.

אבער ווי קליין ער איז געווען, אזוי גרויס איז געווען דער נאר אין אים, און אים האט שטארק פארדראסען, וואס ער איז קליין, און אים האט זיך געוואלט זיין א גרויסער, א הויכער. אבער געה קריך פון דער אייגענער הויט! ניט אלע בוימער וואקסען גלייך, און אזוי אויך ניט אלע מענשען, און ניט אלצדינג, וואס איז הויך, איז גוט אויך. פאראן הויכע זאכען, פון וועלכע מען דארף אין די הויפענס לאכען. א פלאקען איז הויך, און קיין שכל האט דאס ניט. אזוי פלעגט מען טענה׳ן צו שמואל קטן, אבער ער האט דערפון ניט געוואלט וויסען.

— איך וויל זיין א הויכער, א גרויסער, אזוי ווי עוג מלך הבשן,— האט ער געזאגט.

ווער איז עוג מלך הבשן? דאס איז געווען אמאל אזא קייסער, איז ער געווען א לאנגער ביז גאר, פון די שפיץ נעגעל ביז די שפיץ האר, אזוי, אז ווען ער פלעגט זיך דארפען פארקעמען, פלעגט ער זיך מוזען שטעלען אויף א הויכען לייטער, אנדערש האט ער ניט געקענט דערלאנגען זיין קאפ, אזוי הויך איז ער געווען. און איינמאל, דער־ציילט מען, האט זיך אים אין א ליכטיגען פרימארגען פארגלוסט ארויפזעצען זיך אויף א הויכען מויער, האט ער גאר פארשטעלט די זון, און עס איז פינסטער געווארען, האבען אלע געמיינט, אז עס

איז צוריק נאַכט געוואָרען, האָבען זיי זיך געלייגט שלאָפען. אָט אַזאַ לאַנגער איז דאָס געווען עוג מלך הבשן, און קינדער פלעגען פון אים לאַכען און רופען אים ניט עוג מלך הבשן, נאָר עוג מלך הלאָקשענברעט. און דעם גרויסען נאַר שמואל קטן האָט זיך אויך געוואָלט זיין אַזוי לאַנג, ווי עוג מלך הלאָקשענברעט.

איינמאָל געהט אַזוי אין גאַס דער קטן, געהט און טראַכט און דאגה'ט און זיפצט און קרעכצט, וואָס ער איז אַזאַ קליינער. לאָזט ער אַרונטער די אויגען אויף דר'ערד און קוקט. געהט ער אַזוי און קוקט. וואָס קוקט ער? גאָרנישט!

און ווי ער געהט אַזוי, שמואל קטן, דערזעהט ער מיט אַמאָל זיין שאָטען. און דער שאָטען איז לאַנג אַזוי ווי עוג מלך הלאָקשענ-ברעט. טראַכט זיך שמואל קטן: „איז דאָס מיין שאָטען? ניין: עס קען ניט זיין, אַז דאָס זאָל זיין מיין שאָטען. איך בין דאָך אַזאַ קליינער, און דער שאָטען איז אַזאַ לאַנגער, אַזוי ווי עוג מלך הבשן"!

איז דאָס געבליבען ביי שמואל קטן, אַז דאָס איז ניט זיין שאָטען. טראַכט ער אָבער ווייטער: „וויבאַלד אַז עס איז ניט מיין שאָטען, טאָ וועמענס דען איז דאָס? הויבט ער אויף זיינע אויגען פון דער ערד און קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטען פון גאַס: אפשר געהט נאָך איינער און דאָס איז יענעמ'ס שאָטען? אפשר טאַקע עוג מלך הבשן אַליין? וואָרים דער שאָטען איז דאָך אַזאַ לאַנגער!

זעהט אָבער שמואל קטן אַז אין גאַס איז גראָד פוסט און וויסט און ליידיג פון מענשען, עס געהט נאָר ער איינער און מער קיינער. היינט אויב אַזוי, טאָ וועמעס שאָטען איז דאָס פאָרט? ווייסט ער טאַקע ניט!

זאָגט שמואל קטן: „איך ווייס שוין וואָס צו טאָן! איך וועל פּרואווען זיך אומקערען, איז אויב דער שאָטען וועט זיך אויך אומקערען, איז דאָס אַ סימן, אַז דאָס איז מיין שאָטען, און אויב ניט, איז דאָס ניט מיינער. טאָ וועמעס דען? ווייס איך אויך ניט".

קערט ער זיך אום, שמואל קטן, זעהט ער, עס איז ניטאָ דער שאָטען! טראַכט ער זיך: „אַהאַ! עס איז טאַקע ניט מיין שאָטען"!

קערט ער זיך ווידער אום, ווי ער איז פריהער געגאַנגען — אהאַ! ווידער דער שאָטען! קנייטשט ער זיין נאַרישען שטערען און קען ניט פאַרשטעהן, וואָס איז דאָ. זאָגט ער: „הייסט דאָך, אַז דאָס איז מיין שאָטען? טאָ לאָמיך אדרבה נאָך אַמאָל פּרואווען זיך אומקערען, וועל איך זעהן".

קערט זיך אום שמואל קטן, אַזוי ווי ער האָט זיך פריהער אומגעקערט, און ער זעהט ווידער ניט זיין שאָטען. טראַכט ער ביי זיך: „מאָדנע! לאָמיך זיך ווידער אומדרעהען, אַזוי ווי איך בין פריהער געגאַנגען". דרעהט ער זיך אום — דער שאָטען איז דאָ! דרעהט ער זיך אום ווידער — דער שאָטען איז ניטאָ!

און אַזוי האָט ער זיך געדרעהט שמואל קטן מיט זיין שאָטען, ביז אַ קלוגער אינגעל איז פאַרבייגעגאַנגען און פרעגט אים:

— וואָס דרעהסטו זיך, שמואל קטן:

ענטפערט שמואל קטן:

— איך זוך מיין שאָטען!

און ער דערציילט אים, שמואל קטן, די גאַנצע מעשה מיט זיין שאָטען. לאַכט זיך פאַנאַנדער דער אינגעל און זאָגט צו אים:

— אַי, ביסט אַ נאַר שמואל קטן! ווען דו קערסט זיך אום, קערט זיך אום אויך דיין שאָטען.

פרעגט שמואל קטן:

— טאָ פאַרוואָס-זשע זעה איך אים ניט?

ענטפערט דער אינגעל:

— ווייל ווען דו קערסט זיך אום, איז דיין שאָטען פון הינטען.

האָט שמואל קטן דאָס געוואָלט אויספּרובירען, האָט ער זיך גענומען דרעהען הין און צוריק, האָט ער זיך געדרעהט און געדרעהט, און דער קלוגער אינגעל איז געשטאַנען און האָט געלאַכט. האָבען דערהערט נאָך אינגלאַך, ווי דער קלוגער אינגעל לאַכט, זענען זיי אַלע געקומען צו לויפען, און זעהענדיג, ווי שמואל קטן דרעהט זיך מיט זיין שאָטען, האָבען זיי אויך גענומען לאַכען. לאַכען זיי און זינגען:

— שמואל קטן, שמואל קטן!
אַטאַ איז ער דאָך, דיין שאָטען.
ער איז דאָך אין דיר געראָטען,
ביידע פון איין טייג געקנאָטען.
לייגנער נאָר איז ער דער שאָטען,
א גרויסע נאַר, ווי שמואל קטן!

און שמואל קטן האָט זיך אַלץ געדרעהט אַרום זיין שאָטען, און איז געווען אַזוי פאַרטאָן, אַזוי פאַרטיפט, אַז ער האָט ניט געהערט, ווי די קינדערלאַך לאַכען פון אים. און די קינדערלאַך האָבען אָפּגעלאַכט און זענען אַוועקגעגאַנגען. און שמואל קטן איז ווידער געבליבען אַליין מיט זיין שאָטען.

בקיצור, ער האָט זיך אַזוי לאַנג געדרעהט, ביז ער האָט טאַקע אויסגעפונען, אַז דער שאָטען איז זיינער. איז נאָר געווען די קשיא: פאַרוואָס דער שאָטען איז אַזוי לאַנג? האָט שמואל קטן געטראַכט און געטראַכט, ביז עס איז ביי אים געבליבען, אַז ער איז אַליין אויסגעוואַקסען, און דערפאַר איז אויך זיין שאָטען אויסגעוואַקסען.

האָט ער זיך זעהר דערפרייט און גענומען גרויסהאַלטען זיך און האָט גערופען די קינדער, זיי זאָלען אַלע קומען און זעהן, ווי גרויס ער איז. זענען די קינדער ווידער געקומען צו לויפען.

זאָגט צו זיי שמואל קטן:

— איך בין מער ניט שמואל קטן,
זעהט, ווי גרויס עס איז מיין שאָטען!

לאַכען פון אים ווידער די קינדער און זיי זאָגען צו אים:

— זיי קיין נאַר ניט, שמואל קטן,
דער מענש איז קלענער פון זיין שאָטען.

אָבער שמואל קטן האָט דאָס ניט געוואָלט גלויבען: דער נאַר אין אים איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט טאַקע געמיינט, אַז ער איז אויך געוואָרען גרויס. און ער איז געגאַנגען צו אַלעמען און האָט זיך באַרימט, וואָס ער איז הויך און גרויס. און ווען מען האָט אים ניט געוואָלט גלויבען, האָט ער געהייסען אַ קוק טאָן אויף זיין שאָטען.

און אלע האָבען געלאַכט פון אים, אָבער ניט דערפאַר וואָס ער איז קליין, נאָר דערפאַר, וואָס דער נאר איז אין אים גרויס. יאָ, פון אַ קליינעם מענשען איז טאַקע ניטאָ וואָס צו לאַכען, אָבער פון אַ גרויסען נאר מעג מען לאַכען.

— כאַ-כאַ-כאַ! גרויסער נאר,
— כאַ-כאַ-כאַ! גרויסער צער!

## דער רייכער מאַן, וואָס האָט געהאַט אַ האַרט האַרץ

אין אַ גרויסער שטאָט האָט געלעבט אַ גביר, זעהר אַ רייכער מאַן, איז ער געווען קאַרג און שלעכט, און ער פלעגט אַן אָרימאַן אויף זיין שוועל ניט אַרויפלאָזען.

איינמאָל, אין אַ קאַלטער ווינטער-נאַכט, קלאַפּט צו אים אַן אַ דערפראָרענער אָרימאַן אין טיר.

— לאָזט מיך אריין אָנוואַרימען זיך! — האָט זיך דער אָרימאַן געבעטען.

— געה ווייטער, ביי מיר אין הויז איז ניט קיין אכסניא פאַר אַלערליי שלעפּער! — האָט דער רייכער מאַן געענטפערט.

אָבער דער אָרימאַן איז ניט געווען קיין פּראָסטער אָרימאַן. דאָס איז געווען אליהו הנביא, וועלכער האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַן אָרימאַן, און דער גביר האָט פון דעם ניט געוואוסט.

רופט זיך אָן דער אָרימאַן צום רייכען מאַן:

— דערפאַר וואָס דו האָסט מיך ניט אַריינגעלאָזען אָנוואַרימען זיך צו דיר אין שטוב, דערפאַר זאָל דיר שטענדיג קאַלט זיין. און אַז דיר וועט ווערען גוט קאַלט, זאָלסטו קומען צו מיר אין שטיבעלע אין עק שטאָט, און איך וועל דיר זאָגען וואָס צו טאָן, אַז דיר זאָל וואַרים ווערען.

און מיט די רייד איז דער אָרימאַן אַוועק.

האָט זיך דער גביר דערנאָך צעלאַכט און געזאָגט:

— ווייס איך וואָס ער רעדט! ווי אַזוי קען מיר קאַלט זיין, **אַז ביי מיר איז שטענדיג וואַרים אין הויז, דער אויווען ברענט,**

בגדים טראָג איך ווארימע און קאָלדרעס האָב איך גענוג אויף איינ-
צודעקען זיך ביינאַכט.

אָבער גלייך ווי ער האָט דאָס אָפּגעזאָגט, איז אים געוואָרען
קאַלט, אזש אַ שרעק, אַזוי ווי דער אָרימאַן האָט געזאָגט. איז ער
צוגעגאַנגען צום הייסען אויוועז זיך אָנוואַרימען, אָבער פון אויוועז
האָט גענומען געהן אַ קעלט אָנשטאָט אַ ווארימקייט.

האָט דער גביר אָנגעטאָן אויף זיך זיין גרויסען פעלץ, אָבער עס
איז אים אַלץ ניט געווען ווארים. האָט ער זיך אַריינגעלייגט אין
בעט אויף אַ ווארימער פערינע און זיך איינגעדעקט אין הונדערטער
קאָלדרעס, אָבער ער האָט זיך אַלץ ניט געקענט דערוואַרימען. עס
האָט אים געוואָרפען אין קעלט ווי אין אַ קדחת און עס האָט אים
פאַר קעלט געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן.



האָט ער דערזעהן, אַז עס איז שלעכט, האָט ער געהייסען איינ־שפּאַנען זיינע טייערע פּאָר פערד און איז אַוועקגעפאָרען עק שטאָט צו זוכען דאָס שטיבעלע פון דעם אָרימאַן, וועלכער האָט אים פאַר־שאָלטען.

קומט ער צופאָרען צום שטיבעלע און געהט ניט אַרונטער פון זיין קאַראָט, נאָר ער גיט אַ שמיץ מיט׳ן בייטש אין טיר און ער שרייט אויס:

— העי, אָרימאַן, דו שלעפער! איך דער גביר פון שטאָט בין געקומען צופאָרען צו דיין שטיבעלע. מיר איז קאַלט. קום אַרויס און זאָג מיר, ווי אַזוי עס זאָל מיר וואַרים ווערען.

איז דער אָרימאַן ניט אַרויס, נאָר ער האָט פון אינוויניג גע־ענטפערט:

— ניט צופאָרען זאָלסטו קומען צו מיר, אַזוי ווי אַ גביר, נאָר צו־געהן, און ביי מיין טיר אַזוי ווי אַ בעטלער שטעהן. צופוס זאָלסטו קומען צושלעפען זיך צו מיר, אַזוי ווי אַ שלעפער, און דעמאָלט וועל איך דיר ערשט זאָגען, וואָס דו זאָלסט טאָן, אַז דיר זאָל צוריק וואַרים ווערען.

האָט דער גביר געוואָלט אין כעס ווערען אויפ׳ן אָרימאַן און שרייען אויף אים און טופּען מיט די פיס, אָבער ער האָט געזעהן, אַז עס וועט ניט העלפען. האָט ער פאַרקערעוועט די האָלאָבליעס און איז אַוועקגעפאָרען צוריק אַהיים, טאָן אַזוי ווי דער אָרימאַן האָט אים געהייסען.

איז דער גביר געקומען אַהיים און האָט פון זיך אַראָפּגעוואָרפען זיינע רייכע קליידער און אָנגעטאָן אָרימע קליידער, שמאַטעס, און האָט גענומען אַ שטעקען אין האַנט און איז אַוועק צופוס צום אָרימאַן׳ס שטיבעלע, עק שטאָט.

קומט ער זיך צושלעפען צום אָרימאַן׳ס שטיבעלע, קלאַפּט אָן שטיל אין טיר און בעט זיך:

— גוטער מענש! האָט רחמנות! זאָגט מיר, וואָס זאָל איך טאָן, עס זאָל מיר צוריק וואַרים ווערען.

איז דער אָרימאַן אַרויסגעגאַנגען און האָט צו אים פריינדליך געזאָגט:

— געה אַהיים און נעם אַ האַק, און געה אַלע טאָג אין וואַלד אַריין האַקען האָלץ, און וויפיל האָלץ דו וועסט אָנהאַקען, זאָלסטו אַוועקטראָגען אין שטאָט אריין און ברייננגען דאָס צו די אָרימעלייט אין די הייזער אַריין, זיי זאָלען האָבען מיט וואָס צו הייצען און עס זאָל זיי וואַרים זיין. און אַז עס וועט זיי וואַרים זיין, וועט דיר אויך וואַרים זיין.

— און ווי לאַנג זאָל איך דאָס טאָן אַזוי? — האָט דער גביר געפרעגט.

— דו זאָלסט דאָס טאָן, ביז דיין האַרץ וועט ווערען ווייך און דו וועסט ווערען אַ גוטער מענש. וואַרים איצטער איז ביי דיר זעהר אַ האַרט האַרץ און דו ביסט דערפאַר אַ שלעכטער מענש — האָט אים געענטפערט דער אָרימאַן, וואָס איז געווען אליהו הנביא.

איז דער גביר אַוועק פון דעם אָרימאַנ׳ס שטיבעלע און האָט אַזוי געטאָן, ווי דער אָרימאַן האָט אים געהייסען.

און ער איז אַלע טאָג געגאַנגען אין וואַלד אריין האַקען האָלץ און וויפיל האָלץ ער האָט אָנגעהאַקט, האָט ער אַוועקגעטראָגען אין שטאָט אַריין און געבראַכט דאָס צו די אָרימע־לייט אין די הייזער אַריין. און די אָרימע־לייט האָבען געהאַט מיט וואָס צו הייצען און עס איז זיי וואַרים געווען, און אַז עס איז זיי וואַרים געווען, איז אויך דעם רייכען מאַן וואַרים געווען.

האָט דער גביר אַזוי געטאָן אַ לאַנגע צייט, ביז ער האָט דער־פילט, אַז דאָס האַרץ איז אים שוין ווייך געוואָרען. און ווי דאָס האַרץ איז אים ווייך געוואָרען, אַזוי איז ער אַ גוטער מענש גע־וואָרען, און ווען אַ ערימאַן עס האָט צו אים אין טיר ניט אָנגע־קלאַפּט, האָט ער אים אין הויז אַריינגענומען און געלאָזט אים זיך אָנוואַרימען און געגעבען אים עסען און טרינקען.

דעמאָלט האָט שוין דער גביר אויפגעהערט צו געהן אין וואַלד אַריין האַקען האָלץ, נאָר ער האָט געקויפט האָלץ און געטיילט צו אָרימעלייט, זיי זאָלען הייצען זייערע אויוועגס און עס זאָל זיי וואַרים זיין. און אַז עס איז זיי געווען וואַרים, איז אים אויך געווען וואַרים.

איז דער גביר אַוועק עק שטאָט צום אָרימאַנ׳ס שטיבעלע, אָפּדאַנקען אים פאַר דער טובה, וואָס ער האָט אים געטאָן. איז

ער געקומען אהין, צו יענעם אָרט, אָבער ניט ער האָט געפונען דאָס שטיבעלע, ניט ער האָט געפונען דעם אָרימאַן. עס איז דאָרטען גאָרנישט ניט געווען אויף יענעם אָרט. האָט דער גביר פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געווען ניט קיין פּראָסטער אָרימאַן, נאָר אליהו הנביא, דער געטליכער מאַן, וועלכער קומט אַרונטער פון הימעל צו באַשטראָפען שלעכטע מענשען פאַר זייער שלעכטסקייט און צו טאָן גוטס צו גוטע מענשען פאַר זייער גוטסקייט.

---

## א מעשה מיט א ציגעלע א ווייסע

(נאָכ׳ן נוסח פון חד גדיא)

אַמאָל איז געווען אַ מעשה, אַ ציגעלע אַ ווייסע.

איך אַליין בין דערביי ניט געווען, איך האָב דאָס מיט מיינע אויגען ניט געזעהן, נאָר דער טאַטע האָט דאָס מיר דערציילט איינמאָל פּסח צום סדר, און ער האָט מיך געבעטען, אַז איך זאָל דאָס אייך, קינדער, דערציילען.

הערט נאָר אַ מעשה מיט אַ ציגעלע אַ ווייסע. די מעשה איז אַזוי געווען:

דער טאַטע האָט געקויפט דאָס ציגעלע אויפ׳ן מאַרק ביי אַ פּויער פאַר צוויי גילדען. האָט דאָס ציגעלע ניט געוואָלט געהן מיט׳ן טאַטען אהיים. זאָגט דער טאַטע צום ציגעלע:

— ציג-ציג, בערדעלע,
זיי זשע ניט קיין פערדעלע!
וואָס וועסטו דאָ שטעהן?
קום צו מיר אהיים!
אונטער מיין אינגעלע׳ס וויגעלע
וועט שטעהן אַ קלאָר-ווייס ציגעלע,
און איך וועל פאַרען האַנדלען
ראָזשינקעס מיט מאַנדלען.

האָט דאָס ציגעלע אַ שאָקעל געטאָן מיט׳ן בערדעלע און איז אַוועק מיט׳ן טאַטען אהיים. און דער טאַטע האָט אַוועקגעשטעלט

דאָס קלאָר-ווייסע ציגעלע אונטער זיין אינגעלע׳ס וויגעלע און אליין איז ער אוועקגעפאָרען האַנדלען ראָזשינקעס מיט מאַנדלען.

לויפט פאַרביי אַ שוואַרצע קאַץ, זעהט זי, אונטער׳ן אינגעלע׳ס וויגעלע שטעהט אַ קלאָר-ווייסע ציגעלע. וויל די שוואַרצע קאַץ אויפעסען דאָס קלאָר-ווייסע ציגעלע. זאָגט צו איר דאָס ציגעלע:

— קאַץ, דו קאַץ, פאַרוואָס עסטו ניט אַ ראַץ? איך בין אַ קלאָר-ווייסע ציגעלע און איך דאַרף שטעהן אונטער׳ן אינגעלע׳ס וויגעלע.

אָבער די שוואַרצע קאַץ איז געווען שלעכט און בייז, האָט זי געכאַפּט און אויפגעגעסען דאָס ציגעלע, וואָס דער טאַטע האָט גע-קויפט פאַר צוויי גילדען.

לויפט פאַרביי אַ הינטעלע, זעהט דאָס, ווי די קאַץ עסט דאָס ציגעלע פון אונטער׳ן אינגעלע׳ס וויגעלע. נעמט דאָס הינטעלע בילען און האַווקען:

— האַוו-האַוו, דו שוואַרצע קאַץ, פאַרוואָס עסטו ניט אַ ראַץ, און דו עסט אַ קלאָר-ווייסע ציגעלע פון אונטער׳ן אינגעלע׳ס וויגעלע? איך וועל דיר דערפאַר אַ בים טאָן.

מיאַוקעט די קאַץ און זאָגט צום הינטעלע:

— מיאַו-מיאַו! מאַך ניט האַו-האַו! נאַדיר אַ פּאָר ביינדעלאַך, און ביים מיך ניט מיט דיינע ציינדעלאַך.

אָבער דאָס הינטעלע האָט ניט געוואָלט קיין ביינדעלאַך פון אַ קלאָר-ווייסע ציגעלע, וואָס שטעהט אונטער אַ אינגעלע׳ס וויגעלע. האָט דאָס הינטעלע זיך אַרויפגעוואָרפען אויף דער קאַץ און גענומען זי בייסען דערפאַר וואָס זי האָט אויפגעגעסען דאָס ציגעלע, וואָס דער טאַטע האָט געקויפט פאַר צוויי גילדען.

געהט פאַרביי אַ שטעקען מיט צוויי עקען, זעהט ער, ווי דאָס הינטעלע בייסט די קאַץ. פרעגט דער שטעקען ניט קיין קשיות: פאַרוואָס, פאַר וועןּ? נאָר ער ווייסט, אַז אַ הונט דאַרף מען שלאָגען, ווייל ער רעכענט, אַז אַ הונט איז ווערט דעם שטעקען. האָט גענומען דער שטעקען שלאָגען דאָס הינטעלע און האָט אים אונטערגעהאַקט אַ פיסעלע.

טראָגט זיך אָן אַ פייער, ווער ווייסט פון וואַנען, און עס זעהט, ווי דער שטעקען שלאָגט דאָס הינטעלע, און דאָס הינטעלע סקאַ־וואויעט אַזוי, אַזש עס איז אַ צער־בעלי־חיים! פרעגט דאָס פייערביים שטעקען:

— שטעקען, שטעקען מיט צוויי עקען! פאַרוואָס שלאָגסטו דאָס אָרימע הינטעלע?

ענטפערט דער שטעקען מיט די צוויי עקען:

— דער הונט איז ווערט דעם שטעקען!

פרעגט דאָס פייער ביים הינטעלע:

— הינטעל, הינטעל, מיט די אויגען ניט פינטעל! זאָלסט זיך גאַרניט שרעקען, און זאָג מיר, וואָס האָט צו דיר דער שטעקען?

דערציילט דאָס הינטעלע די גאַנצע מעשה מיט אַ ציגעלע אַ ווייסע. זעהט דאָס פייער, אַז דאָס הינטעלע איז גערעכט. צינדט זיך אָן דאָס פייער, פול מיט צאָרען און האָט גענומען ברענען דעם שטעקען פוןביידע עקען, פאַרוואָס ער האָט געשלאָגען דאָס הינטעלע, וואָס האָט געביסען די קאַץ, וואָס האָט אויפגעגעסען דאָס ציגעלע, וואָס דער טאַטע האָט געקויפט פאַר צוויי גילדען.

לויפט פאַרביי אַ וואַסער. זעהט דאָס וואַסער, ווי דאָס פייער ברענט דעם שטעקען פון ביידע עקען. און איר ווייסט דאָך, אַז וואַסער מיט פייער לעבען ניט גוט. פרעגט ניט דאָס וואַסער קיין שאלות, און נעמט גלייך לעשען דאָס פייער.

געהט פאַרביי אַן אָקס און ווייסט פון קיין מעשה ניט, נאָר ער איז דאָרשטיג, עס חלש׳ט זיך אים טרינקען אַ שרעק! דערזעהט ער דאָס וואַסער, אַזוי האָט ער זיך גלייך איינגעבויגען און גענומען טרינקען און האָט אויסגעטרונקען ביז איין טראָפען וואַסער. אָפּ־געטרונקען און איז אַוועקגעגאַנגען. און די גאַנצע געשיכטע געהט אים ניט אָן.

איז געקומען דער טאַטע צוריק פון האַנדלען ראָזשינקעס מיט מאַנדלען. גיט ער אַ קוק אונטער זיין אינגעלע׳ס וויגעלע, ערשט עס איז ניטאָ דאָס קלאָר ווייסע ציגעלע, וואָס ער האָט געקויפט פאַר צוויי גילדען!

זוכט אַרום דער טאַטע דאָס ציגעלע און קען עס ניט געפינען, און דאָ איז קיינער ניטאָ, ווער עס זאָל אים דערציילען די מעשה מיט׳ן ציגעלע די ווייסע. ערשט אין מיטען דערינען שפרינגט צו צום טאַטען אויף דריי פיסלאַך דאָס הינטעלע, וואָס דער שטעקען האָט אים צעשלאָגען. נעמט דאָס הינטעלע זיך דרעהן אַרום דעם טאַטען, הינקענדיג אויף איין פיסעל, און קוויטשעט און פישטשעט. בויגט זיך צו אים איין דער טאַטע און גיט אים אַ גלעט און גיט אים אַ פרעג:

— וואָס הינקסטו עפּעס, הינטעל-פינטעל? ווער האָט דיר אונטערגעהאַקט אַ פיסעל?

רופט זיך אָן דאָס הינטעלע:

— אָט דאָס איז דאָך די מעשה! עס איז געוועזן אַ ציגעלע אַ ווייסע...

גיט זיך אַ כאַפּ דער טאַטע:

— אַזוי? דו ווייסט, וואו עס איז דאָס קלאָר-ווייסע ציגעלע, וואָס איז געשטאַנען אונטער׳ן אינגעלע׳ס וויגעלע? נו-נו, אדרבא, דערצייל מיר!

און דאָס הינטעלע האָט דערציילט דעם טאַטען די גאַנצע מעשה, ווי אַזוי די קאַץ האָט אויפגעגעסען דאָס ציגעלע דאָס ווייסע, און ווי ער, דער הונט, האָט דערפאַר צעביסען די קאַץ, און דערפאַר איז דער שטעקען אים באַפאַלען און אים אונטערגעהאַקט אַ פיסעל. און אַזוי די גאַנצע געשיכטע ביז צום סוף.

גיט דער טאַטע אַ גלעט דעם הינטעלע איבער׳ן קעפּעלע און זאָגט צו אים:

— דו ביסט אַ גוט הינטעל, נאָר מיט די אויגען ניט פינטעל. אָבער אונטער׳ן אינגעלע׳ס וויגעלע מוז שטעהן אַ קלאָר-ווייסע ציגעלע.

איז דער טאַטע אַוועק אין מאַרק און האָט געקויפט אַן אַנדער ציגעלע פאַר צוויי גילדען, און אונטער׳ן אינגעלע׳ס וויגעלע איז שוין ווידער געשטאַנען אַ ציגעלע און דער טאַטע איז געפאָרען האַנדלען ראָזשינקעס מיט מאַנדלען. אָבער קיין שוואַרצע קאַץ איז שוין מעהר ניט געקומען, און אַלץ איז געוועזן שיין און פיין און מען האָט

געטרונקען מעד און וויין און מען האָט געזונגען „חד-גדיא, חד-גדיא", די מעשה מיט אַ ציגעלע אַ ווייסע, וואָס דער טאַטע האָט געקויפט פאַר צוויי גילדען. „חד-גדיא, חד-גדיא"!

# די לבנה און דאָס אינגעלע

שפּאַצירט זיך אַרום די לבנה אין הימעל איינע אַליין ביינאַכט, און עס ווערט איר מיט אַמאָל אומעטיג. טראַכט זי ביי זיך: „לאָמיך געהן אויפוועקען וועמען פון די אינגעלאַך אָדער פון די מיידעלאַך, וועל איך האָבען מיט וועמען צו שפּילען זיך, וועט מיר זיין פריילי‏כער".

געהט די לבנה און קוקט אַריין אין יעדען פענסטער, זעהט זי: דאָרט שלאָפט אַ אינגעלע און דאָ שלאָפט אַ מיידעלע, אָבער זיי שלאָפען אַזוי שטאַרק, אַז עס איז זיי ניט אויפצעוועקען. פּרואווט די לבנה אַ קיצעל טאָן דאָס אינגעלע אָדער דאָס מיידעלע מיט אַ שטראַל, אָבער דאָס אינגעלע אָדער דאָס מיידעלע גיט נאָר אַ שמייכעל פון שלאָף און שלאָפט ווייטער אַזוי רוהיג, אַזוי שיין, אַז עס איז אַ מחיה צו קוקען.

און דער לבנה ווערט אַלץ אומעטיגער און אומעטיגער אומ-צוגעהן איינע אַליין ביינאַכט אין אַזאַ גרויסער און ברייטער וועלט. טראַכט זי ביי זיך ווייטער: ווי גוט עס איז דער זון! דער זון איז פריילי‏ך. אַ גאַנצען טאָג האָט זי מיט וועמען צו שפּילען זיך. אַלע קינדער זענען אין גאַס, און די זון שפּילט זיך מיט זיי, און אַז עס ווערט פאַרנאַכט, געהט די זון אַוועק שלאָפען און די קינדער געהען אויך שלאָפען, און דעמאָלט קום איך צוגעהן, און אַלע קינדער ליגען שוין אין די בעטען, און איך האָב ניט מיט וועמען צו שפּילען זיך. און ווען די קינדער שטעהען אויף, מוז איך שוין געהן שלאָפען. פע! עס איז ניט גוט צו זיין אַ לבנה און צו זיין אויף ביינאַכט ווען אַלע שלאָפען און צו שלאָפען ביי‏טאָג ווען אַלע זענען אויף!"

געהט די לבנה ווייטער און ווייטער און נעמט ווידער קוקען אין די פענסטער און פּרואווען איר מזל, טאָמער שלאָפט ניט ערגעץ-

וואו אַ אינגעלע אָדער אַ מיידעלע, אָדער אפשר וועט זי קענען ערגעץ-וואו אויפוועקען אַ אינגעלע אָדער אַ מיידעלע און האָבען מיט וועמען צו שפּילען זיך. אָבער עס איז איר ווידער ניט געגאַנגען: אַלע קינדער זענען געשלאָפען שטאַדק, און עס איז זיי ניט געווען מעגליך אויפצוועקען.

עמט זיך די לבנה בעטען ביי די קינדערלאַך, זיי זאָלען אויפשטעהן און שפּילען זיך מיט איר, און זי וועט זיי דערפאַר געבען זילבערנע שטראַלען-גאַרטלען. וואָס וועלען זיין נאָך שענער ווי דער זונ'ס גאָלדענע שטראַלען-גאַרטלען. בעט זי זיך ביי זיי און זי בעט זיך...

קינדער ליגען אין די וויגען,
קינדער שלאָפען אין די בעטען,
קיינער פון זיי וויל ניט אויפשטעהן,
און עס העלפט גאָרניט איר בעטען.

זעהט די לבנה, אַז קיין בעטען זיך העלפט ניט, ווייל די קינדער שלאָפען שטאַרק און הערען ניט, האָט זי גענומען ווידער זיי קיצלען: אפשר וועט פאָרט איין קינד ניט אויסהאַלטען און זיך אויפכאַפּען?

האָט די לבנה געקיצעלט מיט אירע שטראַלען איין אינגעלע, האָט זי אים געקיצעלט אַזוי לאַנג אין די אויגעלאַך, ביז ער האָט טאַקע ניט געקענט אויסהאַלטען און האָט גענומען זשמורען מיט די אויגעלאַך און האָט געזשמורעט און געזשמורעט אַזוי לאַנג, ביז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט און אויפגעעפענט די אויגעלאַך. קוקט דאָס אינגעלע און קוקט און אים ווילט זיך וויסען, ווער האָט דאָס אים געקיצעלט. זוכט ער און זוכט און קען קיינעם ניט געפינען: פּאַפּאַ און מאַמאַ שלאָפען, און מער איז קיינער אין צימער ניטאָ. און די לבנה שטעהט און קוקט אין פענסטער און קייכט פאַר געלעכטער.

דערזעהט דאָס אינגעלע די לבנה, פרעגט ער זי:

— האָסטו דאָס מיך געקיצעלט?

ענטפערט די לבנה:

— געוויים איך! זעהסט דאָך, אַז אַלע שלאָפען, און נאָר איך איינע שלאָף ניט.



פרעגט ביי איר דאָס אינגעלע:

— פאַרוואָס האָסטו מיך געקיצעלט?

ענטפערט די לבנה:

— ווייל איך האָב געוואָלט, דו זאָלסט אויפשטעהן און דו זאָלסט זיך שפּילען מיט מיר, ווייל מיר איז אומעטיג צו זיין איינע אליין א גאַנצע נאַכט.

זאָגט דאָס אינגעלע:

— רעכט, איך וועל זיך שפּילען מיט דיר.

האָט דאָס אינגעלע גענומען זיך שפּילען מיט דער לבנה. האָט דעם אינגעלע׳ס מאַמע דערהערט פון שלאָף, אַז דאָס אינגעלע שלאָפט ניט, האָט זי זיך אויפגעכאַפּט און גיט אַ פרעג איר אינגעלע:

— פאַרוואָס שלאָפסטו ניט? פאַרוואָס ליגסטו ניט איין?

ענטפערט דאָס אינגעלע:

— די לבנה...

און ווייזט מיט׳ן פינגער׳ל אויפ׳ן פענסטער.

גיט די מאַמע אַ קוק און זי דערזעהט די לבנה אין פענסטער, אַ פולע, אַ שמייכלענדיגע.

— אהאַ! — זאָגט זי — די לבנה לאָזט דיך ניט שלאָפען! איך וועל איר געבען!

און די מאַמע געהט אַרונטער פון בעט און ציהט אַראָפּ פון פענסטער דעם טונקעלען פאָרהאַנג, און די לבנה האָט שוין מער ניט געקענט אַריינקוקען, און אין צימער איז געוואָרען פינסטער, אַז מען האָט גאָרנישט ניט געקענט זעהן. דאָס אינגעלע האָט אַפּריהער ניט געוואָלט ליידען, וואָס מען האָט פון אים צוגענומען די לבנה, און ער האָט אַ היבשע ווײלע זיך נאָך אַרומגעדרעהט אין בעט אַן אומצופרידענער, אָבער צום סוף איז ער צוריק איינגעשלאָפען.

און די לבנה איז אַ פאַרשעמטע אַוועק פון יענעם פענסטער און איז אַוועק צו אַן אַנדער פענסטער און דאָרט האָט זי דערזעהן אַן אַנדער אינגעלע, און דאָס אינגעלע איז גראָד ניט געשלאָפען און דעם אינגעלע׳ס מאַמע אויך ניט. דעם אינגעלע׳ס מאַמע איז געזעסען לעבען דעם אינגעלע און האָט אים געגלעט און גערעדט צו אים אַזעלכע גוטע רייד, אַזש עס איז אַ פאַרגעניגען געווען צו הערען.

האָט די לבנה אַריינגעקוקט אין פענסטער, און ווי זי האָט אַריינגעקוקט, אַזוי האָט זיך דעם אינגעלע׳ס מאַמע אָנגערופען:

— זעה נאָר, מיין קינד, די לבנה!

וואונדערט זיך די לבנה, וואָס דעם אינגעלע׳ס מאַמע טרייבט זי ניט אַוועק פון פענסטער, אַזוי ווי יענעם אינגעלע׳ס מאַמע האָט זי אַוועקגעטריבען. אדרבא, ד ע ם אינגעלע׳ס מאַמע רעדט צום אינגעלע און ווייזט אים נאָך אָן אויף דער לבנה:

— זעה, מיין קינד, ס׳אַרא שיינע לבנה! זעה, ווי זי קוקט און שמייכעלט! זעהסט דאָס מענשעלע אין דער לבנה? זעהסט אַ נאָז מיט אַ מויל מיט אויגען?

וואונדערט זיך די לבנה און איז צופרידען, וואָס דעם אינגעלע׳ס מאַמע לויבט זי אַזוי. מיט אַמאָל אָבער דערהערט די לבנה, ווי דאָס אינגעלע גיט אַ קרעכץ, פרעגט די מאַמע ביים אינגעלע:

— וואָס טוט דיר וועה, מיין קינד? טוט דיר נאָך וועה דאָס קעפּעלע?

און דאָס אינגעלע שאָקעלט קוים מיט׳ן קעפּעלע און קוים וואָס ער זאָגט:

—יאָ...

פאַרשטעהט די לבנה, אַז דאָס אינגעלע איז קראַנק. קריגט די לבנה אויף אים רחמנות און רוקט אַריין נאָך מער איר קאָפּ אין פענסטער און נעמט גלעטען דאָס קראַנקע אינגעלע מיט אירע שטראַלען, און דאָס אינגעלע הויבט אָן צו פילען בעסער און נעמט שמייכלען, און די מאַמע נעמט אויך שמייכלען.

— זעהסט, מיין קינד? — זאָגט זי צו אים — די לבנה שפּילט זיך מיט דיר. זי האָט דיך ליב. שפּיל זיך, שפּיל זיך, מיין קינד, שפּיל זיך, וועסטו געזונט ווערען.

און די לבנה פליסט זיך נאָך מער און זי גלעט דאָס קראַנקע אינגעלע מיט אירע שטראַלען און די מאַמע גלעט אויך דאָס אינ־געלע, און דאָס אינגעלע ווערט וואָס א ווײלע מונטערער און פרייליכער. די לבנה לאַכט און דאָס אינגעלע לאַכט, און אַזוי האָבען זיי זיך אָפּגעשפּילט ביידע א גאַנצע נאַכט, און ווען עס האָט גע־נומען טאָגען, האָט די לבנה זיך אָפּגעזעגענט מיט׳ן אינגעלע און איז אַוועק שלאָפען, און דאָס אינגעלע איז אויך איינגעשלאָפען און איז אָפּגעשלאָפען ביז שפּעט ביי טאָג.

דאָס אינגעלע איז אויפגעשטאַנען, און דאָס קעפּעלע האָט אים שוין מער ניט וועה געטאָן. דאָס אינגעלע איז שוין געוועזען געזונט און האָט געבעטען ביי דער מאַמען עסען. די מאַמע האָט אים געגעבען עסען, דאָס אינגעלע האָט אָפּגעגעסען און איז אַרונ־טער אויף דר׳ערד שפּילען זיך מיט זיינע צאַצקעס.

ביינאַכט איז די לבנה ווייטער געקומען שפּילען זיך מיט׳ן אינגעלע , אָבער דאָס אינגעלע איז שוין געשלאָפען, און די לבנה האָט אים ניט געוואָלט טשעפּען.

„זאָל ער שלאָפען", האָט די לבנה געטראַכט, „ער האָט נעכטען יענע נאַכט ניט געשלאָפען, ניט געזונט געוועזען, זאָל ער שוין די נאַכט שלאָפען !"

און די לבנה האָט זיך באַהאַלטען הינטער א וואָלקען, כדי ניט צו שטערען דעם אינגעלע פון זיין שלאָף.

נאָר איינמאָל האָט זיך דאָס אינגעלע אויפגעכאַפּט, און די לבנה האָט זיך צו אים אויף א ווײלע באַוויזען מיט איר ליבען, זיסען שמייכעל. דאָס אינגעלע האָט אויך א שמייכעל געטאָן און איז צוריק איינגעשלאָפען, און די לבנה איז ווידער אַוועק פון פענסטער און האָט זיך צוריק באַהאַלטען הינטער א וואָלקען.



# עטעלע און איהר בעטעלע

עטעלע׳ם בעטעלע איז, ווי געוועהנליך, געווען אַ קינדערש בעטעלע: מיט גראַטעס פוןביידע זייטען, כדי זי זאָל ניט אַרונטער-פאַלען בעת זי שלאָפט, ווייל זי איז נאָך אַ קליין מיידעלע געווען.

איינמאָל האָבען טאַטע-מאַמע זי גענומען אין זאָאָלאָגישען גאָרטען, ווייזען איר די חיות. האָט עטעלע געזעהן, אַז אַלע חיות געפינען זיך אין שטייגען מיט גראַטעס, כדי זיי זאָלען ניט קענען אַרוים.

ווען עטעלע איז געקומען אַהיים און זי איז אַריין אין איר בעטעלע, אום צו געהן שלאָפען, האָט זי אַ קוק געטאָן אַנטקעגען אין שפיגעל און זי האָט זיך דערזעהן שטעהענדיג אין בעטעלע.

— מאַמע! מאַמע! — האָט זי גענומען רופען, — גיב אַ קוק. איך זעה דאָך אוים אין מיין בעטעלע מיט די גראַטעס אַזוי ווי די חיות אין גאָרטען, וואָס איך האָב היינט געזעהן. איך וויל ניט זיין קיין חיה. איך וויל ניט זיין אין אַ שטייג. איך וויל אַזאַ בעט ווי דו האָסט, ווי דער טאַטע האָט.

— אַז דו וועסט ווערען אַ גרוים מיידעלע, וועל איך דיר קויפען אַזאַ בעט ווי איך האָב, ווי דער טאַטע האָט, אַ בעט אָהן גראַטעס, — האָט די מאַמע געזאָגט.

— און ווען וועל איך ווערען אַ גרוים מיידעלע? — האָט עטעלע געפרעגט.

— ווען דו וועסט ווערען זעקס יאָר אַלט און וועסט אָנהויבען צו געהן אין שולע, — האָט די מאַמע געענטפערט.

— און אַט דאָס בעטעלע? — האָט געפרעגט עטעלע, — וועסטו אַוועקגעבען פאַר די חיות? יאָ, מאַ?

— ניין, מיין קינד, — האָט געענטפערט די מאַמע, — איך וועל קריגען פאַר דיר אַ קליין ברודערל און ער וועט שלאָפען אין עטעלע׳ם בעטעלע.

אַז עטעלע האָט דערהערט, אַז די מאַמע וועט פאַר איר קריגען אַ קליין ברודערל, האָט זי זיך זעהר דערפרייט, וואָרים איר האָט זיך זעהר גע׳חלש׳ט האָבען אַ קליין ברודערל. און זי האָט פאַר פרייד

גענומען טאַנצען און שפּרינגען אין איר בעטעלע. איר האָט זיך שוין געוואָלט וויסען, ווי מען וועט רופען דאָס קליינע ברודערל, אָבער די מאַמע האָט איר געזאָגט: „זאָל ער נאָר קומען, וועט מען אים שוין געבען אַ נאָמען".

רופט זיך אָן עטעלע, שטעהענדיג אין בעטעלע:

— זאָג מיר, מאַ, זיין נאָמען, וועל איך אים רופען, וועט ער שוין קומען.

— ניין, מיין קינד, — האָט די מאַמע געענטפערט מיט אַ שמייכעל, — ער מוז אַפריהער קומען, דיין קליין ברודערל, דערנאָך וועט מען אים רופען.

— פאַרוואָס רופסטו מיך: עטעלע! און איך קום גלייך? — האָט עטעלע געפרעגט.

— ווייל דו קענסט שוין געהן, און דיין ברודערל קען נאָך ניט געהן, — האָט די מאַמע געענטפערט.

איך וועל אים לערנען געהן, ווען ער וועט קומען, — האָט עטעלע געזאָגט.

— דו ביסט אַ גוט מיידעלע, — האָט די מאַמע געזאָגט צו עטעלע׳ן און אַ קוש געטאָן זי. — נו, איצטער גאָה שלאָפען, און שלאָף געזונט. אַז מען שלאָפט, וואַקסט מען.

ווען עטעלע האָט דערהערט, אַז מען שלאָפט וואַקסט מען, איז זי גלייך געגאַנגען שלאָפען. אַז זי איז איינגעשלאָפען, האָט זיך איר גע׳חלומ׳ט, ווי זי וואַקסט און וואַקסט און וואַקסט, און זי איז אַזוי אויסגעוואַקסען, אַז דאָס בעטעלע איז שוין פאַר איר געוואָרען צו קורץ. האָט זי גענומען מיט די פיסעלאַך שפּאַרען און שטופען דאָס בעטעלע. נעמט זיך ביי איר בעטען דאָס בעטעלע:

— איך בעט דיך, עטעלע, שטופּ ניט דיין בעטעלע!

זאָגט עטעלע צו איר בעטעלע:

— פאַרוואָס לאָזטו מיך ניט וואַקסען?

פרעגט דאָס בעטעלע:

— טאָ וואָס זשע זאָל איך טאָן?

ענטפערט עטעלע:

— וואַקס אַזוי ווי איך וואַקס, וועט זיין גוט.

זאָגט דאָס בעטעלע:

— איך קען ניט וואַקסען אַזוי ווי דו וואַקסט. בעטעלאַך וואַקסען ניט.

פרעגט עטעלע:

— טאָ פארוואָס זענען דאָ קליינע בעטעלאַך און גרויסע בעטען? וועסטו גאָר קיינמאָל ניט ווערען אַ גרויס בעטעלע, אַזוי ווי איך אַ גרויס מיידעלע?

ענטפערט דאָס בעטעלע:

— ניין, איך וועל שוין אַזוי בלייבען.

פרעגט עטעלע:

— און איך וועל אויך אַזוי בלייבען?

ענטפערט דאָס בעטעלע:

— גאָר, דו קענסט וואַקסען.

פרעגט עטעלע:

— ווי אַזוי קען איך וואַקסען, אַז דו לאָזט מיר ניט אויס-ציהען די פיסעלאַך און ווערען אַ גרויס מיידעלע?

ענטפערט דאָס בעטעלע:

— נו, טאָ קויף זיך אַ גרויס בעט, וועסטו קענען אויסציהען די פיס וויפיל דו ווילסט אַליין און וועסט קענען וואַקסען. און מיך לאָז צו-רוה.

זאָגט עטעלע:

— מאַמאַ וועט מיר קויפען אַ גרויס בעט, ווען איך וועל שוין אויסוואַקסען און ווערען אַ גרויסע. דערווייילע מוז איך דאָך אָבער וואַקסען, און דו לאָזט מיך ניט. וועל איך דיך שטופען, זאָלסט מיך לאָזען וואַקסען.

און עטעלע האָט גענומען ווייטער שטופען דאָס בעטעלע. האָט זי געשטופט און געשטופט מיט די פיסעלאַך דאָס בעטעלע, ביז זי האָט זיך אויפגעכאַפט און גענומען רופען: „מאַמאַ! מאַמאַ!" איז די מאַמע צוגעלאָפען און האָט זי געפרעגט:

— וואָס איז דיר, מיין קינד?

האָט עטעלע געענטפערט:

— דו האָסט מיר געהייסען וואַקסען אין שלאָף, נו, האָב איך גע־נומען וואַקסען און אויסציהען די פיסעלאַך, לאָזט מיך ניט דאָס בעטעלע האָב איך גענומען שטופען דאָס בעטעלע, שרייט דאָס אויף מיר, פאַרוואָס איך שטופּ דאָס! קויף מיר, מאַמאַ, אַ גרויס בעט, וועל איך קענען דאָרטען וואַקסען און אויסציהען די פיסעלאַך.

— ניין, מיין קינד! — האָט איר די מאַמע געענטפערט. — איך האָב דיר געזאָגט, אַז אַ גרויס בעט וועל איך דיר קויפען, ווען דו וועסט אויסוואַקסען און ווערען אַ גרויסע מויד. אָבער ביז דו וועסט אויסוואַקסען, מוזטו שלאָפען אין אָט דעם קליינעם בעטעלע.

— אָבער ווי אַזוי קען איך אויסוואַקסען, — האָט עטעלע גע־פרעגט, — ווען דאָס בעטעלע לאָזט מיך ניט אויסציהען די פיסעלאַך?

— טאָ שטויס ניט דאָס בעטעלע מיט די פיסעלאַך, וועט דאָס דיר לאָזען אויסציהען די פיסעלאַך. רוק זיך אַרויף מיט'ן קעפּעלע, וועסטו קענען אויסציהען די פיסעלאַך, וואָרים דאָס בעטעלע איז נאָך גרויס גענוג פאַר דיר.

האָט עטעלע געפּרואווט טאָן אַזוי ווי די מאַמע האָט איר גע־הייסען און זיך אַרויפגערוקט מיט'ן קעפּעלע, האָט זי געקענט אויס־ציהען די פיסעלאַך.

— זעהסט, עטעלע, — האָט איר די מאַמע געוויזען, — זעהסט, וויפיל דו האָסט נאָך צו וואַקסען? אָט אַזאַ שטיק! שלאָף נאָך, מיין קינד, אין אָט דעם בעטעלע, און דו וועסט אויסוואַקסען, וועל איך דיר קויפען אַ גרעסערע בעט.

איז געשלאָפען עטעלע אין דעם בעטעלע, און יעדען פריה־מאָרגען פלעגט זי אַ קוק טאָן, וואו האַלטען אירע פיסעלאַך. איינמאָל האָט זי דערזעהן, אַז אירע פיסעלאַך האַלטען שוין גאַנץ ווייט, שוין באַלד ביים צופוסענס פונ'ם בעטעלע. האָט זי אָנגעזאָגט דער מאַמען די שמחה, און די מאַמע האָט איר געזאָגט, אַז אַזוי דאַרף זיין, וואָרים זי ווערט שוין באַלד זעקס יאָר אַלט און זי וועט דאַרפען געהן אין שולע.

און עטעלע איז טאַקע באַלד געוואָרען זעקס יאָר אַלט, און אַ קליין ברודערל איז געקומען צו איר. עטעלע האָט ניט געזעהן, ווי אַזוי דאָס קליינע ברודערל איז צו איר געקומען, נאָר אינדערפריה האָט מען איר אָנגעזאָגט, אַז ער איז שוין דאָ און זי וועט אים דאַרפען

אָפּגעבען דאָס בעטעלע, און איר וועט מען קויפען אַן אַנדער בעטעלע, ניין, אַ בעט, ניט קיין בעטעלע, ווייל זי איז שוין אַ גרויסע מיידעל און דאַרף געהן אין שולע.

עטעלע האָט זיך זעהר דערפרייט מיט'ן קליינעם ברודערל, און זי האָט געוואָרט, מען זאָל שוין איר ברייננען דאָס גרויסע בעט און זי זאָל אָפּגעבען דעם ברודערל דאָס קליינע בעטעלע.

זי האָט לאַנג ניט געדאַרפט וואַרטען, מען האָט איר געבראַכט דאָס גרויסע בעט און זי איז שוין געשלאָפען ווי אַ גרויסער מענש. און דאָס קליינע בעטעלע איז געווען פאַר איר קליין ברודערל.

עטעלע'ס קליין ברודערל איז געווען אַ לעבעדיגער יאַט און אַ שרייער אויך, האָט מען אים אויף שפּאַס גערופען: שרעטעלע. איז שרעטעלע געשלאָפען אין עטעלע'ס בעטעלע, און אַז ער פלעגט זיך צעשרייען, פלעגט אים די מאַמע זינגען:

אונטער שרעטעלע'ס בעטעלע
וואקסט א גרינע בלעטעלע;
גרינע בלעטעלע אין גרינעם וואלד,
שרעטעלע'ס טאטע וועט קומען באלד.

און שרעטעלע פלעגט שוין מער ניט שרייען, און זיין טאַטע פלעגט טאַקע באַלד קומען און ברייננען צאַצקעס אי פאַר'ן קליינעם שרעטעלע, אי פאַר דער גרויסער עטעלע, וועלכע שלאָפט שוין אין אַ גרויסען בעטעלע.



# דזשייק און דער קייק

די מאַמע האָט געמאַכט אַ קייק, און דזשייק האָט גראָד האָלט געהאַט קייק, ניט צו מאַכען, נאָר צו עסען. און ניט נאָר אַ לעק און אַ שמעק, נאָר טאַקע אַ סך, ווייל דזשייק איז געווען אַ גרויסער נאַשער. ער איז געווען אַזאַ נאַשער, אַז נאָר די קאַץ פון הויז האָט זיך געקענט מיט אים פאַרגלייכען. און די מאַמע האָט דאָס געוואוסט, פלעגט זי טאַקע פון אים באַהאַלטען אַלע גוטע זאַכען, פונקט ווי זי פלעגט באַהאַלטען פון דער קאַץ.

האָט די מאַמע אַרויסגענומען דעם קייק פון אויווען און אים געלאָזט אָפּקילען: אָבער דזשייק איז געשטאַנען און האָט זי געהיט. פרעגט אים די מאַמע:

— וואָס שטעהסטו, דזשייק?

ענטפערט דזשייק:

— איך וויל קייק.

מאַכט די מאַמע:

— וואַרט עס וועט אָפּקילען און איך וועל דערלאַנגען צום טיש, וועלען אַלע עסען און דו וועסט אויך עסען.

אָבער דזשייק האָט ניט געקענט וואַרטען, ביז דער קייק וועט אָפּקילען: אים האָט זיך ש ו י ן געוואָלט עסען. זאָגט ער צו דער מאַמען:

— פאַרוואָס לאָזטו ניט די זופּ אָפּקילען און הייסט מיר גלייך עסען, און די קייק לאָזטו יאָ אָפּקילען און הייסט מיר וואַרטען?

ענטפערט די מאַמע:

— ווייל זופּ דאַרף מען עסען וואַרימע און קייק דאַרף מען עסען קאַלטע. קאַלטע זופּ איז ניט געשמאַק, אָבער קאַלטער קייק איז יאָ געשמאַק.

אָבער דזשייק האָט דערפון ניט געוואָלט וויסען: אים האָט זיך שוין געוואָלט קייק. מאַכט צו אים די מאַמע:

— איך זאָג דיר, דזשייק, אַז דו וועסט איצטער ניט קריגען קיין קייק. שפּעטער וועסטו קריגען. גער דערווייַלע אַרונטער אין גאַס שפּילען זיך.

אָבער דזשייק איז אַלץ געשטאַנען אין קיך און האָט געקוקט אויפ'ן קייק: ווען די מאַמע לאָזט אים, וואָלט ער אים איינער אַליין איינגאַנצען אויפגעגעסען. פאַרוואָס איז די מאַמע אַזוי שלעכט? טראַכט ער.

זאָגט צו אים ווידער די מאַמע:

— דו געהסט אַרונטער אין גאַס, צי ניט? איך זאָג דיר, אַז דו וועסט קיין הייסע קייק ניט קריגען ביי מיר. אויב דו ווילסט, קענסטו ביי מיר קריגען הייסע שמיץ.

אָבער דזשייק האָט גראָד ניט האָלט געהאַט קיין הייסע שמיץ, איז ווי ער האָט דערהערט, אַז די מאַמע וויל אים געבען הייסע שמיץ, האָט ער זיך פאַרקרימט און איז אַרונטער אין גאַס שפּילען זיך.

און אין גאַס האָבען אַלע קינדער געוואוסט, אַז דזשייק איז אַ גרויסער נאַשער, אַז דזשייק האָט האָלט קייק, ניט קיין שטיקעל, נאָר אַ גרויסען שטיק. האָבען זיי דערזעהן דזשייק'ען, האָבען זיי גענומען זינגען:

— דזשייק, דזשייק!
עס אויף אַ קייק,
זאָל זיין די גרויס
ווי אַ הויז.
קומט די קאַץ
און כאַפּט אַ מויז,
און זעצט זיך וואַשען
נאָכ'ן נאַשען.

איז דזשייק אין כעס געוואָרען אויף די קינדער און ער איז אַרויף צוריק אין הויז. זעהט די מאַמע, ער איז צוריק דאָ, פרעגט זי אים:

— וואָס ביסטו שוין צוריק?

ענטפערט דזשייק:

— די קינדער רייצען זיך מיט מיר, פאַרוואָס איך האָב האָלט קייק.

זאָגט צו אים די מאַמע:

— די קינדער רייצען זיך ניט מיט דיר, פאַרוואָס דו האָסט האָלט קייק, נאָר פאַרוואָס דו ביסט אַ נאַשער. הער אויף צו נאַשען, וועלען זיי פון דיר ניט לאַכען.

אָבער ניט צו זיין קיין נאַשער איז פאַר דזשייק׳ען געווען אַ שווערע זאַך, און דאָ זעהט ער נאָך דעם קייק. פאַרגעסט ער זיך אינ־גאַנצען, וואָס די קינדער לאַכען פון אים און זינגען פון אים לידלאַך, און ער טראַכט: אַך, ווי אַזוי קריגט מען דעם קייק? פאַרוואָס געהט שוין די מאַמע ניט אַוועק פון קיך? וואָס שטעהט זי אַזוי לאַנג אין קיך?

און די מאַמע האָט זיך דערוויל גראַד דערמאָנט, אַז זי דאַרף אַרונטער קויפען עפּעס אין קראָם. האָט זי זיך פאַרגעסען, וואָס דזשייק שטעהט לעבען קייק, און זי איז אַרוים פון הויז.

ווען דזשייק האָט דערזעהן, אַז די מאַמע איז ניטאָ, האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן גלייך צום קייק, און האָט מיט די פינגער גענומען רייסען פון אים שטיקער און לייגען אין מויל. און דאָ האָט ער נאָך מורא, טאָמער וועט די מאַמע אָנקומען, האָט ער דאָס קייק אפילו ניט צעקייט, נאָר געשלונגען שטיקערווייז, און ער האָט אַזוי באַלד דעם גאַנצען קייק אויפגעגעסען, און האָט זיך גאָר פאַרגעסען, אַז אויך דער טאַטע מיט דער מאַמען דאַרפען עסען.

אינמיטען דערינען האָט ער דערהערט, ווי די מאַמע געהט, האָט ער זיך אויף גיך אַרויסגעכאַפּט פון קיך און זיך באַהאַלטען אין אַן אַנדער צימער. די מאַמע איז אַריין אין קיך און האָט דער־זעהן, וואָס עס איז געוואָרען פונ׳ם קייק, האָט זי גענומען שרייען:

— דזשייק, וואו איז דער קייק?

אָבער דזשייק האָט ניט געענטפערט. האָט די מאַמע ווידער געשריען:

— וואו ביסטו, דזשייק?

אָבער דזשייק האָט ווידער ניט געענטפערט. איז די מאַמע שוין אַוועק אים זוכען איבער אַלע צימערן. האָט ער דערהערט, ווי

די מאַמע געהט אַרום און זוכט אים, האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט פון דעם צימער, וואו ער האָט זיך באַהאַלטען און איז אַרויסגעלאָפען אין גאַס. האָבען אים דערזעהן די קינדער און זיי האָבען ווידער גענומען זינגען:

— דזשייק, דזשייק!
עס אויף אַ קייק,
זאָל זיין די גרויס
ווי אַ הויז.
קומט די קאַץ
און כאַפּט אַ מויז,
און זעצט זיך וואַשען
נאָכ'ן נאַשען.

איז דזשייק ווידער אין כעס געוואָרען אויף די קינדער, פאַר־וואָס זיי רייצען זיך מיט אים, אָבער צוריק אין הויז האָט ער מורא געהאַט אַרויפצוגעהן, די מאַמע זאָל אים ניט געבען קיין הייסע שמיץ פאַר'ן הייסען קייק, וואָס ער האָט אויפגענאַשט. האָט ער זיך גע־שפּילט, ביז דער בויך האָט אים אָנגעהויבען צו וועה טאָן. און אַז דער בויך האָט אים אָנגעהויבען צו וועה טאָן, איז ער אַרויפגעלאָפען אין הויז מיט קולות:

— אוי וועה, דער בויך טוט וועה!

און ווי די מאַמע האָט דערזעהן, ווי דזשייק האַלט זיך פאַר'ן בויך און שרייט אַזוי, האָט זי פאַרגעסען אָן דעם קייק און אָן דער גאַנצער געשיכטע און האָט גערופען דעם דאָקטאָר.

דער דאָקטאָר איז געקומען און האָט אַרומגעקוקט דזשייק'ען, האָט ער געזאָגט, אַז דזשייק איז קראַנק פון איבערעסען זיך. און דאָ האָט זיך די מאַמע דערמאָנט. אַז דער קייק איז ניטאָ און אַז דזשייק האָט אים אויפגעגעסען. אָבער די מאַמע האָט אויף דזשייק'ען ניט געשריען, ווייל ער איז געווען קראַנק.

דער דאָקטאָר האָט פאַרשריבען אַ רעצעפּט און איז אַוועק־געגאַנגען. די מאַמע איז אַוועק אין אַפּטייק מאַכען דעם רעצעפּט, און דזשייק האָט גענומען די רפואה און איז געזונט געוואָרען, האָט

די מאַמע אים דערמאָנט וועגען דעם קייק, אַז ער איז קראַנק געוואָרען פון עסען צופיל קייק.

דזשייק האָט דערזעהן, אַז מען ווערט קראַנק פון צופיל קייק, האָט ער צוגעזאָגט דער מאַמען, אַז ער וועט שוין מער קיין נאַשער ניט זיין, אַז ער וועט ניט עסען קיין גרויסען שטיק קייק, נאָר אַ שטיקעלע, אַזוי פיל, וויפיל די מאַמע וועט אים געבען, און ער וועט טאַקע וואַרטען, ביז די מאַמע וועט אים געבען, ניט אַליין כאַפּען און לאַפּען.

און אַזוי איז טאַקע געוועזן, און די קינדער האָבען זיך שוין מער ניט גערייצט מיט אים, נאָר געשפּילט זיך שיין און פיין, אַזוי ווי עס באַדאַרף צו זיין.

נאָר די קאַץ איז געבליבען דיזעלביגע נאַשערין ווי געוועזן, און דזשייק פלעגט זיך מיט איר רייצען און זינגען:

— זאַווע, זאַווע, רוכע!
די קאַץ איז אַ לאַסוכע.
פרעגט ביי קיינעם ניט און נאַשט,
און די ליפּעלאַך זי וואַשט.

# א מעשה פון א רב מיט א רבי'צין

אַמאָל איז געוועזן אַ רב מיט אַ רבי'צין. זענען זיי געוועזן זעהר אָרים, אָבער זעהר גוטע מענשען, אַזעלכע גוטע, וואָס די וועלט האָט נאָך ניט געזעהן. דעם לעצטען ביסען ברויט פון מויל פלעגען זיי אַוועקגעבען דעם הונגעריגען און דאָס לעצטע העמד פון זיך פלעגען זיי אַוועקגעבען דעם נאַקעטען.

פלעגט דער רב געהן אַלע טאָג אין שול אַריין לערנען און די רבי'צין פלעגט בלייבען אין הויז קאָכען וואַרמעס.

איינמאָל האָט די רבי'צין אָפּגעקאָכט דעם וואַרמעס און גע-וואַרט דער רב זאָל קומען פון שול עסען. הערט זי מיט אַמאָל, מען קלאַפּט אין טיר. געהט זי צו און עפענט, ערשט אַן אָרימאַן

שטעהט אין טיר און בעט זיך, מען זאָל איהם אריינלאָזען, געבען אים עפּעס עסען.

האָט די רבי'צין אריינגעלאָזען דעם אָרימאַן אין הויז, אים אוועקגעזעצט ביים טיש און אוועקגעגעבען אים דעם רב'ם ווארמעס. און פאַר'ן רב האָט זי צוגעשטעלט קאָכען אַן אַנדער טעפּעל.

דער אָרימאַן האָט אָפּגעגעסען און איז אוועקגעגאַנגען. דער־ווייל איז געקומען דער רב פון שול עסען ווארמעס. זאָגט צו אים די רבי'צין:

— וועסט מוזען ווארטען, מיין מאַן, אויפ'ן ווארמעס, וואָרים אַ הונגעריגער אָרימאַן איז געקומען און האָט אויפגעגעסען דיין ווארמעס. האָב איך צוגעשטעלט פאַר דיר קאָכען אַן אַנדער טעפּעל.

זאָגט דער רב:

— אַ דאגה, מיין ווייב! האָב קיין צער ניט דערפון. איך וועל דערווייל געהן צוריק אין שול אריין לערנען, ביז דער ווארמעס וועט פאַרטיג ווערען.

איז דער רב אוועק צוריק אין שול אריין לערנען און די רבי'צין איז געבליבען אין הויז קאָכען דעם ווארמעס.

ווי דער ווארמעס איז פאַרטיג געוואָרען, אַזוי האָט די רבי'צין ווידער דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר. איז זי געגאַנגען עפענען. ערשט עס שטעהט ווידער אַן אָרימאַן אין טיר און בעט עסען.

האָט די רבי'צין אויך דעם אָרימאַן אריינגענומען אין הויז און האָט אים אוועקגעגעבען דעם רב'ם ווארמעס. און פאַר'ן רב האָט זי ווידער צוגעשטעלט אַן אַנדער טעפּעל.

קומט דער רב פון שול עסען, זאָגט צו אים ווידער די רבי'צין:

— מיין מאַן, וועסט מוזען ווייטער ווארטען, וואָרים עס איז ווידער געקומען אַן אָרימאַן און האָט אויפגעגעסען דיין ווארמעס. האָב איך ווידער צוגעשטעלט פאַר דיר קאָכען אַן אַנדער טעפּעל.

— ווייטער אַ דאגה! וועל איך געהן ווייטער אין שול אריין לערנען און זיין דאָרטען ביז דער ווארמעס וועט פאַרטיג ווערען.

איז דער רב ווידער אוועק אין שול אריין לערנען און די רבי'צין האָט זיך געשטעלט קאָכען אַ נייעם ווארמעס.

האָט די רבי׳צין אָפּגעקאָכט דעם וואַרמעס און געוואַרט, דער רב זאָל שוין קומען עסען. ערשט ווידער האָט עמיצער אָנגעקלאַפּט אין טיר. איז די רבי׳צין געגאַנגען עפענען, ערשט זי זעהט, ווייטער אַן אָרימאַן, און ער בעט עסען.

האָט די רבי׳צין ווידער קיין שאלות ניט געפרעגט און האָט אַוועקגעגעבען אויך צו דעם אָרימאַן דעם רב׳ס וואַרמעס. און פאַר׳ן רב האָט זי ווידער געוואָלט צושטעלען קאָכען אַן אַנדער טעפּעל. אָבער אין הויז איז שוין גאָרנישט ניט געווען וואָס צו קאָכען, און קיין געלט צו געהן קויפען אין קראָם, איז אויך ניט געווען.

דאגה׳ט די רבי׳צין, וואָס דער רב וועט ניט האָבען וואָס צו עסען. זי אַליין איז אויך געווען הונגעריג. אָבער פאַר זיך אַליין האָט איר ניט געאַרט; עס האָט איר געאַרט פאַר׳ן רב.

קומט דער רב פון שול, זעהט ער, די רבי׳צין זיצט פאַר׳דאגה׳ט. פרעגט ער זי, וואָס איז געשעהן. דערציילט זי אים די מעשה. אַז עס איז ווייטער געקומען אַן אָרימאַן און האָט אויפגעגעסען דעם וואַרמעס, און וואָס אַנדערש צו קאָכען האָט זי שוין ניט, און קיין געלט איז אויך ניטאָ.

זאָגט דער רב:

— הער מיך אוים, מיין ווייב, ס׳איז ניטאָ וואָס צו זאָרגען. גאָט וועט העלפען, איז ניט, היינט, איז מאָרגען. אבי מיר האָבען היינט דריי מענשען געגעבען עסען.

פרעגט די רבי׳צין:

— און טאָמער קומט אַ פערטער מענש בעטען עסען, וואָס וועלען מיר אים געבען?

ענטפערט דער רב:

גאָט וועט צושיקען.

רעדען זיי אַזוי, ערשט עס דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר. רופט זיך אָן די רבי׳צין:

— אַן אָרימאַן אודאי!

געהט זי עפענען די טיר, ערשט טאַקע אַן אָרימאַן. און נאָך וואָס פאַר אַן אָרימאַן: אַ בעטלער! און נאָך וואָס פאַר אַ בעטלער:

אַ בעטלער פון בעטלער-לאַנד! לאָם אויף אַ פוס און אָהן אַ האַנט, און אין שמאַטעס אַנגעטאָן און מיט אַ גרויסען שטעקען אין דער איין-איינציגער האַנט און מיט אַ טאָרבע אויף די פלייצעס.

רופט זיך אָן דער בעטלער:

— גוטע מענשען, גאָט זאָל אייך בענשען! קען איך ביי אייך קריגען אַ פלאַץ איבערצונעכטיגען?

— א, מיט'ן גרעסטען כבוד! — האָט די רבי'צין געענטפערט, און דער רב אויך.

— עסען וועל איך ביי אייך ניט בעטען — האָט דער בעטלער ווייטער געזאָגט — עסען האָב איך שוין היינט געגעסען. און מאָרגען? זאָל גאָט זאָרגען! עס וועט זיך נאָך ביי מיר עפּעס געפינען אין טאָרבע, געוונג אַפילו אַ גאַנצע שטאָט אָנצוקאָרמענען.

שמייכעלט די רבי'צין און דער רב אויך. זיי שמייכלען פון דעם, וואָס אַ בעטלער באַרימט זיך מיט זיין טאָרבע.

זעהט דער בעטלער, אַז זיי שמייכלען, רופט ער זיך אָן:

— לאַכט ניט, גוטע מענשען! איהר קענט ניט וויסען, וואָס ביי אָן אָרימאַן קען זיך פאַרוואַלגערען.

איז דער בעטלער געבליבען נעכטיגען ביים רב אין הויז.

אויף מאָרגען אינדערפריה שטעהט אויף דער רב מיט דער רבי'צין, גיבען זיי אַ קוק: וואו בעטלער? ווער בעטלער? קיין בעטלער איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ! נאָר אין ווינקעל שטעהט נאָך זיין טאָרבע.

טראַכטען זיי: ער איז אודאי שוין אַוועק איבער'ן שטעטעל בעטלען שטיקלאַך ברויט. אָבער פאַרוואָס האָט ער איבערגעלאָזען די טאָרבע? און וואוהין וועט ער לייגען די ברויט, וואָס מען וועט אים געבען?

געהן זיי אַרוים אויפ'ן גאַס זוכען אים: ער איז ניטאָ! האָבען זיי אים אומעטום אַרומגעזוכט און אין ערגעץ ניט געקענט געפינען. האָבען זיי ביי אַלעמען געפרעגט, צו זיי האָבען ניט געזעהן אַ בעטלער פון בעטלער-לאַנד, אַ לאָמען אויף אַ פוס און אָהן אַ האַנט. אָבער קיינער האָט אַזאַ בעטלער ניט געזעהן.

קערען זיך דער רב מיט דער רבי׳צין צוריק אהיים, זעהען זיי, די טאָרבע שטעהט נאָך אין ווינקעל, אַ טאָרבע ווי אַלע טאָרבעס. געהען זיי צו און עפענען אויף טשיקאַוועס די טאָרבע, ערשט עס



האָט זיי אַ בליאַסק געטאָן אין די אויגען! אין טאָרבע איז ניט געוועזן קיין שטיקלאַך ברויט, נאָר שטיקער גאָלד.

רופט זיך אָן דער רב צו דער רבי׳צין:

— ווייסטו וואָס, מיין ווייב, איך וועל דיר זאָגען? דאָס איז ניט געוועזן קיין בעטלער, נאָר אליהו הנביא. דו זעהסט דאָך, אַז קיין אַנדערער האָט דאָס ניט געקענט זיין. גאָט האָט דאָס אונז צו-

געשיקט די שטיקער גאָלד, כדי מיר זאָלען קענען טאָן גוטס צו מענשען.

און דער רב מיט דער רבי'צין האָבען שוין מער ניט געוואוסט פון נויט, און זיי האָבען אויך געזעהן, אז אַנדערע זאָלען האָבען ברויט. זיי האָבען אַליין געהאַט גענוג צום עסען און זיי האָבען אויך אָן אַנדערע ניט פאַרגעסען.

## בערעלע־טאַטע און פערעלע־מאַמע

בערעלע און פערעלע זענען געווען ברידער און שוועסטער, און זיי האָבען געלעבט זעהר גוט צווישען זיך: קיינמאָל זיך ניט גע־קריגט, קיינמאָל זיך ניט געשלאָגען, און וואָס בערעלע פלעגט האָבען פלעגט ער געבען פערעלע'ן, און וואָס פערעלע פלעגט האָבען, פלעגט זי געבען בערעלע'ן. אָבער שפּילען זיך צוזאַמען פלעגען זיי ניט: בערעלע האָט זיך געהאַט זיינע אינגלאַך, מיט וועלכע ער פלעגט זיך שפּילען, און פערעלע האָט זיך געהאַט אירע מיידלאַך, מיט וועלכע זי פלעגט זיך שפּילען.

נאָר איינמאָל איז פערעלע געווען קראַנק. דערנאָך איז זי געזונט געוואָרען. אָבער דער דאָקטאָר האָט איר נאָך געהייסען זיין אין הויז אַ פּאָר טעג און ניט אַרויסגעהן אין גאַס. איז פערעלע'ן געווען זעהר אומעטיג צו זיין אין הויז. רופט זי זיך אָן צו בערעלע'ן:

— ווייסטו וואָס, בערעלע? זיי אויך אין הויז, וועלען מיר זיךביידע שפּילען.

זאָגט בערעלע:

— רעכט, פערעלע! איך וועל זיין מיט דיר אין הויז און שפּילען זיך מיט דיר. אָבער אין וואָס וועלען מיר זיך שפּילען?

האָט פערעלע געטראַכט און געטראַכט, דערנאָך האָט זי זיך אָנגערופען:

— איך ווייס שוין אין וואָס! אין טאַטע-מאַמע וועלען מיר זיך שפּילען. דו וועסט זיין דער טאַטע און איך וועל זיין די מאַמע, און מיין ליאַלקע וועט זיין אונזער קינד. און ווייסטו, ווי מיר וועלען זי רופען? פייגעלע! אַזוי ווי דער מומע עטעל׳ס מיידעלע.

האָבען זיי זיך גענומען שפּילען אין טאַטע-מאַמע. האָט פערעלע גענומען איר ליאַלקע אויף די הענט און געוויגט זי און גערעדט צו איר. אָבער בערעלע האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. רופט זיך צו אים אָן פערעלע:

— וואָס שטעהסטו אַזוי? כאַוואָלסטו עפּעס טאָן?

זאָגט בערעלע:

— איך ווייס ניט, וואָס צו טאָן.

זאָגט צו אים פערעלע:

— ביסט דאָך אַ טאַטע, טאָ געה פאַרדינען געלט, אַזוי ווי אַלע טאַטעס טוען.

מאַכט בערעלע:

— גוט. איך וועל געהן פאַרדינען געלט.

און ער האָט געוואָלט אַרוים אין גאַס.

רופט זיך צו אים אָן פערעלע:

— וואוהין זשע געהסטו, בערעלע?

זאָגט בערעלע:

— איך געה דאָך פאַרדינען געלט.

זאָגט פערעלע:

— וועל איך דאָך בלייבען אַליין אין הויז! וועט דאָך מיר זיין אומעטיג. ניין, מען דאַרף ניט געהן.

רופט זיך אָן בערעלע:

— וועל איך דאָך ניט פאַרדינען קיין געלט, וועל איך דאָך ניט זיין קיין טאַטע, טאָ וואָס וועל איך טאָן? מיר שפּילען זיך דאָך אין טאַטע-מאַמע.

האָט פערעלע ווידער גענומען טראַכטען. טראַכט זי און טראַכט. דערנאָך רופט זי זיך אָן צו בערעלע׳ן:

— גוט. געה פאַרדין געלט, אָבער זאָלסט באַלד קומען. זאָלסט זיך ניט זאַמען. דו הערסט?

זאָגט בערעלע:

— יאָ, פערעלע! איך וועל זיך ניט זאַמען.

איז בערעלע אַוועק אין גאַס און פערעלע איז געבליבען אין הויז מיט פייגעלע'ן איר ליאַלקע.

שפּילט פערעלע־מאַמע מיט איר ליאַלקע און וואַרט, אַז בערעלע־טאַטע זאָל קומען פון דער אַרבייט און ברייננגען אַ סך געלט, וועט זי קויפען פאַר דער ליאַלקע שיכעלאַך מיט זעקעלאַך. זעהט פערעלע־מאַמע, אַז בערעלע־טאַטע קומט נאָך ניט, רופט זי זיך אָן צו דער ליאַלקע:

— שאַ־שאַ־שאַ, קינד מיינס, וויין ניט. פּאַפּאַ וועט באַלד קומען.

בערעלע איז אָבער נאָך ניט געקומען, און פערעלע האָט אַלץ גערעדט צו דער ליאַלקע:

— וויין ניט, פייגעלע! פּאַפּאַ וועט באַלד קומען! קום גאַר שלאָפען. פּאַפּאַ וועט קומען, וועסטו אויפשטעהן.

און פערעלע האָט איינגעלייגט איר ליאַלקע שלאָפען און גע־זונגען איר אַ לידעלע:

— שלאָף, שלאָף פייגעלע!\
מאַך זשע צו דיין אייגעלע.\
דער טאַטע וועט ברייננגען אַ בייגעלע,\
וועט זיין אַ געזונט אין אייגעלע.\
דער טאַטע וועט ברייננגען אַן עפּעלע,\
וועט זיין אַ געזונט אין קעפּעלע.\
דער טאַטע וועט ברייננגען ניסעלאַך,\
וועט זיין אַ געזונט אין די פיסעלאַך.\
די מאַמע וועט קאָכען יאַיכעלע,\
וועט זיין אַ געזונט אין בייכעלע.\
פון וואַלד וועט קומען אַ העזעלע,\
וועט זיין אַ געזונט אין נעזעלע.

האָט פּערעלע געוויגט און געוויגט איר ליאַלקע, ביז עס האָבען איר גענומען וועה טאָן די הענטעלאַך. און בערעלע איז נאָך אַלץ ניטאָ!

טראַכט פּערעלע: וואָס קען דאָס זיין, וואָס בערעלע איז נאָך אַלץ ניטאָ? געהט זי צו צום פענסטער אַ קוק טאָן: ניטאָ בערעלע! נעמט זי וויינען. דערהערט די מאַמע. ווי זי וויינט, געהט זי צו צו איר און פרעגט זי:

— וואָס וויינסטו, פּערעלע?

ענטפערט פּערעלע:

— ניטאָ בערעלע!

זאָגט די מאַמע:

— וויין ניט. בערעלע איז מסתמא אין גאַס, שפּילט זיך מיט זיינע אינגלאַך.

זאָגט פּערעלע:

— ניין, ער שפּילט זיך ניט מיט די אינגלאַך. ער שפּילט זיך מיט מיר אין טאַטע-מאַמע, איז ער אַוועק פאַרדינען געלט, ווי אַלע טאַטעס, און איז נאָך ניט געקומען.

— ער וועט באַלד קומען, ער וועט באַלד קומען! — האָט די מאַמע געזאָגט, און איז אַוועק צוריק אין קיך טאָן איר אַרבייט.

אָבער בערעלע איז נאָך אַלץ ניט געקומען. וואו איז ער געוועזען? ער איז טאַקע געוועזען אונטען אין גאַס און האָט זיך דאָרטען געשפּילט מיט אינגלאַך. ער האָט זיך פאַרגעסען אָן דער גאַנצער חתונה, וואָס ער איז בערעלע-טאַטע און עס וואַרט אויף אים פּערעלע-מאַמע.

ער האָט זיך אָבער פּאַרט דערמאָנט, אַז זיין שוועסטער וואַרט אויף אים, וואַרפט ער אינמיטען דער שפּיל און וויל לויפען אַהיים צוריק צו זיין שוועסטער. זעהען די אינגלאַך, זאָגען זיי צו אים:

— וואוהין לויפסטו, בערעלע?

דערציילט זיי בערעלע, אַז ער שפּילט זיך מיט זיין שוועסטער פּערעלע און ער איז געגאַנגען פאַרדינען און איצט דאַרף ער געהן צוריק אַהיים.

לאַכען פון אים די אינגלאַך, וואָס ער שפּילט זיך מיט אַ מיידעל און זיי נעמען זינגען:

— שפּילסט זיך מיט אַ מיידעל,
וועט מען אָנטאָן דיר אַ קליידעל!

אָבער בערעלע׳ן האָט ניט געאַרט, וואָס די אינגלאַך לאַכען פון אים, ווייל ער האָט ליב געהאַט זיין שוועסטער פּערעלע און פּערעלע האָט דאָך ניט געקענט אַראָפּ אין גאַס צו אירע חבר׳טעס. איז דאָך איר אומעטיג צו זיין אַליין אין הויז! און מיט וועמען וועט זי זיך שפּילען?

איז בערעלע אַרויף צוריק אין הויז. און ווען פּערעלע האָט אים דערזעהן, האָט זי זיך זעהר דערפרייט און זי האָט גלייך אויפגעהערט צו וויינען.

— וואו האָסטו זיך דאָס געזאַמט אַזוי לאַנג? — האָט אים פּערעלע געפרעגט.

אָבער בערעלע האָט געשוויגען. ער האָט זיך געפילט שולדיג.

— זאָג מיר, וואו האָסטו זיך דאָס געזאַמט? — האָט אים פּערעלע ווידער געפרעגט. — דערצייל מיר דעם אמת, איך וועל דיר גאָרנישט ניט טאָן.

און בערעלע האָט דערציילט פּערעלע׳ן דעם אמת, אַז ער האָט געשפּילט אונטען מיט אינגלאַך און זיך גאָר פאַרגעסען, אַז ער איז אַ טאַטע.

— איך וועל מער ניט טאָן דאָס, — האָט בערעלע געזאָגט, — זיי מיר מוחל, פּערעלע!

— איך בין דיר מוחל! — האָט פּערעלע געזאָגט.

און זיי האָבען זיך געשפּילט ווייטער אין טאַטע־מאַמע.

— פאַרוואָס בעטסטו ניט עסען? — האָט פּערעלע געפרעגט, — דו ביסט דאָך געקומען פון דער אַרבייט!

— נו, גיב מיר עסען! — האָט בערעלע געזאָגט.

— נו, טאָ האַלט צו דאָס קינד, וועל איך דיר מאַכען עסען, — האָט פּערעלע געזאָגט.

און בערעלע האָט צוגעהאַלטען די ליאַלקע, און פּערעלע האָט אים געמאַכט עסען.

אָבער באַלד האָט זיי די מאַמע געררופען טאַקע אויף אַן אמת עסען, ניט אויף צו־כלומר'שט, און בערעלע איז געוואָרען אויס טאַטע און פּערעלע איז געוואָרען אויס מאַמע, און די מעשה איז שוין אויך אויס.

---

# יעקעלע און זיין שטעקעלע

יעקעלע האָט געהאַט אַ שטעקעלע, אַ פיין שטעקעלע, מיט אַ געשניצט הענטעלע.

איינמאָל האָט אים באַגעגענט אַ אינגעלע מיט אַ העקעלע. זאָגט דאָס אינגעלע מיט'ן העקעלע צו יעקעלען מיט'ן שטעקעלע:

— יעקעלע, גיב מיר דיין שטעקעלע און נאַדיר מיין העקעלע.

זאָגט יעקעלע מיט'ן שטעקעלע צום אינגעלע מיט'ן העקעלע:

— איך וויל זיך ניט בייטען.

מאַכט דאָס אינגעלע מיט'ן העקעלע:

— אָבער אַ העקעלע איז בעסער פון אַ שטעקעלע.

זאָגט יעקעלע:

— טאָ וואָס זשע ווילסטו דאָס שטעקעלע?

האָט דאָס אינגעלע מיט'ן העקעלע שוין ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען און ער איז אַוועק ווייטער.

אויף מאָרגען האָט ווידער דאָס אינגעלע מיט'ן העקעלע באַגעגענט יעקעלען מיט'ן שטעקעלע. זאָגט ער ווידער צו אים:

— יעקעלע, גיב מיר דיין שטעקעלע און נאַדיר מיין העקעלע.

האָט יעקעלע ווידער ניט געוואָלט בייטען זיין שטעקעלע אויפ'ן העקעלע.

אָבער דאָס אינגעלע מיט'ן העקעלע איז צו אים צוגעשטאַנען אַזוי ווי אַ קלעק און ניט אָפּגעלאָזען אים: ניט אַנדערש, ער זאָל זיך מיט אים בייטען. און יעקעלע זאָגט: ניין און ניין!

איז דאָס אינגעלע מיט'ן העקעלע געוואָרען אין כעס אויף יעקעלען מיט'ן שטעקעלע, זאָגט ער צו אים:

— אויב דו וועסט זיך ניט בייטען מיט מיר, וועט מיין העקעלע צעהאַקען דיין שטעקעלע.

האָט יעקעלע טאַקע מורא געהאַט, אַז דאָס אינגעלע מיט'ן העקעלע זאָל ניט צעהאַקען זיין שטעקעלע, האָט ער זיך מיט אים געביטען, און יעקעלע מיט'ן שטעקעלע איז געוואָרען יעקעלע מיט'ן העקעלע און דאָס אינגעלע מיט'ן העקעלע איז געוואָרען דאָס אינגעלע מיט'ן שטעקעלע.

איז אַוועק אַהיים יעקעלע מיט'ן העקעלע, און ער האָט זעהר געביינקט נאָך זיין שטעקעלע. ער האָט דאָס אַזוי געוואָלט צוריק האָבען! עס איז דאָך אַזאַ פיין שטעקעלע מיט אַ געשניצט הענטעלע! אמת, דאָס העקעלע איז אויך ניט קיין מיאוס'ע זאַך: עס איז שאַרף און עס קען האַקען, אָבער ווי קומט דאָס צום שטעקעלע? און אַחוץ דעם, וועלען דאָך אַלע ביי אים פרעגען: „יעקעלע, וואו איז דיין שטעקעלע”? אַלע ווייסען דאָך, אַז ער איז געווען יעקעלע מיט'ן שטעקעלע.

לייגט זיך יעקעלע שלאָפען, און ער טראַכט, מאָרגען וועט ער זעהן דאָס אינגעלע, וואָס האָט אים געגעבען דאָס העקעלע, און ער וועט ביי אים אָפנעמען דאָס שטעקעלע. און טראַכטענדיג אַזוי, איז ער איינגעשלאָפען.

שלאָפט אַזוי יעקעלע און חלום'ט פון זיין שטעקעלע. דער־הערט ער מיט אַמאָל, ווי איינער געהט און קלאַפט. גיט זיך יעקעלע אַ כאַפ און פרעגט:

— ווער איז דאָס?

ענטפערט מען אים:

— האָב ניט מורא, יעקעלע!
דאָס בין איך דיין שטעקעלע!

דערפרייט זיך יעקעלע און ער זאָגט:

— אָ, דו ביסט דאָס מיין שטעקעלע,
פון יעדער זייט אַן עקעלע?

מאכט דאָס שטעקעלע:

— יאָ, צוויי עקען האָט אַ שטעקען. און וויפיל עקען האָט אַ האַלבער שטעקען?

דערמאָנט זיך יעקעלע, אַז אַזאַ רעטעניש האָט ביי אים אַמאָל געפרעגט דער זיידע. גיט ער אַ קוק. ערשט ניט זיין שטעקעלע שטעהט פאַר אים, נאָר דער זיידע, און אין האַנט האַלט דער זיידע אַ לאַנגען שטעקען. גיט דער זיידע אַ מאַך מיט׳ן שטעקען, און יעקעלע האָט גענומען מורא האָבען. זאָגט דער זיידע:

— יעקעלע, יעקעלע, זאָלסט זיך ניט שרעקען, זאָלסט זיך ניט שרעקען פאַר מיינעם אַ שטעקען!

און דער זיידע גיט איבעראַניים אַ מאַך מיט׳ן שטעקען, און יעקעלע דערזעהט אַ קראָם מיט שטעקלאַך, גרויסע און קליינע, גראָבע און דינע, שוואַרצע און געלע, און ווייסע, און ברוינע, און רויטע. זוכט יעקעלע זיין שטעקעלע, אָבער ער קען עס ניט געפינען. פרעגט דער קרעמער ביי יעקעלע׳ן:

— וואָס זוכסטו יעקעלע?

ענטפערט יעקעלע:

— איך זוך מיין שטעקעלע.

זאָגט דער קרעמער:

— דיין שטעקעלע איז דאָך ביים אינגעלע מיט׳ן העקעלע. געדיינקסט, האָסט זיך מיט אים געביטען?

פרעגט יעקעלע:

— און וואו איז דאָס אינגעלע מיט׳ן העקעלע?

ענטפערט דער קרעמער:

— פרעג דיין זיידען.

און יעקעלע דערזעהט ווידער זיין זיידען מיט׳ן לאַנגען שטעקען. פרעגט ער ביי אים:

— זיידע, זיידע, וואו איז דאָס אינגעלע מיט׳ן העקעלע, וואָס האָט ביי מיר אָפּגענומען דאָס שטעקעלע?

זאָגט דער זיידע:

— ער וואוינט זעהר ווייט, ווייט פון גאָט און פון לייט. נאָר אַז דו ווילסט, זעץ זיך רייטענדיג אויף מיין שטעקען, וועט ער דיך אַהין ברייגגען.

זעצט זיך יעקעלע רייטענדיג אויפ'ן זיידענ'ס שטעקען און מיט זיך נעמט ער דאָס העקעלע, וואָס דאָס אינגעלע האָט אים געגעבען פאַר זיין שטעקעלע. רייט ער און רייט איבער בערג און איבער טאָלען, ביז ער איז געקומען צו אַ שטיבעלע. קלאַפּט ער אָן אין שטיבעלע:

— קליפּ-קלאַפּ, עפענט מיר,
עפענט אויפעט מיר די טיר!

געהט אַרויס אַן אַלטינקע באָבעצע און פרעגט אים:

— ווער ביסטו, אינגעלע?

ענטפערט ער:

— יעקעלע מיט'ן שטעקעלע!

פרעגט זי:

— און וועמען דאַרפסטו?

ענטפערט ער:

— דאָס אינגעלע מיט'ן העקעלע!

זאָגט די אַלטינקע באָבעצע:

— דאָס אינגעלע מיט'ן העקעלע וואוינט דאָ שוין מער ניט. געה זיך ווייטער.

רייט זיך יעקעלע ווייטער אויף זיין זיידענ'ס שטעקען. רייט ער און רייט, ביז ער איז געקומען צו רייטען צו אַן אַנדער שטיבעלע. קלאַפּט ער אָן:

— קליפּ-קלאַפּ, עפענט מיר,
עפענט אויפעט מיר די טיר!

איז אַרויסגעקומען טאַקע דאָס אינגעלע מיט'ן העקעלע. זאָגט צו אים יעקעלע:

— נאַדיר דיין העקעלע און גיב מיר מיין שטעקעלע.

זאָגט דאָס אינגעלע מיט'ן העקעלע:

— איך האָב שוין מער ניט דיין שטעקעלע. איך האָב אָנגעשלאָגען מיט'ן שטעקעלע דער אַלטער באָבעצע'ס הינטעלע, האָט זי ביי מיר אַרויסגעכאַפּט דאָס שטעקעלע און אַריינגעוואָרפען עס אין אויווען און עס איז פאַרברענט געוואָרען.

פאַרקירעוועט יעקעלע זיין זיידענ'ס שטעקען און ער פאָרט צוריק אַהיים מיט אַ געוויין, מיט אַ געשריי:

— ניטאָ שוין מער מיין שטעקעלע,
פון יעדער זייט אַן עקעלע!

הערט ער מיט אַמאָל אַ קלאַפּען: טוק! טוק! גיט ער אַ קוק, ערשט זיין שטעקעלע! מאַכט יעקעלע צו זיין שטעקעלע:

— מען האָט דאָך דיך אין אויווען אַריינגעוואָרפען, היינט ווי זשע קומסטו אַהער?

ענטפערט דאָס שטעקעלע:

— דורכ'ן קוימען בין איך אַנטלאָפען. אינאיינעם מיט'ן רויך בין איך אַרויס.

וויל יעקעלע אַ טאַפּ טאָן דאָס שטעקעלע און האָט מורא: טאָמער איז היים, ווייל דאָס שטעקעלע איז געוועזען רויט ווי פייער. מאַכט צו אים דאָס שטעקעלע:

— האָב ניט מורא, יעקעלע!
איך בין דאָך דיין שטעקעלע!
ניט פון פייער בין איך רויט,
דאָס איז ביי מיר אַזאַ הויט.
אַזאַ הויט איז ביי מיר,
אַזאַ פאַרב, אַזאַ קאָליר.

האָט שוין יעקעלע קיין מורא ניט, און ער וויל אָננעמען זיין שטעקעלע. גליטשט זיך אָבער דאָס שטעקעלע מיט אַמאָל אַרויס פון זיין האַנט און נעמט טאַנצען:

— האָפּאַ, האָפּאַ, האָפּאַ, האָפּ!
פּיס אַרויף, קאָפּ אַראָפּ!
אַזוי טאַנץ איך מיר אַליין,
ביז דאָס אינגעל קומט צו גיין.

אינגעל, אינגעל, העקעלע —
איך בין דאָך זיין שטעקעלע.
נעמט ער מיך אוועקעט ניך,
נעמט אוועק מיך צו זיך.

און דאָס אינגעלע מיט'ן העקעלע איז טאַקע געקומען און דאָס שטעקעלע צוגענומען. האָט יעקעלע גענומען וויינען. מאַכט צו אים דאָס שטעקעלע:

— וויין ניט, וויין ניט, יעקעלע!
איך וועל זיין דיין שטעקעלע!

און דאָ האָט זיך יעקעלע אויפגעכאַפּט. ער האָט זיך גיך אָנגעטאָן און אָפּגעגעסען אויף גיך און האָט גענומען דאָס העקעלע און איז אוועק זוכען דאָס אינגעלע, וואָס האָט ביי אים אָפּגענומען זיין שטעקעלע. האָט ער אים געזוכט און געזוכט, ביז ער האָט אים געפונען. זאָגט צו אים יעקעלע:

— נאַדיר דיין העקעלע און גיב מיר אָפּ מיין שטעקעלע.

וויל ניט דאָס אינגעלע. יעקעלע איז אָבער ניט קיין נאַר, גיט ער זיך אַ קלאַפּ אין שטערען און דערמאָנט זיך, ווי אַזוי דאָס אינגעלע מיט'ן העקעלע האָט ביי אים נעכטען אַרויסגענאַרט דאָס שטעקעלע. זאָגט יעקעלע צו אים מיט כעס:

— אויב דו וועסט מיר ניט אָפּגעבען מיין שטעקעלע, וועל איך מיט'ן העקעלע צעהאַקען דאָס שטעקעלע, און איך וועל כאָטש בלייבען ביים העקעלע, אָבער דו וועסט ניט האָבען קיין שטעקעלע.

טראַכט דאָס אינגעלע פונ'ם העקעלע: איידער גאָרנישט צו האָבען, טאָ זאָל כאָטש זיין אַ העקעלע, און ער האָט זיך צוריק אָפּגעביטען מיט יעקעלען, און דאָס אינגעלע האָט געקראָגען צוריק זיין העקעלע און יעקעלע — זיין שטעקעלע. אַ פּלעקעלע אַריין, אַ פּלעקעלע אַרויס, די מעשה מיט'ן שטעקעלע לאָזט זיך אויס.



# א מאַן אויף א שפּאַן

אַמאָל איז געווען אַ מאַן, איז ער געווען די גרויס ווי אַ שפּאַן: אַזוי קליין איז ער געווען. שכל אָבער האָט ער געהאַט פאַר צען גרויסע, און אַ באָרד האָט ער אויך געהאַט אַ גרויסע — אַ באָרד אויף אַ קלאַפּטער: אַזוי לאַנג איז זי געווען.

און אַ ווייב האָט ער געהאַט, דער מאַן ווי אַ שפּאַן, איז זי אויך געווען אַ גרויסע, די גרויס ווי עוג מלך הבשן. און ווי גרויס זי איז געווען, איז זי נאָך אַ גרעסערע מרשעת געווען. זי פלעגט איר מאַן ווי אַ שפּאַן שלאָגן און הרג'ענען און פאַר דער באָרד רייסען און עסען ניט געבען, ביז זי האָט אים איינמאָל אינגאַנצען פון הויז אַרויסגעטריבען.

געהט ער אַזוי, דער מאַן ווי אַ שפּאַן, און טראַכט, וואָס זאָל ער טאָן. איז ער אַזוי געגאַנגען און געגאַנגען, ביז ער איז געקומען צו אַ וואַלד. געהט אים אַרויס אַ וואָלף אַנטקעגען און וויל אים אויפעסען.

רופט זיך אָן דער מאַן ווי אַ שפּאַן צום בייזען וואָלף:

— וואָלף, דו וואָלף, נאַרישער קאָפּ וואָס דו ביסט! דו ביסט דאָך אַזאַ פרעסער, און דו קוואַפּעסט זיך אויף אַ מאַן ווי אַ שפּאַן! איך וועל דאָך דיר אויף אַ צאָן ניט קלעקען. אמער, איך האָב אַ ווייב מיט אַ גרויסען לייב, וועסטו זי האָבען צו עסען און צו עסען.

פרעגט דער וואָלף:

— אַוואו איז זי, דיין ווייב מיט'ן גרויסען לייב?

ענטפערט דער מאַן ווי אַ שפּאַן:

— אינדערהיים האָב איך זי געלאָזען.

ווערט דער וואָלף אין כעס און זאָגט:

— פאַרוואָס האָסטו זי אַהער ניט געבראַכט?

ענטפערט דער מאַן ווי אַ שפּאַן:

— עך, דו נאַרישער וואָלף! ווי אַזוי האָב איך געקענט אַהער ברייננגען מיין ווייב? אין קעשענע? זי איז דאָך אַזאַ גרויסע און איך בין אַ מאַן די גרויס ווי אַ שפּאַן, און מיין קעשענע איז דאָך נאָך

קלענער פון מיר. פאָלג מיר, געה צו מיר אהיים און עס זי דאָרטען אויף. אז זי וועט פרעגען, ווער האָט דיך געשיקט, זאָג איר, אז איך האָב דיך געשיקט.



איז דער וואָלף אַוועק צום מאַן ווי אַ שפּאַן אהיים אויפצועסען זיין ווייב. קומט ער צוגעהן און קלאַפּט אין טיר:

— העי, דו ווייב מיט'ן גרויסען לייב! דיין מאַן ווי אַ שפּאַן האָט מיך געשיקט איך זאָל דיך אויפעסען.

האָט די ווייב פון דעם מאַן ווי אַ שפּאַן זיך זעהר דערשראָקען און גענומען שרייען: „ראַטעוועט!" אָבער קיינער האָט אירע קולות ניט געהערט און קיינער איז ניט געקומען צו ראַטעווען זי.

זעהט זי, אז עס איז שלעכט. האט זי גענומען רופען איר מאן צו הילף. איז ער געקומען באלד צולויפען.

— ראטעווע מיך, מיין ליבער מאן! — האט זי זיך ביי אים געבעטען. — ראטעווע מיך פון דעם בייזען וואלף! נעם אים צו פון מיר, און איך וועל גוט זיין און איך וועל פרום זיין און איך וועל שוין מער ניט זיין שלעכט צו דיר!

רופט זיך אן דער מאן ווי א שפאן צום וואלף:

— עך, דו נארישער וואלף! דו ווילסט אויפעסען מיין ווייב, וועלכע האט אזא גרויס ליעב? דו וועסט זיך דאך נאך דערווערגען! זי וועט זיך דאך דיר אין האלז שטעלען. איך זשאלעווע זי דיר ניט, פון מיינטוועגען מעגסטו זי אויפעסען. איך מיין דיין טובה. פאלג מיר, געה צוריק אין וואלד אריין, און דו וועסט דארטען קריגען אן אנדער מענשען, וואס זאל זיין פונקט ווי דיין מאס.

האט אים דער וואלף געפאלגט, און ער האט די ווייב ניט אויפגעגעסען.

אבער ווי נאר דער וואלף איז אוועק, אזוי האט די ווייב צוריק גענומען שרייען אויפ'ן מאן ווי א שפאן, און ווידער שלאגען אים און הרג'ענען אים. האט דער מאן ווי א שפאן דאס מאל שוין מער ניט געווארט ביז די ווייב וועט אים אינגאנצען ארויסטרייבען פון שטוב, און ער איז אליין אוועק.

געהט ער ווידער אזוי דער מאן ווי א שפאן און טראכט, וואס זאל ער טאן. איז ער ווידער אזוי געגאנגען און געגאנגען, ביז ער איז ווידער געקומען צום וואלד. געהט אים ווידער ארויס דער וואלף אנטקעגען און וויל אים ווייטער אויפעסען.

רופט זיך אן דער מאן ווי א שפאן צום וואלף:

— וואלף, דו וואלף! דו דערקענסט מיך גארניט? איך בין דאך דער מאן ווי א שפאן, און איך וועל דאך דיר אפילו אויף א צאן ניט קלעקען!

— יא, — האט דער וואלף געענטפערט. — איך בין אבער הונגעריג, און איך האב ניט וועמען צו עסען. דיין ווייב האט א צו גרויס לייב און איך האב מורא, אז איך וועל זיך מיט איר דער- ווערגען, און קיין אנדער מענש, וואס זאל מיר זיין פונקט צו דער

מאָס, מאַכט זיך אויך ניט. און עסען ווילט זיך מיר, נו, וועל איך דיך אויפעסען.

זאָגט דער מאַן ווי אַ שפּאַן צום וואָלף:

— רעכט, קענסט מיך אויפעסען, אויב דו ווילסט. נאָר איך בין דיר אַ גוטער פריינד און איך וויל, אַז דו זאָלסט זיך אָנעסען צו זאַט, טאָ קום אַריבער מיט מיר אַהיים און זאָג דאָרטען אָן מיין ווייב, זי זאָל מיר געבען גוט עסען און גוט טרינקען און ניט שלאָגען מיך, וועל איך ווערען גרעסער און פעטער, און דעמאָלט וועסטו קומען און מיך אויפעסען. איידער איצטער זאָל זיין דיין מאָלצייט מאָגער, איז בעסער שפּעטער ער זאָל זיין פעטער.

איז דעם וואָלף געפעלען געוואָרען די עצה פון דעם מאַן ווי אַ שפּאַן און ער איז מיט אים אַוועק אַהיים צו זיין ווייב.

קומען זיי צו געהן, קלאַפּט אָן דער וואָלף אין טיר:

— העי, דו ווייב מיט׳ן גרויסען לייב! איך האָב דיר געבראַכט דיין מאַן ווי אַ שפּאַן. זעה צו מאַכען אים פעטער, וועל איך קומען נאָך אים שפּעטער. געדיינק-זשע, דו מרשעת, זאָלסט אים געבען גוט צו עסען און גוט צו טרינקען און ניט שלאָגען אים, וואָרים איך דאַרף אים אויפעסען. אויב דו וועסט דאָס ניט טאָן, וועל איך קומען און דיך אַליין אויפעסען. באַדאַי דערוּוערגען זיך, אַבי אויפעסען אַזאַ מרשעת ווי דו.

האָט די ווייב אַזוי געטאָן ווי דער וואָלף האָט איר געהייסען, און זי האָט געגעבען איר מאַן עסען און טרינקען פון דאָס שענסטע און דאָס בעסטע און זי האָט אים שוין מער ניט געשלאָגען.

אין אַ צייט אַרום קומט צו געהן דער וואָלף געוואוירע ווערען, וואָס עס הערט זיך מיט׳ן מאַן ווי אַ שפּאַן, זעהט ער, אַז דער מאַן איז נאָך אַלץ ווי אַ שפּאַן און איז אַ האָר ניט גרעסער געוואָרען.

האָט דער וואָלף געמיינט, אַז די ווייב פאָלגט אים ניט און זי גיט ניט גענוג עסען דעם מאַן ווי אַ שפּאַן, האָט ער אויף איר אָנגעשריען און געהייסען איר געבען בעסער עסען דעם מאַן ווי אַ שפּאַן.

— געדיינק-זשע, מרשעת! — האָט דער וואָלף צו איר געזאָגט. — געדיינק, איך וועל קומען שפּעטער. זעה, ער זאָל זיין פעטער.

האָט די ווייב געגעבען דעם מאַן ווי אַ שפּאַן נאָך בעסער עסען און טרינקען, אָבער עס האָט ניט געהאָלפען, און דער מאַן איז נאָך אַלץ געווען די גרויס ווי אַ שפּאַן.

האָט די ווייב מורא געהאַט, דער וואָלף זאָל ווידער ניט קומען שרייען אויף איר און אויפעסען זי, פאַרוואָס איר מאַן איז נאָך אַלץ ווי אַ שפּאַן. האָט זי זיך גענומען בעטען ביי איר מאַן, ער זאָל זי ראַטעווען אויב דער וואָלף וועט קומען זי אויפעסען. אָבער דער וואָלף איז דערוויילע גע'פּגר'ט און ער איז שוין מער ניט געקומען.

די ווייב האָט אָבער דערפון ניט געוואוסט, און זי האָט זיך נאָך אַלץ געשראָקען טאָמער וועט דער וואָלף קומען און אויפעסען זי, פאַרוואָס איר מאַן איז נאָך אַלץ גרויס ווי אַ שפּאַן. האָט זי דערוויילע געלעבט גוט מיט'ן מאַן און געגעבען אים גוט עסען און טרינקען נאָך איצטער אויך.

דאָס איז די גאַנצע מעשה מיט'ן מאַן אויף אַ שפּאַן און מיט אַ באָרד אויף אַ קלאַפטער. אויף מער האָט קיין פאַריבעל ניט.

# גיטעלע און דער טעלעפאָן

אין גיטעלע'ס הויז איז געווען אַ טעלעפאָן, און גיטעלע האָט ליב געהאַט צו רעדען אין טעלעפאָן. אָבער זי איז נאָך געווען צו קליין, און דער טעלעפאָן איז געווען צו הויך, האָט זי אים ניט געקענט דערלאַנגען. האָט די מאַמע זי אויפגעהויבען אויף די הענט און זי האָט גערעדט צום טאַטען אין טעלעפאָן.

— האַלאָ, פּאַפּאַלע! האָט גיטעלע געזאָגט אין טעלעפאָן.

און פּאַפּאַ האָט איר געענטפערט:

— האַלאָ, גיטעלע! ווילסט אַ שליטעלע? וואַרט, ווינטער וועט קומען.

און גיטעלע האָט אַזוי געלאַכט, וואָס דער פּאַפּאַ רעדט צו איר! געזעהן האָט זי אים ניט, אָבער זי האָט אים געהערט. פּאַפּאַ'ס קול! און גיטעלע האָט ניט אויפגעהערט צו לאַכען און פּאַפּאַ

דאָרטען האָט אויך געלאַכט. און מאַמאַ דאָ לעבען איר האָט אויך געלאַכט. אַלע האָבען געלאַכט, און גיטעלע האָט אַ קוק געטאָן, צי דער טעלעפאָן לאַכט אויך. און מאַמאַ זאָגט צו גיטעלע׳ן:

— נו, גיטעלע, גיב פּאַפּאַ׳ן אַ קוש!

און גיטעלע גיט פּאַפּאַ׳ן אַ קוש אין טעלעפאָן און זאָגט צו אים:

— פּאַ! כאַפּ מיין קוש!

און פּאַפּאַ זאָגט:

— געכאַפּט, גיטעלע! אַ, ווי זיס! כאַפּ איצטער מיינעם אַ קוש!

און גיטעלע כאַפּט פּאַפּאַ׳ס קוש און שרייט אויס הויך אויפ׳ן קול:

— זיס, פּאַפּאַ!

און מאַמאַ זאָגט צו גיטעלע׳ן:

— נו, זאָג פּאַפּאַ׳ן אַ גוטען טאָג, און גיה אַרונטער פון די הענט. מיר איז שווער דיך צו האַלטען, ביסט שוין אַ גרויסע מויד!

און גיטעלע זאָגט פּאַפּאַ׳ן „אַ גוטען טאָג" און קריכט אַראָפּ אויף דר׳ערד.

גיטעלע׳ן וואָלט זיך וועלען רעדען צום פּאַפּאַ נאָך און נאָך. אָבער גיטעלע ווייסט, אַז מאַמאַ קען זי ניט האַלטען אין דער הויך די גאַנצע צייט. מאַמאַ האָט קיין צייט ניט צו עסק׳ען זיך מיט איר דעם גאַנצען טאָג. מאַמאַ דאַרף טאָן אין הויז די אַרבייט. אַך, ווען גיטעלע האָט אַזאַ קליינעם טעלעפאָן, אַז זי זאָל אים קענען אַליין דערלאַנגען! אַ גאַנצען טאָג וואָלט זי גערעדט צום פּאַפּאַ!

איינמאָל זאָגט גיטעלע צום טאַטען:

— קויף מיר, פּאַפּאַ, אַ קליינעם טעלעפאָן, אַזוי ווי איך די גרויס, וועל איך אַליין קענען רעדען אין טעלעפאָן און ניט דאַרפען טשעפּען מאַמאַ.

האָט דער טאַטע געקויפט גיטעלע׳ן אַ טעלעפאָן, און גיטעלע האָט זיך זעהר דערפרייט, ווען זי האָט דערזעהן דעם קליינעם טעלעפאָן, וואָס זי קען אים אַליין האַלטען אין האַנט. און זי האָט גענומען טאַנצען און שפּרינגען, און פּאַפּאַ האָט גענומען זינגען:

— טעלע, טעלע, טעלעפאָן!
דארפסט מיך האָבען, זאָג מיר אָן!
דארפסט דעם פאפא? זאָג: האלאָ!
זאָג אים: פאפא, איך בין דאָ!
וועט ער פרעגען: ווער איז דאָ?
וועסטו זאָגען: איך בין דאָ!
וועט ער פרעגען: ווער ביסט דו?
וועסטו זאָגען: טרעף שוין, נו!
וועט ער טרעפען: כ׳ווייס שוין, ווער!
און ער וועט ניט רעדען מער.
ניט דער פאפא, נאָר דער פאָן —
— טעלע, טעלע, טעלעפאָן!
שלעכטער, שלעכטער טעלעפאָן!
זאָג, וואָס האָסטו דאָס געטאָן?
פארוואָס שווייגסטו, רעדסט ניט מער?
גיב דעם פאפא, גיב אהער!
דארפסט דעם פאפא? זאָג: האלאָ!
און דער פאפא איז ווידער דאָ!

און גיטעלע האָט געזאָגט צו דער מאמען:

— איצטער, מאמע, וועל איך דיך שוין מער ניט טשעפען. איך האָב מיין אייגענעם טעלעפאָן.

אויף מאָרגען איז דער טאטע אוועק צו דער ארבייט, און גיטעלע האָט אים געזאָגט, אז זי וועט אים רופען אין טעלעפאָן.

ווען דער טאטע איז שוין געווען לאנג אוועק, האָט גיטעלע גענומען איר טעלעפאָן און גערופען:

— האלאָ!

האָט זי גערופען איין מאָל און צוויי מאָל און דריי מאָל: האלאָ! האלאָ! האלאָ! און פאפא איז אלץ ניטאָ!

ווייסט דאָך אָבער גיטעלע, אז א טעלעפאָן ווערט אמאָל שלעכט און וויל ניט רעדען. אָט מאמא׳ס טעלעפאָן איז אויך אזוי: מאמא

רעדט צו אים „האַלאָ, האַלאָ"! און ער וויל ניט רעדען, און טו אים וואָס! רופט זיך אָן גיטעלע צום טעלעפאָן:

— נו, טעלע טעלע, טעלעפאָן, גוט! זאָל זיין דערווייל. איך וועל דיר איצטער אָפּלאָזען, אָבער שפּעטער אַ ווײַלע, גערדיינק-זשע, וועסטו מיר מוזען ענטפערען. הערסט?

שפּעטער אַ ווײַלע האָט גיטעלע ווידער גענומען דעם טעלעפאָן און אַ רוף געטאָן הויך:

— האַלאָ!

אָבער דער טעלעפאָן האָט ווידער ניט געענטפערט.

פּרוּווט גיטעלע נאָך אַמאָל:

— האַלאָ!

און קיין ענטפער איז אַלץ ניטאָ!

ווערט שוין גיטעלע אין כעס און נעמט אַפילו טופּען מיט די פיסעלאַך און שרייען:

— האַלאָ, טעלע, טעלע, טעלעפאָן! גיב מיר מיין פּאַפּאַ? הערסט, צי ניט?

אָבער דער טעלעפאָן האָט איר אַלץ ניט געגעבען דעם פּאַפּאַ.

האָט גיטעלע זיך צעוויינט. האָט די מאַמע דערהערט ווי זי וויינט, געהט זי אַריין און פרעגט:

— וואָס וויינסטו, גיטעלע?

זאָגט גיטעלע:

— פּאַפּאַ האָט מיר געבראַכט אַ שלעכטען טעלעפאָן. איך רעד און רעד צום טעלעפאָן, זאָג: האַלאָ! האַלאָ! און ער שווייגט. נאַ, מאַמאַ, פּרוּוו דו רעדען! אפשר וועט ער דיר פּאָלגען?

אָבער די מאַמע האָט געזאָגט צו גיטעלע'ן:

— ניין, מיין קינד! דער טעלעפאָן איז ניט אויף צו רעדען, נאָר אויף צו שפּילען זיך. אָט דיין ליאַלקע קען דאָך אויך ניט רעדען. עס איז אַ צאַצקע נאָר.

— אָבער איך וויל אָן אמת'ן טעלעפאָן. אַזאַ ווי דו האָסט, זאָל קענען רעדען — האָט גיטעלע זיך אָנגערופען.

האָט די מאַמע ווידער געזאָגט צו איר:

— ניין, מיין קינד! דו קענסט ניט האָבען איצט אַן אמת'ן טעלעפאָן, אַזוי ווי איך. אַז דו וועסט זיין אַזוי גרויס ווי איך און וועסט זיין אַ מאַמע, וועסטו האָבען אַן אמת'ן טעלעפאָן און אַן אמת'ע קינד, אַזוי ווי דו ביסט איצט. ווילסט האָבען אַזאַ מיידעלע ווי דו?

גיטעלע האָט געענטפערט:

— יאָ.

— און דאָס מיידעלע זאָל ביי דיר בעטען אַ טעלעפאָן? — האָט די מאַמע זי געפרעגט. — נו, טאָ וואַרט, ביז דו וועסט ווערען אַ מאַמע, וועסטו האָבען אַזאַ מיידעלע ווי דו און דאָס מיידעלע וועט ביי דיר בעטען אַ טעלעפאָן, און דו וועסט צו איר זאָגען, אַז זי זאָל וואַרטען, ביז זי וועט ווערען אַ מאַמע. דערווייל, מיין קינד, שפּיל זיך מיט דער ליאַלקע און רעד אויף צו'כלומר'שט אין טעלעפאָן.

— אָבער איך וויל רעדען צום פּאַפּאַ! — האָט גיטעלע געזאָגט.

— נו, וועל איך דיך לאָזען רעדען אין מיין טעלעפאָן, — האָט די מאַמע געזאָגט, און זי האָט אויפגעהויבען גיטעלע'ן צום גרויסען טעלעפאָן, און גיטעלע האָט געזאָגט:

— האַלאָ, פּאַפּאַ!

און פּאַפּאַ האָט געענטפערט:

— האַלאָ, גיטעלע!

און זיי האָבען זיך צעקושט אין טעלעפאָן, און גיטעלע איז אַראָפּ פון דער מאַמע'ס הענט און איז אַוועק שפּילען זיך מיט איר טעלעפאָן. גיטעלע האָט צוגעשטעלט איר טעלעפאָן צו איר ליאַלקע'ס מיילכעלע און געלערענט די ליאַלקע רעדען אין טעלעפאָן:

— טעלע, טעלע, טעלעפאָן!
דאַרפסט מיך האָבען, זאָג מיר אָן!
דאַרפסט דעם פּאַפּאַ? זאָג: האַלאָ!
זאָג אים: פּאַפּאַ, איך בין דאָ!



# א פריהלינג־מעשה׳לע

איז געזעסען אַ שוואַלב אין אַ וואַרימען נעסט, אין אַ וואַרימען לאַנד, וואו ס׳איז כסדר זומער, כסדר זומער, קיינמאָל ניט ווינטער, קיינמאָל ניט ווינטער.

וואָרים שוואַלבען זענען אַזעלכע פויגלען, וואָס זיי קענען ניט פאַרליידען דעם ווינטער מיט זיינע קעלטען, און ווי עס ווערט קאַלט אין איין לאַנד, אַזוי אַנטלויפען זיי אין אַן אַנדער לאַנד, וואו ס׳איז וואַרים.

איז געזעסען יענע שוואַלב אין איר וואַרימען נעסט, אין דעם וואַרימען לאַנד, וואו ס׳איז כסדר זומער, קיינמאָל ניט ווינטער — איז זי געזעסען און האָט זיך געטראַכט: „ווי גוט ס׳איז מיר דאָ! ווי וואַרים ס׳איז מיר דאָ!”

און זי האָט זיך דערמאָנט אָן דעם קאַלטען לאַנד, פון וועלכען זי איז אַנטלאָפען אינאיינעם מיט אַנדערע שוואַלבען. אַ סך, אַ סך, זענען זיי דעמאָלט אַנטלאָפען, גאַנצע מחנות, און אַלע אינגעלאַך און אַלע מיידעלאַך האָבען זיי באַגלייט אויף זייער ווייטען וועג ביז אונטער׳ן שטאָט און די אינגעלאַך מיט די מיידעלאַך האָבען געזונגען:

פליהט געזונט, פליהט געזונט,
איבער וואַסער, איבער בריק,
איבער וועלדער, איבער פעלדער,
פליהט געזונט און קומט צוריק.

און די פויגעלאַך האָבען אַלע אין כאָר אָפּגעענטפערט די אינגעלאַך מיט די מיידעלאַך:

קומען וועלען מיר צוריק
איבער וואַסער, איבער בריק,
ווען די בוימער וועלען בליהען,
קומען מיר צוריק צופליהען.

די שוואַלב האָט זיך דאָס אַלצדינג דערמאָנט, און זי האָט זיך פאַרבענקט נאָך יענע אינגעלאַך און יענע מיידעלאַך פון יענעם קאַלטען לאַנד. זיי זענען זעהר גוטע אינגעלאַך און מיידעלאַך. שטענדיג, ווען זיי פלעגען עסען, פלעגען זיי איר עפּעס אויך געבען, אַ ברעקעל

אָדער צוויי. שלעכטס האָבען זיי איר קיינמאָל ניט געטאָן. נאָר איינמאָל האָט זיך געטראָפען, אַז אַ אינגעל האָט זי אַריינגעכאַפּט אין זיינע הענטלאך און גענומען זי קוועטשען. זי האָט אָבער גע־נומען פּישטשען און בעטען זיך ביי אים האָט ער זי איינגעלאָזען און ער האָט זי מער שוין ניט געטשעפּעט. אדרבא, ווען זי פלעגט קומען צו פליהען צו זיין הויז, פלעגט ער זי מכבד זיין מיט גרויפּען, מיט ברעקלאך ברויט.

„וואָס טוען זיי דאָרטען איצטער, די אַלע אינגעלאך און מיידע־לאך״ — האָט די שוואַלב געטראַכט — „איך וואָלט זיי ווילען זעהן. עס מוז נאָך דאָרטען זיין קאַלט. נאָר וואָס האָב איך מורא? איך וועל אַוועקפליהען אַהין אונוועל דעם פריהלינג ברייננען, וועט דאָרטען ווערען וואַרים און עס וועט ווידער נעמען בליהען און גרינען. איך פליה!״

און די שוואַלב האָט זיך גענומען ,פּאַקען אין וועג אַריין צוריק צום קאַלטען לאַנד.

האָבען דאָס דערזעהן די איבעריגע שוואַלבען, פרעגען זיי ביי איר:

— וואוהין איז דאָס, שוועסטער?

ענטפערט די שוואַלב:

— צוריק אין קאַלטלאַנד, צו די אינגעלאך און מיידעלאך.

זאָגען צו איר די איבעריגע שוואַלבען:

— עס איז נאָך צו פריה, שוועסטער! דאָרטען מוז נאָך זיין קאַלט.

זאָגט די שוואַלב:

— נו, וועל איך דאָרטען וואַרים מאַכען. איך וועל אַהין דעם פריהלינג ברייננען.

זאָגען די איבעריגע שוואַלבען:

— דו וועסט דעם פריהלינג ברייננען? ווייסטו דען ניט, אַז איין שוואַלב קען דעם פריהלינג ניט ברייננען? האָסט גאָרניט געהערט דערפון? דו וואַרט נאָך אַביסעל, וועלען מיר אַלע צוזאַמען פליהען אַהין און דעם פריהלינג זיי ברייננען.

אָבער די שוואַלב האָט ניט געוואָלט וואַרטען אויף די איבעריגע שוואַלבען, און זי איז אַליין אַוועקגעפלויגען צוריק אין קאַלטלאַנד.

נאָר געראַכט זענען געווען די איבעריגע שוואַלבען: איין שוואַלב קען טאַקע קיין פריהלינג ניט ברענגען.

די שוואַלב איז געקומען אין קאַלטלאַנד און האָט גענומען זינגען אַ פריהלינגס-ליד:

פריהלינג, פריהלינג,
פריה, פריה, פריה!
איך בין שוין
צוריק דאָ הי!

האָבען די קינדער דערהערט דאָס געזאַנג, האָבען זיי אויפ-געהויבען זייערע אויגען אין דער הויך, האָבען זיי דערזעהן די שוואַלב. האָבען זיי גענומען פּאַטשען מיט די הענטלאַך און זינגען:

פריהלינג, פריהלינג,
פריה, פריה, פריה!
די שוואַלב איז שוין
צוריק דאָ הי!
פריהלינג, פריהלינג,
איז שוין דאָ!
ווינטער, ווינטער,
מער ניטאָ!

און זיי האָבען גענומען אַראָפּוואַרפען פון זיך די מאַנטעלאַך. האָבען דאָס דערזעהן די מאַמעס דורך די פענסטער, זענען זיי אַרויס-געלאָפען אויפ׳ן גאַס און גענומען שרייען אויף די קינדער, פאַרוואָס זיי האָבען אויסגעטאָן די מאַנטעלאַך.

— איר וועט זיך דאָך צוקילען! נאָך צו פריה אויסצוטאָן די מאַנטעלאַך.

זאָגען די קינדער:

— עס איז דאָך שוין פריהלינג.

פרעגען די מאַמעס:

— ווער האָט דאָס אייך געזאָגט?



ווייזען אָן די קינדער מיט די פינגער אויף דער שוואַלב, וואָס האָט זיך פאַר־פריהט צו קומען.

זאָגען די מאַמעס:

— איין שוואַלב קען קיין פריהלינג נים מאַכען. אַז עס וועלען קומען אַ סך שוואַלבען, וועט איר דעמאָלט וויסען, קינדער, אַז עס איז פריהלינג. די בוימער וועלען נעמען בליהען און די גראָז וועט גרינען.

האָט זיך די שוואַלב אַרומגעדרעהט אין דער לופטען, געפלויגען פון בוים צו בוים, און די צווייגען זענען געווען נאַקעט, און עס איז דער שוואַלב זעהר אומעטיג געוואָרען.

האָט זיך די שוואַלב אַרומגעדרעהט אין דער לופטען, געפלויגען פון בוים צו בוים, און די צווייגען זענען געווען נאַקעט, און עס איז דער שוואַלב זעהר אומעטיג געוואָרען.

— די איבעריגע שוואַלבען זענען טאַקע גערעכט געווען — האָט זי צו זיך אַליין געזאָגט — איך בין טאַקע צו פריה געקומען, און איין שוואַלב קען קיין פריהלינג נים מאַכען. אַלע זאָגען אַזוי.

און דאָ האָט מיט אַמאָל אַ בלאָז געטאָן אַ קאַלטער ווינט, און אַ ציטער האָט אָנגעכאַפּט די שוואַלב, און זי האָט גענומען קוקען אין דרום־זייט, וואו די וואַרימע לענדער ליגען. זי האָט געקוקט און געקוקט: אפשר קומען צו פליהען אַלע אירע שוועסטער, די איבעריגע שוואַלבען, און זיי וועלען דעם פריהלינג ברייגגען און זי דערוואַרימען? און אונטען די קינדער זענען אויך געשטאַנען און האָבען געוואַרט אויף די איבעריגע שוואַלבען, וואָרים זיי איז שוין מיאוס געוואָרען צו טראָגען די ווינטערדיגע זאַכען.

זיי האָבען זיך דערוואַרט.

אַלע שוואַלבען זענען געקומען צו פליהען און האָבען געבראַכט דעם פריהלינג, און די זון איז ווארימער געוואָרען און די גראָז איז גרין געוואָרען און די בוימער האָבען געגומען בליהען, און אַלצדינג האָט אָפּגעלעבט, און די שוואַלב, וואָס איז צו פריה געקומען, האָט אויך אָפּגעלעבט, און זי האָט גענומען דרעהען זיך און פרעהען זיך און אַרומפליהען צוזאַמען מיט אַלע שוואַלבען, און די קינדער האָבען פון זיך אַראָפּגעוואָרפען זייערע שווערע ווינטערדיגע בגדים און האָבען זיך צעטאַנצט און צעזונגען:

פריהלינג, פריהלינג —
פריל, פריל, פריל!
קאָכט די וואסער
ארום מיהל.
פריהלינג, פריהלינג —
פרייד צו אייך!
לאָזט פאַנאַנדער
זיך דער טייך,
און עס טראָגט
אראָפּ דעם בריק
און מען שטעלט
אים אויף צוריק.
פריהלינג, פריהלינג,
קומען געסט,
און זיי מאַכען
דאָ דעם נעסט.



# א מעשה מיט א ליאַלקע

סטעלאַ איז געווען אַ רייך מיידעלע און זי האָט געהאַט זעהר אַ סך שפּילצייג און נאָך מערער האָט זי געהאַט ליאַלקעס, גרויסע און קליינע ליאַלקעס. בלאָנדע און שוואַרצע ליאַלקעס. און כדי זי זאָל געדיינקען די אַלע ליאַלקעס וואָס זי האָט, האָט זי יעדער ליאַלקע אַ נאָמען געגעבען. האָט זי איין ליאַלקע גערופען „בעבעלע" און אַ צווייטע „העזעלע" און אַ דריטע „שרעטעלע" און אַ פערטע „וועווערקע" און אַ פינפטע „קעצעלע" און אַזוי כסדר אַלעמען. יעדע ליאַלקע האָט ביי סטעלאַ'ן געהאַט אַ נאָמען. איך וויים ניט, צי יעדע ליאַלקע האָט געדיינקט איר נאָמען אָבער סטעלאַ האָט יאַ געדיינקט יעטווידע ליאַלקע ביי איר נאָמען, און זעלטען ווען זי פלעגט אַ טעות האָבען.

גוט איז געווען סטעלאַ'ן און גוט איז געווען אירע ליאַלקעס. ווען די ליאַלקעס וואָלטען נאָר געוואָלט עסען, וואָלט זיי סטעלאַ געגעבען די שענסטע און די בעסטע מאכלים. נאָר די ליאַלקעס האָבען קיינמאָל ניט געבעטען עסען, און סטעלאַ האָט זיך גע-וואונדערט: סטייטש. האָבען דען ניט די ליאַלקעס אַ מויל מיט ציינער, פאַרוואָס ווילען זיי ניט עסען? ביי יעדער ליאַלקע איז אָפען דאָס מיילכעלע און עס זעהען זיך אַרוים די ציינדעלאַך, ציינדעלאַך אַזוי ווי פּערעל, און עסען ווילען זיי ניט! נו, מילא! דערפאַר אָבער ווילען זיי שלאָפען, און ווי נאָר מען לייגט זיי אַוועק, אַזוי מאַכען זיי צו די אויגעלאַך. אַ געזונט זיי אין די קעפּעלאַך! סטעלאַ האָט זעהר גרוים פאַרגעניגען, ווען די ליאַלקעס שלאָפען איין.

אך, ווי ליב סטעלאַ האָט די ליאַלקעס! זי האָט געזעהן, אַז קיין זאַך זאָל די ליאַלקעס ניט פעלען. די ליאַלקעס האָבען ביי איר געטראָגען די שענסטע און די בעסטע קליידעלאַך און פעלערינקעלאַך און היטעלאַך און זיידענע זעקעלאַך און שיכעלאַך פון לאַקירטען לעדער. היינט האָט יעדע ליאַלקע געהאַט אַ באַזונדער בעטעלע וואו צו שלאָפען און אַ באַזונדער וועגעלע אין וואָס אַרומצופאָרען. ווען

סטעלאַ פלעגט געהן שפּאַצירען, פלעגט זי מיט זיך נעמען אַ ליאַלקע אין אַ וועגעלע אַרומפירען זי. יעדעס מאָל אַן אַנדער ליאַלקע: איין מאָל בעבעלע׳ן, אַ צווייט מאָל — העזעלע׳ן, אַ דריט מאָל — שרעטעלע׳ן, אַ פערט מאָל — ווערווערקע׳ן, אַ פינפט מאָל — קעצעלע׳ן, און אַזוי ווייטער. יעדעס מאָל פלעגט סטעלאַ אויסרופען מיט איר זיס קול׳כעלע:

— ווער געהט מיט מיר היינט שפּאַצירען? יענע וועל איך אין וועגעלע פירען!

די ליאַלקעס פלעגען שווייגען און שמייכלען, ווי תמיד. און סטעלאַ פלעגט זאָגען:

— נו, ד ו בעבעלע וועסט געהן!

אָדער:

— ד ו העזעלע וועסט געהן!

און אַזוי אַלע מאָל.

איינמאָל איז סטעלאַ אַוועק מיט איר מאַמען צום ים באָדען זיך. האָט זי מיט זיך גענומען אויך אַ ליאַלקע. זי האָט אַ לאַנגע צייט געטראַכט, וועלכע ליאַלקע צו נעמען, ביז זי האָט אָפּגעמאַכט צו נעמען די בלאָנדע העזעלע, און זי האָט אָנגעזאָגט די איבעריגע ליאַלקעס, אַז זיי זאָלען ניט וויינען, זי וועט זיי נעמען אַן אַנדערש מאָל באָדען זיך.

ביים ים זענען געווען אַ סך מיידעלאַך, אָבער קיין מיידעלע האָט מיט זיך ניט גענומען קיין ליאַלקע. נאָר איין סטעלאַ האָט געהאַט מיט זיך איר ליאַלקע. סטעלאַ איז שוין געשטאַנען אין איר באַד-קאָסטיום גרייט אַריינצוגעהן מיט איר מאַמע׳ן אין ים. איר מאַמע האָט איר געהאַלטען ביי דער האַנט, און סטעלאַ האָט געהאַלטען איר ליאַלקע פאַר אַ האַנט. די ליאַלקע איז געווען אַ נאַקעטע, ווייל סטעלאַ האָט פאַרגעסען אָנצוגרייטען פאַר איר אַ באַד-קאָסטיום. סטעלאַ האָט פריהער זיך אָפּגעגעסען דאָס הארץ דערפון, וואָס די ליאַלקע אירע וועט זיך דאַרפען באָדען אַ נאַקעטע, אָבער די מאַמע האָט איר געזאָגט, אַז עס מאַכט ניט, אַ ליאַלקע מעג זיך באָדען אין ים אַ הוילע.

איז סטעלאַ אַריין אין ים, און זי האָט זיך אַזוי דערפרייט, וואָס זי באָדט זיך, אַז זי האָט אַ פּאַטש געטאָן פאַר פרייד מיט די הענטעלאַך און האָט דערווייל איינגעלאָזען די ליאַלקע. סטעלאַ אָבער האָט זיך גלייך דערמאָנט אָן איר ליאַלקע און זי האָט זי געוואָלט צוריק כאַפּען, אָבער אַ כוואַליע איז אָנגעגעקומען און האָט אַ כאַפּ געטאָן די ליאַלקע און אַוועקגעטראָגען זי ווייט-ווייט.

— מאַ! מאַ! — האָט סטעלאַ געוויינט און געשריען — דער ים האָט צוגעכאַפּט מיין העזעלע׳ן, ער וועט זי נאָך דערטרינקען!

— ניין, דער ים וועט ניט דערטרינקען דיין ליאַלקע — האָט די מאַמע געטרייסט סטעלאַ׳ן — ער וועט זי דיר באַלד צוריקברייננגען, און אויב ניט, וועל איך דיר קויפען אַן אַנדער ליאַלקע.

אָבער דער ים האָט ניט צוריקגעבראַכט העזעלע׳ן צו סטעלאַ׳ן, און סטעלאַ האָט געוויינט און אירע געזאַלצענע טרערן זענען אַרונטערגעפאַלען און האָבען זיך צעמישט מיט די געזאַלצענע טראָפּענס פון ים און זיי האָבען געבלישצעט אויף דער זון אַזוי ווי פּערעל. סטעלאַ האָט נאָך לאַנג געטראַכט וועגען דער ליאַלקע, אָבער פאָרענדיג צוריק אַהיים, האָט די מאַמע אויפ׳ן וועג געקויפט איר אַ נייע ליאַלקע, אַ בלאָנדע אַזוי ווי העזעלע, און סטעלאַ האָט זיך פאַרגעסען אָן יענער העזעלע.

און דער ים האָט אַלץ געטראָגען יענע העזעלע און די כוואַליעס האָבען זיך מיט איר געשפּילט, ביז עס זענען אָנגעקומען די פישערס אויף זייערע שיפלאַך. האָבען די פישערס פאַרוואָרפען די נעצען און געוואַרט, אַז די פיש זאָלען אַריין אין די נעצען. האָט איין פישער געוואַרט און געוואַרט, און ווען ער האָט דערפילט, אַז זיין נעץ איז פול און שווער געוואָרען, האָט ער דאָס אַ שלעפּ געטאָן, אָבער ער האָט ניט געקענט אַרויסשלעפּען אַזוי גיך. האָט זיך דער פישער געוואונדערט, פאַרוואָס איז דאָס היינט אַזוי שווער, שווערער ווי אַלע מאָל? און ווען ער האָט אַרויסגעשלעפּט קוים מיט צרות דאָס נעץ פון ים, האָט ער דערזעהן, אַז אין דעם נעץ ליגען אַ סך פיש, אָבער אַחוץ די פיש איז דאָרטען אויך געלעגען אַ ליאַלקע. דאָס איז געווען טאַקע סטעלאַ׳ס העזעלע.

האָט זיך דער פישער דערפרייט מיט די סך פיש, אָבער נאָך מער האָט ער זיך געפרייט מיט דער ליאַלקע, וואָס זיין נעץ האָט געכאַפּט, ווייל דער פישער האָט געהאַט א מיידעלע, וואָס מען האָט זי גערופען בעלאַ, און בעלאַ האָט קיין ליאַלקעס ניט געהאַט, אַזוי ווי סטעלאַ.

„אָט וועל איך ברענגען מיין בעלאַ׳ן די ליאַלקע״, האָט דער פישער געטראַכט, „און זי וועט האָבען מיט וואָס צו שפּילען זיך. אַי, וועט דאָס ביי איר זיין אַ שמחה״!

און דער פישער האָט טאַקע געטראָפען. די קליינע בעלאַ האָט זיך זעהר דערפרייט מיט דער ליאַלקע, וואָס דער טאַטע האָט איר געבראַכט. בעלאַ׳ס טאַטע איז ניט געוועזן אַזוי רייך. און אים איז אין קאָפּ ניט געוועזן צו קויפען בעלאַ׳ן ליאַלקעס. שטענדיג איז ער געוועזן פאַרנומען אויפ׳ן ים מיט די פיש׳ כאַפּען.

— פּאַפּאַ! וואו האָסטו גענומען די ליאַלקע? — האָט בעלאַ געפרעגט — האָסט דאָס געקויפט אין אַ קראָם?

— ניין — האָט דער טאַטע געענטפערט — אין ים געכאַפּט.

און בעלאַ האָט זיך געוואונדערט. זי ווייסט, אַז אין ים כאַפּט דער טאַטע נאָר פיש, אָבער ניט קיין ליאַלקעס, און מיט אַמאָל נאַדיר אַ ליאַלקע!

— פּאַפּאַ — האָט זיך בעלאַ געבעטען — וועסט מיר אַלע מאָל כאַפּען ליאַלקעס.

— אויב עס וועט זיך כאַפּען — האָט דער טאַטע מיט אַ שמייכעל געענטפערט.

און בעלאַ האָט געקוקט אויף דער ליאַלקע און זיך געוואונדערט, ווי אַזוי קומען ליאַלקעס אין ים. און די ליאַלקע אַליין האָט גע- שוויגען, ווי אַלע מאָל, און האָט ניט דערציילט דער מיידעלע בעלאַ פון דער מיידעלע סטעלאַ, ווי אַזוי סטעלאַ האָט זי גענומען באָדען אין ים און זי פאַרלאָרען און זי איז געקומען אַזוי צו שווימען צו בעלאַ׳ן.

בעלאַ האָט גערעדט און גערעדט צו דער ליאַלקע, און די ליאַלקע האָט געשוויגען, ווי זי פלעגט אַלע מאָל שווייגען, אַפילו ווען סטעלאַ פלעגט צו איר רעדען. ליאַלקעס זענען שוין אַזוי געוועהנט, אַז מען

זאָל צו זיי רעדען און רעדען, און זיי זאָלען שווייגען. און בעלאַ האָט אויסגעפּוצט די ליאַלקע, אמת ניט ניט אַזוי רייך ווי ביי סטעלאַ'ן און ניט אַזוי שיין, אָבער פיין און ריין. און בעלאַ האָט ליב געהאַט די ליאַלקע ניט ווייניגער פון סטעלאַ'ן, און בעלאַ האָט גערופען די ליאַלקע „מיין פישעלע”, ווייל זי האָט ניט געוואוסט, אַז סטעלאַ האָט זי גערופען „העזעלע”. אָבער די ליאַלקע איז געווען אַלץ איינס צופרידען און האָט געשמייכעלט ווי זי פלעגט אַלע מאָל שמייכלען. אדרבא, מיר דוכט, אַז די ליאַלקע האָט איצט נאָך מער געדאַרפט זיין צופרידען, ווייל ביי סטעלאַ'ן איז זי געווען צווישען אַ סך ליאַלקעס און ביי בעלאַ'ן איז זי געווען נאָר איינע, און בעלאַ האָט דערפאַר נאָר מיט איר איינער פאַרבראַכט און נאָר מיט איר אַליין געשפּילט זיך.

---

## פייגעלע און שפּאַרבער *)

אַ פייגעלע האָט אויפגעקליבען ברעקלאַך ברויט מיט איר שנעבעלע און געפלויגען צו איר נעסט, אָנקאָרמענען אירע ליבע קינדערלאַך. וואָרים פייגעלע'ס קינדערלאַך זענען נאָך געווען קליין און שוואַך און האָבען נאָך ניט געקענט מאַכען מיט די פליגעלאַך און פליהען זוכען ברעקלאַך און קערענדלאַך. אָט זיי וועלען אויסוואַקסען און שטאַרקער ווערען, וועלען זיי אַוועקפליהען פון זייער מאַמע'ס נעסט און זיי וועלען אויסבויען אייגענע נעסטעלאַך און אויך ווערען מאַמעס. אָבער דאָס דאַרף נאָך געדויערען, ליבע קינדערלאַך, ביז איר וועט אַרויס פון די ווינדעלאַך, און דערווייל זיצט אין דעם וואַרימען, ווייכען נעסט, וואָס די מאַמע האָט פאַר אייך אויסגעבויט, און וואַרט, ביז זי וועט אייך ברייגנען עסען. זי וועט אייך בריינגען ברעקלאַך ברויט און יעדערען פון אייך אָנקאָרמענען, אין מיילעלע אַריינלייגען, ווייל איר קענט נאָך אַליין ניט עסען. די מאַמע וועט עפענען דאָס שנעבעלע און אַריינלייגען דאָס ברעקעלע צום

*) אין ענגליש: **Hawk**

קינדעלע אין מיילעלע, און דאָס קינדעלע וועט מאַכען: פּיק! — און פאַר פרייד אַ פּישטשע טאָן.

אַלע קינדערלאַך וועט זי אַזוי אָנקאָרמענען, די מאַמע, די טייערע מאַמע! און טאָמער וועט ניט זיין גענוג פאַר אַלעמען, וועט זי נאָך אַמאָל אַוועקפליהען און אויפקלייבען נאָך ברעקלאַך און קערענדלאַך און ברייננען דאָס צו טראָגען צו אירע ליבע קינדערלאַך, זיי זאָלען אַלע זאַט זיין און צופרידען זיין, וואָרים די מאַמע קען ניט רוהען, וואו די קינדערלאַך זענען ניט זאַט.

זאָל דער מאַמען נאָר קיין אומגליק ניט טרעפען אויפ׳ן וועג! זאָל זיך נאָר ניט אָנדרעהען אַ ווילדער רויב-פויגעל, וועלכער וויל ניט לעבען פון ברעקלאַך און קערענדלאַך, נאָר אַנדערש ניט, ער וויל צערייסען און אויפעסען פייגעלאַך, פייגעלאַך-מאַמעס, וואָס טראָגען עסען צו די קינדערלאַך. די רויב-פויגלען ווילען פון דעם ניט וויסען. וואָס אַרט דאָס זיי, וואָס דאָרטען אין נעסט וועלען די אָרימע פייגעלאַך-קינדערלאַך זיצען און וואַרטען אויף פייגעלע-מאַמע און פּישטשען און רופען? וואָס אַרט דאָס זיי, די ווילדע רויב-פויגלען, וואָס דאָרטען וועלען בלייבען יתומים׳לאַך. אַבי זיי וועלען זייער טריפה׳נעם האַלז אָנשטאָפּען? קיין רחמנות איז ביי זיי ניטאָ.

אָט אַזאַ ווילדער רויב-פויגעל איז דער שפּאַרבער. ער האָט שאַרפע נעגעל און אַ לאַנגען, פאַרדרעהטען שנאָבעל. און אָט דער שפּאַרבער האָט דערזעהן אַ פייגעלע-מאַמע פליהענדיג מיט ברעקלאַך ברויט אין איר שנעבעלע, פליהענדיג צו איר נעסט, צו אירע ליבע פייגעלאַך-קינדערלאַך. און ווי דער שפּאַרבער האָט דערזעהן פייגעלע-מאַמע, אַזוי האָט ער זיך גלייך אַ לאָז געטאָן צו איר, אַזוי ווי נאָר אַ שפּאַרבער קען זיך אַ לאָז טאָן. און אָט האַלט ער זי שוין אין די נעגעל און וויל זי אַוועקטראָגען ערגעץ אין אַ ווינקעל אין דער שטיל און מאַכען פון איר אַ סעודה.

נעמט זיך פייגעלע-מאַמע בעטען ביים גזלן דעם שפּאַרבער:

— האָב רחמנות! צערייס מיך ניט!

אָבער דער שפּאַרבער קוקט אויף איר מיט די גזלנ׳ישע אויגען און שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ: ניין און ניין!

פאַלט אַריין פייגעלע-מאַמען אַ געדאַנק אין קאָפּ און זי טראַכט זיך: לאָמיך אים גאָר אָפּנאַרן. זאָגט זי צום שפּאַרבער:

— ווייסטו גאָר וואָס? לאָז מיר נאָר געהן אָפּגעבען די קינדער-לאַך מיינע עסען, דערנאָך קום איך צו דיר און וועסט מיך אויפעסען. — און אין האַרצען טראַכט זי זיך: אַ פּייג וועל איך צו אים קומען דערנאָך. לאָמיך נאָר זיך אַרויסרייסען פון זיינע גזלנ'ישע נעגעל און אַנטלויפען צו זיך אין נעסט, צו מיינע קינדערלאַך, און מער וועט ער מיך שוין ניט אָנזעהן.

אָבער דער שפּאַרבער שאָקעלט אַלץ מיט'ן קאָפּ אויף ניין: ער וועט זי ניט אָפּלאָזען! און זי בעט זיך ביי אים ווייטער:

— לאָז מיר געהן געבען די קינדערלאַך מיינע עסען, דערנאָך וועל איך צו דיר קומען און וועסט מיך אויפפרעסען.

זאָגט דער שפּאַרבער:

— אָ, וואָס אַרט מיר פאַר דיינע קינדער? וואָס וועל איך האָבען דערפון, וואָס דו וועסט זיי געבען אָפּעסען אַפריהער?

לאַכט זיך פאַנאַנדער פייגעלע-מאַמע מיט איר דינעם קול'כעלע און רופט זיך אָן צום שפּאַרבער:

— דו ביסט דאָך אַזאַ קלוגער פויגעל, היינט וואָס זאָגסטו, וואָס וועסטו האָבען דערפון וואָס איך וועל געהן מיינע קינדערלאַך געבען עסען אַפריהער? וואָס הייסט, וואָס'טו האָבען? דו וועסט האָבען נאָך פייגעלאַך צום פרעסען! אַז איך וועל מיינע קינדערלאַך געבען עסען, וועלען זיי גרויס ווערען אַזוי ווי איך, וועסטו שפּעטער אויך האָבען וואָס צו עסען. מיט מיר אַליין קענסטו דאָך אייביג ניט זאַט זיין!

איז דעם נאַרישען שפּאַרבער געפעלען געוואָרען, וואָס פייגעלע-מאַמע האָט אים געזאָגט. רופט ער זיך אָן צו איר:

— נו, רעכט! זאָל זיין ווי דו זאָגסט! געה גיב אַפריהער דיינע קינדערלאַך עסען און קום דערנאָך צו מיר. אָבער וואו וועל איך וואַרטען אויף דיר?

ענטפערט פייגעלע-מאַמע:

— געה אין דיין נעסט אַריין און וואַרט אויף מיר, און איך וועל שוין קומען צו דיר. — און אין האַרצען טראַכט זי: אַ מכה וועל איך צו אים קומען!

זאָגט דער שפּאַרבער:

— אָ, מיין נעסט איז הויך און ווייט, און דו וועסט אהין ניט טרעפען. איך וועל בעסער זיצען דאָ און וואַרטען אויפ'ן בוים. אָבער מאַך דאָס גיך, וואָרים איך בין טויט־הונגעריג.

ענטפערט דאָס פייגעלע:

— געוויס וועל איך דאָס מאַכען גיך. איינס און צוויי, גיב איך זיך אַ דרעה.

און דער שפּאַרבער האָט אָפּגעלאָזען פייגעלע-מאַמע, און זי איז אַוועקגעפלויגען צו זיך אין נעסט, און די פייגעלאַך-קינדערלאַך זענען שוין דאָרטען געזעסען און האָבען געוואַרט אויפ'ן עסען.

פייגעלע-מאַמע האָט מיט פרייד געקאָרמעט די קינדערלאַך און די קינדערלאַך האָבען מיט פרייד געגעסען וואָס די מאַמע האָט זיי געגעבען. פּיק! פּיק! זיי זענען אָבער נאָך ניט זאַט געוועזן, און די מאַמע האָט זיי שוין ניט געהאַט מער וואָס צו געבען.

בעטען זיך די קינדערלאַך:

— מאַמע! גיב נאָך!

ענטפערט די מאַמע:

— מער ניטאָ!

זאָגען די קינדערלאַך:

— פליה ווידער און ברייננ נאָך!

ענטפערט די מאַמע:

— דער שפּאַרבער זיצט אויפ'ן בוים און וואַרט אויף מיר.

און די מאַמע דערציילט די קינדערלאַך, ווער דער שפּאַרבער איז, און דאַן האָט זי זיי דערציילט די גאַנצע מעשה, וואָס מיט איר אויפ'ן וועג האָט געטראָפען, ווי דער שפּאַרבער האָט זי געכאַפּט און זי געוואָלט אויפעסען און ווי זי האָט אים אָפּגענאַרט. איצטער קען זי דערפאַר פון נעסט ניט אַרויס.

זאָגען די קינדערלאַך:

— וועלען מיר ווארטען, מאמע, ביז דער גזלן וועט אוועק.

און די מאמע קרעכצט און זאגט:

— ווער ווייסט, צי ער וועט אוועק?

און די קינדערלאך האבען געווארט, ביז עס האט זיך זיי שטארק פארוואלט עסען, און זיי האבען שוין מער קיין כח ניט גע־האט צו ווארטען. און די מאמע האט געזעהן, אז די קינדערלאך ווילען עסען, און זי האט ניט געוואוסט וואס צו טאן. דערנאך קלערט זי: ע, איך וועל פרואווען פליהען, אפשר איז ער שוין אוועק, מיאוס געווארען אים ווארטענדיג, צי וואס?

פליהט ארויס פייגעלע־מאמע און קוקט זיך ארום אהין און אהער, צי דער שפארבער איז דא. ערשט ער איז נאך דא, ער זיצט און ווארט אויפ'ן בוים! וויל דאס פייגעלע צוריק ארייןפליהען אין איר נעסט, אבער עס איז שוין צו שפעט! דער שפארבער האט זי דערזעהן און גענומען זי רופען מיט זיין ווילדען, בייזען קול. האט פייגעלע מורא, אז טאמער וועט זי פליהען צוריק אין איר נעסט, וועט דער שפארבער זיך א לאז טאן נאך איר גלייך אין נעסט אריין און אויפעסען אויך די קינדערלאך אירע. קלערט זי: „זאל ער בעסער שוין מיך אליין אויפעסען, אבי מיינע קינדערלאך זאלען בלייבען לעבען"! פליהט זי צו צו אים, און ער נעמט נאך אויף איר שרייען און בייזערען זיך:

— למאי אזוי שפעט? מיר איז דאך שיער דאס הארץ ניט ארויסגעפאלען פאר הונגער!

און ער ווארפט זיך ארויף אויף איר און וויל זי שוין אויפעסען.

אין דער רגע אבער פליהט אן אן אנדער שפארבער, אויך אזא הונגעריגער און אזא ווילדער ווי דער שפארבער. זעהט דער אנדער שפארבער, ווי דער שפארבער האלט א פייגעלע. ווילט זיך אים אויך. רופט ער זיך אן:

— גיב מיר א האלבע!

זאגט דער שפארבער מיט כעס צום אנדער שפארבער:

— געה און כאפ, וועסטו האבען!

האָט זיך דער אַנדער שפּאַרבער אַרויפגעוואָרפען אויף ד ע ם שפּאַרבער, און ד ע ר שפּאַרבער האָט געוואָלט צוריק געבען יענעם שפּאַרבער, האָט ער געמוזט באַפרייען זיינע נעגעל און דערווייל האָט ער איינגעלאָזען פייגעלע-מאַמע, און זי איז אַנטלאָפען צוריק צו אירע פייגעלאַך-קינדערלאַך אין נעסט אַריין.

און די צוויי שפּאַרבערס האָבען זיך אַזוי צעשלאָגען, אַזוי צע־ריסען, אַז זיי זענען צעבלוטיגטע ביידע אַראָפּגעפאַלען אויף דר׳ערד, און זיי האָבען שוין מער קיין כח ניט געהאַט אויפצוהויבען זיך, און זיי זענען אַזוי געבליבען ליגען אויף דר׳ערד ביז זיי זענען אויסגעגאַנגען.

און פייגעלע-מאַמע האָט שוין איצט געקענט פליהען ברייננגען עסען פאַר די פייגעלאַך-קינדערלאַך.

# א מעשה מיט צוועלף גזלנים

אַמאָל איז אַ סוחר געפאָרען אין וועג מיט סחורה און געלט. זענען אים באַפאַלען צוועלף גזלנים און האָבען ביי אים צוגענומען די גאַנצע סחורה מיט׳ן געלט, און אים אַליין האָבען זיי געבונדען הענט און פיס און אַוועקגעשלעפּט צו זיך אַהיים אין וואַלד אַריין און אַריינגעוואָרפען אים אין אַ נאַסען קעלער, און געלאָזען אים אַזוי ליגען אָהן עסען און אָהן טרינקען.

ליגט ער אַזוי, דער סוחר, און טראַכט: וואָס וועט זיין דער סוף מיט אים? ער וועט אַזוי אויסגעהן פון הונגער און פון דאָרשט, אָדער די גזלנים וועלען אים גאָר הרג׳ענען!

און בעת-מעשה זענען טאַקע די גזלנים געזעסען און האָבען געטראַכט, וואָס צו טאָן מיט׳ן סוחר. האָבען זעקס געזאָגט, אַז מען דאַרף אים הרג׳ענען, און זעקס האָבען געזאָגט, אַז מען דאַרף אים לאָזען אַזוי ליגען אין קעלער, ביז ער וועט שטאַרבען פון הונגער און דאָרשט.

האָבען די גזלנים זיך געקריגט אַ טאָג מיט אַ נאַכט, וואָס מען זאָל טאָן מיט׳ן סוחר, און זיי האָבען ניט געקענט קומען צו קיין טאָלק. רופט זיך אָפּ דער עלטסטער פון זיי:

— שאַ, ווייסט איר גאָר וואָס? מיר וועלען פרעגען ביי מיין טאָכטער, און ווי זי וועט זאָגען, אַזוי וועט בלייבען.

שיקט דער עלטסטער פון די גזלנים רופען זיין טאָכטער, און זיין טאָכטער איז געווען זעהר אַ שיינע מיידעל, און ניט אַזוי שיין, ווי קלוג, און ניט אַזוי קלוג, ווי גוט. קומט זי צו געהן, דערציילט איר דער טאַטע אַז עס איז אַזאַ און אַזאַ געשיכטע, און זיי ווייסען ניט וואָס צו טאָן, און ווי זי וועט זאָגען, אַזוי וועלען זיי טאָן.

זאָגט די מיידעל:

— ניין, הרג׳ענען טויג ניט. ווייל איר וועט נאָך איינריכטען די הענט אין בלוט און עס קען נאָך בלייבען אַ פלעק אויף אייערע זאַכען, וועלען מענשען דאָס דערזעהן, וועט מען אייך כאַפּען און אַריינזעצען אין תפיסה און מען וועט אייך אַלעמען די קעפּ אַראָפּ-נעמען, פאַרוואָס איר האָט גע׳הרג׳עט אַ מענשען. בעסער לאָזט דעם סוחר בלייבען ליגען אין קעלער אַזוי ווי ער ליגט, וועט ער אויסגעהן פון הונגער און פון דאָרשט, און דערנאָך, אַז ער וועט שטאַרבען, וועלען מיר אים נעמען און מיר וועלען אים באַגראָבען און קיינער וועט ניט ווּיסען.

איז דאָס אַלעמען געפעלען געוואָרען, און עס איז געבליבען אַזוי ווי די מיידעל האָט געזאָגט. און אין האַרצען טראַכט זיך די מיידעל, אַז זי וועט שוין זעהן, דער סוחר זאָל ניט שטאַרבען פון הונגער און דאָרשט, וואָרים זי איז געווען זעהר אַ גוטע און זי האָט גרוים רחמנות געהאַט אויפ׳ן סוחר.

און דער סוחר ליגט דאָרטען אונטען אין קעלער און וואַרט אויף זיין ביטערען סוף. פּלוצלונג הערט ער, עס עפענט זיך די טיר. מיינט ער, אַז דאָס קומען שוין די גזלנים אים הרג׳ענען. אָבער דאָס איז גאָר געווען די טאָכטער פון דעם עלטסטען גזלן. רופט זי זיך אָן צום סוחר:

— האָב קיין מורא ניט, אומגליקליכער! דאָס בין איך, די טאָכטער פון דעם עלטסטען גזלן, און איך בין געקומען ראַטעווען דיך פון טויט.

און די מיידעל האָט אים דערציילט אַלעס, ווי ס׳איז געווען,

אַז עס איז געבליבען, ער זאָל ליגען אין קעלער, ביז ער וועט אויסגעהן פון הונגער און דאָרשט, און דערנאָך, אַז ער וועט שטאַרבען, וועט מען אים נעמען און באַגראָבען. אָבער זי וועט שוין זעהן, אַז ער זאָל ניט שטאַרבען. זי וויים שוין וואָס צו טאָן. זאָל ער נאָר ליגען און שווייגען.

האָט די מיידעל פאַנאַנדערגעבונדען דעם סוחר זיינע הענט און פיס און האָט אים געגעבען עסען און טרינקען, און אַזוי האָט זי אים אַלע טאָג אַרונטערגעבראַכט עסען און טרינקען, און די גזלנים האָבען דערפון גאָרניט געוואוסט.



איינמאָל רופט זיך אָפּ דער עלטסטער גזלן צו זיין טאָכטער:

— געה אַרונטער, מיין טאָכטער, און זעה, וואָס הערט זיך דאָרטען אין קעלער מיט'ן סוחר, צי ער לעבט נאָך, אָדער ער איז געשטאָרבען.

געהט די מיידעל כלומר'שט אראונטער אין קעלער און קומט גלייך צוריק און זאָגט צום טאַטען:

— ער איז שוין געשטאָרבען.

זאָגט דער עלטסטער גזלן:

— נו, אויב אזוי, דארף מען צונויפקלייבען אלע גזלנים און מען דארף אים באַגראָבען.

זאָגט די מיידעל:

— טאַטע, צו וואָס זאָלען זיך אלע עסק'ען מיט אים? אמער גיב מיר אַ פערד און וואָגען, וועל איך אים אליין אוועקפירען אין שטאָט אריין און וועל אים דאָרטען באַגראָבען אויפ'ן בית־עולם און קומען גלייך צוריק.

רופט זיך אָן דער עלטסטער גזלן:

— רעכט, מיין טאָכטער, איך זעה, דו ביסט אַ בריה אַ מיידעל. געה און טו ווי דו פאַרשטעהסט.

האָט די מיידעל גענומען אַ זאַק און איז אַרונטער אונטען אין קעלער און רופט זיך אָן צום סוחר:

— נעם גיכער און קריך אריין אין זאַק און איך וועל דיך פאַרבינדען און אוועקפירען אין שטאָט אריין, כלומר'שט צו באַ־גראָבען דיך. אין דער אמת'ען אָבער וועל איך דיך דאָרטען אַרונטער־לאָזען און דו וועסט זיך קענען געהן אַהיים. און איך וועל זיך אוועק־פאָרען צוריק, און די גזלנים וועלען מיינען, אַז איך האָב דיך באַ־גראָבען.

איז דער סוחר אַריינגעקראָכען אין זאַק און די מיידעל האָט אים פאַרבונדען און האָט אים אַרויפגעלייגט אויפ'ן וואָגען און אוועקגעפירט אין שטאָט אריין.

געקומען אין שטאָט, האָט די טאָכטער פון דעם עלטסטען גזלן אָפגעבונדען דעם זאַק און אַרויסגעלאָזען דעם סוחר און געהייסען אים געהן אַהיים, און אליין האָט זי געוואָלט פאַרקירעווען זיך און פאָרען צוריק צו די גזלנים.

האָט זיך דער סוחר גענומען בעטען ביי איר, אַז אַזאַ שיינע און קלוגע און גוטע מיידעל דארף ניט זיין צווישען גזלנים, נאָר זי

זאָל בעסער פאָרען צו אים אהיים און חתונה האָבען פאר זיין איינ-
איינציגען זוהן, און עס וועט איר זיין גוט ווי די וועלט. און דער
סוחר האָט איר דערציילט, וואָס פאר א שיינעם און קלוגען און
גוטען זוהן ער האָט.

איז דאָס דער מיידעל זעהר געפעלען געוואָרען און זי איז
אוועק מיט'ן סוחר אהיים און האָט חתונה געהאַט פאר זיין זוהן.

און דער עלטסטער פון די גזלנים האָט געווארט און געווארט
אויף זיין טאָכטער. זעהט ער, אז זי קומט ניט, האָט ער געשיקט
די גזלנים זוכען זי. אָבער די גזלנים האָבען זי ניט געקענט געפינען,
זענען זיי געקומען צוריק צו זייער עלטסטען און האָבען אים
געזאָגט, אז זיי קענען ניט געפינען זיין טאָכטער. איז ער אליין
אוועק זי זוכען. האָט ער זי געזוכט און געזוכט פון גאַס צו גאַס
און פון הויז צו הויז, ביז ער האָט זי געפונען אין דעם סוחר'ס הויז.

איז דער עלטסטער גזלן פארוואונדערט געוואָרען פון דער
גאַנצער געשיכטע, וואָרים ער האָט דאָך געמיינט, אז דער סוחר איז
לאַנג טויט און באַגראָבען. און דאָ זעהט ער אים א לעבעדיגען
און א געזונטען!

האָט אים די טאָכטער אלץ דערציילט, און זי איז אים גע-
פאַלען צו די פיס און גענומען אים בעטען ער זאָל מער ניט געהן
צוריק אין וואַלד אריין צו די גזלנים, נאָר ער זאָל ווערען אויס גזלן
און בלייבען מיט איר.

און דער גזלן האָט געפאָלגט זיין טאָכטער און ער איז געבליבען
מיט איר. און ער איז געוואָרען אַן ערליכער מאַן. און דער סוחר
האָט אים געמאַכט פאר זיינעם א שותף און זיי האָבען אלע געלעבט
גליקליך און צופרידען.

און די עלף גזלנים, וואָס זענען איבערגעבליבען אליין אין
וואַלד, האָט מען שפּעטער געכאַפּט און מען האָט זיי אלעמען אריינ-
געזעצט אין תפיסה, וואו זיי זיצען נאָך היינט אויך.



# א ל״ג־בעומר מעשה׳לע

א אינגעלע האָט ל״ג־בעומר אויסגעשאָסען אַ פייל פון בויגען, און דאָס אינגעלע האָט אָנגעזאָגט דער פייל, אַז זי זאָל פליהען העכער פון אַלע דעכער, זי זאָל אָבער קיין שום פייגעלע ניט פאַר־טשעפּען, נאָר זי זאָל פליהען גלאַט אין דער וועלט אַריין, און ווען זי וועט זיך איינמאַטערן, זאָל זי אַרונטערפאַלען אויף דער ערד און בלייבען ליגען.

איז געפלויגען די פייל פון בויגען, און אַלע פייגעלאַך אויפ׳ן וועג האָבען זיך פאַר איר דערשראָקען און זיך אָפּגעקערט אָן אַ זייט, כדי זי זאָל זיי ניט טרעפען. זאָגט די פייל צו די פייגעלאַך:

— ליבע פייגעלאַך, כשר׳ע אויגעלאַך! איר דאַרפט פאַר מיר קיין מורא ניט האָבען, וואָרים מיך האָט מען ניט געשיקט צו טויטען אייך. מיך האָט אויסגעשאָסען אַ אינגעלע, האָט ער מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל קיין שום פייגעלע ניט פאַרטשעפּען, נאָר פליהען גלאַט אַזוי זיך, ביז די כוחות וועלען מיר אויסגעהן, און דאַן זאָל איך אַרונטערפאַלען אויף דער ערד און בלייבען ליגען.

אָבער די פייגעלאַך האָבען ניט געוואָלט טרויען דער פייל פון בויגען, ווייל בעת זיי זענען נאָך קליינינקע געווען, האָבען זייערע מאַמעס זיי אָנגעזאָגט, אַז זיי זאָלען זיך היטען פון קוילען און פון פיילען, ווייל טאָמער טרעפט אַ קויל אָדער אַ פייל, איז מען שוין פאַרביי.

זעהט די פייל, אַז די פייגעלאַך האָבען פאַר איר פאָרט מורא און זיי היטען זיך פאַר איר ווי פאַר פייער, רופט זי זיך אָן ווידער צו זיי:

— אָבער איך וועל אייך ניט טרעפען, ווייל דאָס אינגעלע, וואָס האָט מיך אויסגעשאָסען, האָט זיך אין אייך ניט געצילט.

פרעגט איין פייגעלע ביי דער פייל:

— טאָ צו וואָס־זשע האָט ער דאָס געטאָן? גלאַט אין דער וועלט אַריין געשאָסען?

— יאָ, — האָט געענטפערט די פייל, — אַלע קינדער שיסען היינט אַזוי. איך בין ניט די איינציגע. איר זעהט, ווי עס פליהען

פּיילען פון אַלע זייטען? אַלע קינדער שיסען. היינט איז ביי זיי אַזא יום-טוב. ל"ג-בעומר רופען זיי דאָס. געהען זיי אַלע אין וואַלד און אין פעלד מיט פּיילענבויגענס און זיי שיסען. אָבער זיי שיסען קיינעם ניט. זיי שיסען גלאַט אין דער וועלט אַריין. זיי צילען זיך ניט אין די פייגעלאַך, אין קיינעם ניט. זיי זענען גוטע קינדער. זיי זענען וואוילע קינדער.

— יאָ, — רופט זיך אָן איין פייגעלע, — עס זענען דאָ אויך שלעכטע קינדער. איך האָב אַמאָל געזעהן פון ווייטען, ווי אַ אינגעלע האָט געמוטשעט אַ פייגעלע.

— ניט מיין אינגעלע, — האָט די פּייל געענטפערט, — מיין אינגעלע, דאָס אינגעלע, וואָס האָט מיך אויסגעשאָסען, טשעפּעט ניט קיין פייגעלאַך. ער אַליין טשעפּעט ניט קיין פייגעלאַך, און ער האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל אויך ניט טשעפּען.

— יאָ, — האָט נאָך אַ פייגעלע זיך אַריינגעמישט אין די רייד,— זעהסט, — האָט דאָס פייגעלע געזאָגט צו דער פּייל, — זעהסט, ווי איינער פון דיינע אינגעלאַך וואַרפט אין דער הויך עפּעס אַזוי ווי אַ באָמבע? זעהסט, ווי ער וויל אונז טרעפען? — היט זיך, פייגע-לאַך! — האָט דאָס פייגעלע אויסגעשריען צו די איבעריגע פייגע-לאַך, — היט זיך, שוועסטער, אַ אינגעלע וואַרפט אַ באָמבע! אַ באָמבע פליהט!

— זיי ניט קיין נאַר! — האָט געענטפערט די פּייל, — דאָס פליהט ניט קיין באָמבע, נאָר אַ פּילקע. זי קען אייך ניט טרעפען. דאָס איז אַ גומענע פּילקע. קינדער שפּילען זיך דאָס אין פּילקעס. כאַ-כאַ-כאַ! ס'אַרא שרעקעדיגע איר זייט! אויף אַ פּילקע מיינט איר, אַז עס איז אַ באָמבע. פליהט רוהיג, ליבע פייגעלאַך מיט אייערע כשר'ע אויגעלאַך. האָט מיר אַ גוטען יום-טוב! איך פליה ווייטער. איך האָב מער קיין צייט ניט צו רעדען מיט אייך, וואָרים דאָס לעבען פון אַ פּייל איז אויף אַ ווייל. אַ פּייל לעבט ניט אַזוי לאַנג ווי אַ פייגעלע. באַלד, באַלד וועלען מיר שוין די כוחות אויס-געהן, און איך וועל מוזען פאַלען אויף דער ערד. אַזוי האָט מיר מיין אינגעלע געזאָגט. אַ קלוג אינגעלע. אַלצדינג ווייסט ער. נו,

איך פליה פייל פון בויגען, אָהן פליגעל און אָהן אויגען. אַזוי זינגען אונטען די קינדער.

איז ווייטער געפלויגען די פייל פון בויגען, און איז טאַקע לאַנג ניט געפלויגען. די כוחות זענען איר אויסגעגאַנגען, און זיי איז אַרונטערגעפאַלען אויף דער ערד, אַזוי ווי דאָס אינגעלע האָט איר געזאָגט, און איז געבליבען ליגען.

ליגט זי אַזוי און ליגט די פייל, און קיינער קוקט זיך אויף איר ניט אום. פליהט אַרונטער אַ פייגעלע אויף דער ערד צו זוכען קערענדלאַך, שטעלט זיך דאָס פייגעלע אַוועק אָפּרוהען אויף דער פייל און דערקענט גאָרניט די פייל, וועלכע איז נאָר וואָס געוועזען געפלויגען אין דער לופטען און וואָס אַלע פייגעלאַך האָבען זיך פאַר איר געשראָקען. און דאָס פייגעלע האָט אָפּגערוהט אַ ביסעל און איז ווידער געפלויגען, און די פייל איז געבליבען ווידער ליגען אויף דער ערד.

ליגט זי אַזוי ווייטער די פייל, און קיינער קוקט זיך אויף איר אַלץ ניט אום. זענען פאַרבייגעגאַנגען אַ כאַפּטע אינגלאַך מיט פיילענבויגענס, און צווישען די אינגלאַך איז אויך געוועזען דאָס אינגעלע, וואָס האָט אויסגעשאָסען פריהער די פייל, וועלכע ליגט איצט אויף דער ערד. האָט דאָס אינגעלע דערקענט די פייל, האָט ער זיך איינגעבויגען און דאָס אויפגעהויבען.

— זעהט, קינדער, — האָט דאָס אינגעלע זיך אָנגערופען צו די איבעריגע אינגלאַך, — אָט איז די פייל, וואָס איך האָב פריהער אויסגעשאָסען.

פרעגט ביי אים איינער פון די אינגלאַך:

— ווי אַזוי ווייסטו, אַז דאָס איז יענע פייל, וואָס דו האָסט פריהער אויסגעשאָסען?

— איך האָב געמאַכט אַ סימן אויף איר, — האָט דאָס אינגעלע געענטפערט, — זעהסט, אַ שטערענדעל? — איך וועל נאָך אַ מאָל אויסשיסען די פייל און זאָל זי ווידער פליהען.

און דאָס אינגעלע האָט אָנגעשטעלט דעם פיילענבויגען און אויסגעשאָסען, און די פייל האָט אַ פליה געטאָן און זיך אויפגעהויבען אַזוי הויך, אַז מען האָט זי שוין מער ניט געקענט זעהן.

איז געפלויגען די פייל פון בויגען, און אַלע פייגעלאַך האָבען שוין פאַר איר מער קיין מורא ניט געהאַט, וואָרים זיי האָבען שוין געוואוסט, אַז דאָס איז אַ ל״ג-בעומר-פייל, וואָס אַ גוט אינגעלע האָט אויסגעשאָסען, ניט צילענדיג זיך אין קיינעם. און די פייל האָט ווידער אָפגעגעבען די פייגעלאַך אַ גרוס פון די ליבע קינדערלאַך און דערציילט זיי ווידער, אַז ביי די קינדערלאַך איז היינט יום-טוב, ל״ג-בעומר. אַז די פייגעלאַך האָבען זיך איינגעבויגען, האָבען זיי דערהערט, ווי די קינדער זינגען:

— ל״ג-בעומר, ל״ג-בעומר,
זיצען פויגלאַך אויף די בוימער,
פליהט אַ פייל פון בויגען
אָהן פליגעל און אָהן אויגען.
האָט ניט מורא, פייגעלאַך,
מיר וועלען אייך ניט שיסען,
ניט מיר, קליינע אינגעלאַך,
וועלען בלוט פארגיסען.
האָט ניט מורא, פייגעלאַך,
מאַכט ניט צו די אויגעלאַך!

האָבען די פייגעלאַך גענומען פאַטשען מיט די פליגעלאַך, און די פייל פון בויגען איז ווייטער געפלויגען און האָט זיך אַרונטער-געלאָזען אין טייך, און די פישעלאַך האָבען זיך דערשראָקען, מיינענ-דיג, אַז דאָס איז אַ ווענדקע צו כאַפּען זיי. אָבער די פייל האָט זיי דערציילט, אַז ביי די קינדער איז היינט ל״ג-בעומר, האָבען די פישע-לאַך גענומען טאַנצען אין וואַסער און פאַטשען מיט די עקען, און די פייל איז אַרויף פון אויבען אויפ׳ן וואַסער און איז געשוואומען און געשוואומען, ביז אַ אינגעלע איז געקומען און האָט זי פון טייך אַרויסגענומען.

# א מעשה מיט צוויי הירשעלאך

הירשעלע'ס טאטע האט געבראכט אהיים א נײַ בילד און דאס אויפגעהאנגען אויפ'ן וואנט לעבען הירשעלע'ס בילד. האט הירשעלע געקוקט און געקוקט אויפ'ן בילד און האט ניט געוואוסט, וואס פאר א מאדנע חיה איז דאס אויסגעמאלט אויפ'ן בילד. ער האט נאך אזא חיה קיינמאל אין זיין לעבען ניט געזעהן און אויך ניט געהערט.

פרעגט הירשעלע ביים טאטען:

— טאטע, וואס איז דאס?

ענטפערט דער טאטע:

— א הירשעלע איז דאס, מיין קינד! זאל דאס הייגען לעבען דיין בילד, וועלען זיין צוויי הירשעלאך.

פרעגט הירשעלע ווייטער ביים טאטען:

— און וואס איז דאס פאר א בוימער ביים הירשעלע אויפ'ן קאפ?

ענטפערט דער טאטע:

— ניין, מיין קינד! דאס איז ניט קיין בוימער, נאר הערנער. הערנער אזוי ווי דערנער. קיין בוימער וואקסען ניט אויף די קעפ, נאר הערנער. בוימער וואקסען אויף דער ערד.

איז הירשעלע'ן זעהר געפעלען געווארען דאס הירשעלע, וואס אויפ'ן בילד, און אים האט זעהר געפרייט, וואס דאס בילד פונ'ם הירשעלע הייגגט אויפ'ן וואנט לעבען זיין בילד, און ער האט דערנאך פאר אלע קינדער אינדרויסען דערציילט, אז זיין טאטע האט גע־קויפט א הירשעלע מיט הערנער אזוי ווי דערנער.

אין אווענט האט הירשעלע געזאגט „א גוטע נאכט" דעם הירשעלע מיט די הערנער ווי די דערנער און איז געגאנגען שלאפען. און ער האט אנגעזאגט דעם הירשעלע פון זיין בילד, אז ער זאל היטען דעם הירשעלע מיט די הערנער ווי די דערנער, ער זאל ניט אנטלויפען.

הירשעלע איז איינגעשלאפען, און דערנאך זענען אלע אין שטוב געגאנגען שלאפען. און די צוויי בילדער פון די צוויי הירשע־לאך זענען געבליבען אזוי הייגגען אויפ'ן וואנט. רופט זיך אן דאס

הירשעלע מיט די הערנער ווי די דערנער צו הירשעלע דעם אינגעלע, וואָס לעבען אים אויפ'ן בילד:



— שלאָפסט, הירשעלע?

ענטפערט דאָס אינגעלע:

— ניין, איך שלאָף ניט. דאָס שלאָפט דאָרטען דאָס אינגעלע אין בעטעלע, אָבער ניט איך, וואָס הייגגט אויף אַ דרעטעלע.

זאָגט דאָס הירשעלע מיט די הערנער ווי די דערנער.

— ווייסטו וואָס, אינגעלע? אַלע אין הויז שלאָפען דאָך, טאָ לאָמיר גאָר אַראָפּגעהן פון די בילדער און אַוועקגעהן אין וואַלד אַריין.

זאָגט דאָס אינגעלע:

— ווי אַזוי קען איך געהן צוזאַמען מיט דיר אין וואַלד אַריין, אַז דו ביסט גרינג אויף די פיס, און איך קען אַזוי שנעל ניט לויפען?

רופט זיך אָן דאָס הירשעלע:

— טאָ ווייסטו גאָר וואָס, אינגעלע? זעץ זיך אַרויף ביי מיר אויף די הערנער און איך וועל מיט דיר לויפען אין וואַלד אַריין.

איז דאָס דעם אינגעלע זעהר געפעלען געוואָרען. איז ער אַראָפּ פון בילד און האָט זיך אַרויפגעזעצט ביים הירש אויף די הערנער, און דער הירש האָט זיך געלאָזט לויפען פייל פון בויגען אין וואַלד אַריין.

האָט זיך הירשעלע אין בעטעלע אויפגעכאַפּט מיט קולי-קולות:

— טאַטע! שנעל כאַפּ זיי!ביידע הירשעלאַך זענען אַנטלאָ-פען אין וואַלד אַריין.

האָט זיך הירשעלע׳ס טאַטע אויפגעכאַפּט און געזאָגט צו אים:

— שלאָף, מיין קינד! וואָס חלומ׳ט זיך דאָס דיר? ביידע הירשעלאַך הייגגען אויפ׳ן וואַנט און זיי קענען ניט אַנטלויפען אין וואַלד אַריין.

זאָגט הירשעלע:

— אָבער איך אַליין האָב זיי געזעהן ביידען אַראָפּגעהן פון די בילדער און לויפען אין וואַלד אַריין.

זאָגט דער טאַטע:

— שלאָף, מיין קינד! דאָס חלומ׳ט זיך דיר.

איז הירשעלע צוריק איינגעשלאָפען, און דאָס הירשעלע מיט די הערנער ווי די דערנער איז ווייטער געלאָפען מיט׳ן הירשעלע דעם אינגעלע וואָס אויפ׳ן בילד, און זיי זענען אַזוי געלאָפען, ביז זיי זענען געקומען אין וואַלד אַריין.

געקומען אין וואַלד, איז הירשעלע דאָס אינגעלע אַרונטער פון דעם הירשעלע׳ס הערנער. קוקט אַזוי הירשעלע דאָס אינגעלע אויפ׳ן הירשעלע מיט די הערנער און קוקט און קוקט. פרעגט ביי אים דאָס הירשעלע מיט די הערנער:

— וואָס קוקסטו אויף מיר אַזוי לאַנג, אינגעלע?

ענטפערט הירשעלע דאָס אינגעלע:

— איך קוק, וואָס ביי דיר זענען אַזעלכע שיינע הערנער און אַזעלכע מיאוס׳ע פיס.

זאָגט דאָס הירשעלע מיט די הערנער:

— איך האָב בעסער ליב מיינע מיאוס׳ע פיס, ווי מיינע שיינע הערנער. מיינע פיס קענען מיך ראַטעווען פון טויט, ווען אַ יעגער וויל מיך כאַפּען, אָבער מיט מיינע הערנער קען איך זיך נאָך פאַר-טשעפּען אָן אַ בוים, בעת איך אַנטלויף פון דעם יעגער, און דערווייל קען ער מיך דערשיסען. זאָלסט וויסען, אינגעלע, אַז ניט אַלץ וואָס שיין איז גוט. אַמאָל קען זיין אַ שיינער עפּעל, און אינוויינִיג זאָל ליגען אַ וואָרים.

און דאָס הירשעלע מיט די הערנער האָט דערציילט הירשעלע דעם אינגעלע וואָס פאַר אַ שרעקעניש און פּיין ער שטעהט אויס פון די יעגער, וועלכע ווילען איהם רק כאַפּען און דערשיסען. און הירשעלע דאָס אינגעלע האָט פיינט געקראָגען די יעגער, פאַרוואָס זיי זענען אַזעלכע שלעכטע מענשען און יאָגען זיך נאָך די הירשעלאַך מיט די הערנער און שיסען זיי.

שטעהען זיי אַזוי ביידע און רעדען, ערשט מיט אַמאָל דער־הערט זיך אַ טרומייטערען און אַ בילעריי פון הינט און אַ שיסעריי פון ביקסען. האָבען זיך ביידע הירשעלאַך דערשראָקען, און הירשע־לע מיט די הערנער האָט זיך אָפּגערופען:

— דאָס זענען זיי געקומען נאָך מיר, די יעגער. זיי ווילען מיך כאַפּען. כאַפּ זיך שנעל אַרויף אויף מיינע הערנער און לאָמיר לויפען.

פרעגט הירשעלע דאָס אינגעלע:

— וואוהין וועלען מיר לויפען?

ענטפערט דאָס הירשעלע מיט די הערנער ווי די דערנער:

— ווייט־ווייט וועלען מיר לויפען, וואוהין די פיס מיינע וועלען מיך טראָגען און וואו די יעגער וועלען מיך ניט יאָגען.

רופט זיך אָן הירשעלע דאָס אינגעלע:

— ווייסטו גאָר וואָס? איך האָב פאַר דיר אַ גוטען אָרט, וואו צו באַהאַלטען זיך פון די יעגער. קום צוריק צו מיר אַהיים וועסטו אַריינגעהן צוריק אין דיין בילד אַריין, וואָס מיין טאַטע האָט געקויפט פאַר דיר, און דאָרטען וועט דיך קיינער ניט טשעפּען. איך וועל אויך אריין צוריק אין מיין בילד, און מיר וועלען אַזוי ביידע היינגען צוזאַמען, ווי מיר זענען פריהער געהאַנגען. גוט, הירשעלע?

זאָגט הירשעלע מיט די הערנער:

— גוט, לאָמיר לויפען צו דיר אַהיים. אָבער שנעל, וואָרים די יעגער קומען נעהענטער.

האָט זיך הירשעלע דאָס אינגעלע אַרויפגעכאַפּט שנעל אויף דעם הירשעלע׳ס הערנער, און דאָס הירשעלע האָט גענומען לויפען פייל פון בויגען. אַזוי שנעל איז ער געלאָפען. און ער איז געלאָפען

און געלאָפען, ביז ער איז געקומען צו הירשעלע׳ן אהיים.

ביי הירשעלע׳ן אין דערהיים האָבען נאָך אלע געשלאָפען, און ביידע הירשעלאַך האָבען זיך שטילערהייט אריינגעכאַפּט צוריק אין זייערע בילדער, און קיינער האָט ניט געזעהן.

ווען דער לעבעדיגער הירשעלע האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער ביידע הירשעלאַך געטראָפען אויף די בילדער, ווי נעכטען, איידער ער איז געגאַנגען שלאָפען: אי דאָס הירשעלע מיט די הערנער ווי די דערנער, אי זיין אייגען בילד.

דער לעבעדיגער הירשעלע האָט זיך זעהר געפרייט, וואָס ער האָט געפונען ביידע הירשעלאַך אויף די בילדער.

— טאַטע, — האָט ער געזאָגט, — זעה, ביידע הירשעלאַך הייגען צוריק אויפ׳ן וואַנט. אבי ביינאַכט האָב איך געמיינט, אַז זיי זענען ביידע אַנטלאָפען אין וואַלד אריין.

— נאַרעלע, — האָט צו אים דער טאַטע געזאָגט, — דאָס האָט זיך דיר נאָר געקענט חלומ׳ען. ווייסטו דען ניט, מיין קינד, אַז הירשעלאַך פון בילדער קענען ניט לויפען?

און די צווייטע נאַכט זענען שוין די ביידע הירשעלאַך מער ניט געלאָפען אין וואַלד אריין, נאָר זיי זענען געבליבען הייגען אויפ׳ן וואַנט, אַזוי ווי דעם לעבעדיגען הירשעלע׳ס טאַטע האָט זיי אויפ־געהאַנגען.

---

# האדעל און די נאדעל

האָדעל האָט גענעהט אַ קליידעלע פאַר איר ליאַלקע. נעהט זי אַזוי און נעהט, און פאַרטראַכט זיך אין מיטען דערינען. זעהט די נאָדעל, אַז האָדעל האָט זיך פאַרטראַכט, גנב׳עט זי זיך אַרויס פון האָדעל׳ס האַנט, און דערנאָך גליטשט זי זיך שטילינקערהייט אַראָפּ פון פאָדים און פאַלט אַרונטער אויף דר׳ערד.

אָבער די נאָדעל איז, נאַטירליך, אַזוי שטיל אַרונטערגעפאַלען, אַז האָדעל האָט גאָרנישט געקענט הערען, און פילען האָט זי אויך

ניט געפּילט. פאַרוואָס? ווייל זי איז געווען שטאַרק פאַרטראַכט. וועגען וואָס האָט זי געטראַכט? וועגען נעכטיגען טאָג, ווייל נעכטען איז זי געווען ביי אירער אַ חבר'טע צום געבורטסטאָג, און זי האָט דאָרטען זעהר גוט פאַרבראַכט, געשפּילט זיך און געגעסען גוטע זאַכען.

האָדעל האָט אויפגעהערט צו טראַכטען און געוואָלט ווייטער נעהען. גיט זי אַ קוק — ניטאָ די נאָדעל! און ווי זאָל האָדעל נעהען אָהן אַ נאָדעל? שרייט האָדעל „וואו איז מיין נאָדעל"? און די נאָדעל ליגט זיך מסתמא דאָרטען וואו זי איז אַרונטערגעפאַלען און הערט, אפשר, וואָס האָדעל זאָגט, ווייל איין אויערל האָט דאָך אַ נאָדעל, אָבער ענטפערען ענטפערט זי ניט, אָפּרופען רופט זי זיך ניט אָפּ, פּונקט ווי יעדע זאַך וואָס פאַלט אַרונטער און זאָגט ניט אוים וואו עס איז אַרונטערגעפאַלען.

בויגט זיך איין האָדעל און נעמט זוכען אויף דער ערד די נאָדעל. זוכט האָדעל איר נאָדעל, זוכט און זוכט, אָבער ווי אויף צו להכעיס לאָזט זיך די נאָדעל ניט געפינען. נעמט זיך האָדעל בעטען ביי איר נאָדעל:

— נאָדעלע, נאָדעלע,
קום צו דיין האָדעלע!
איך דאַרף נעהען דאָס קליידעלע
פאַר מיין ליאַלקע, דאָס מיידעלע.

אפשר האָט ווידער געהערט די נאָדעל, וואָס עס האָט צו איר געזאָגט האָדעל, ווייל איין אויערל האָט דאָך אַ נאָדעל, אָבער ענטפערן האָט זי ניט געענטפערט. און האָדעל נעמט ווייטער זוכען די נאָדעל, זוכט און זוכט, און גאָרנישט, אַ נעכטיגער טאָג!

זעהט האָדעל, אַז זי קען ניט געפינען די נאָדעל, האָט זי גאָר גענומען וויינען. און האָדעל'ס מאַמע איז גראָד געווען אין אַ צווייטען צימער, און אַז זי האָט דערהערט האָדלען וויינענדיג, איז זי אַרוים־געגאַנגען אַ קוק טאָן, וואָס זי וויינט. און די מאַמע האָט געפרעגט:

— וואָס וויינסטו, האָדעלע?

האָט געענטפערט האָדעל:

— ניטאָ מיין נאָדעל!

האָט די מאַמע געפרעגט:

— װאו האָסטו זי געפּטר'ט?

האָט האָדעל געענטפערט, און נאָך אַלץ װײנענדיג:

— איך האָב זי ניט געפּטר'ט. זי האָט זיך אַלײן געפּטר'ט. אַרױסגעפאַלען פון האַנט. אַזאַ שלעכטע נאָדעל! איך האָב זיך אױף אַ װײַלע פאַרטראַכט, איז זי שױן אַװעק!

האָט די מאַמע געזאָגט צו איר:

— װײן ניט, האָדעל! מיר װעלען באַלד געפינען די נאָדעל. לאָז מיך נאָר פאַרטיג װערען מיט מײן אַרבײט.

האָדל איז געװען אַ גוטע מײדעל און זי האָט געענטפערט:

— גוט, מאַמע! איך װעל װאַרטען. איך װעל זיך דערװײלע שפּילען מיט דער ליאַלקע.

און האָדעל האָט גענומען איר ליאַלקע אױף די הענט און גערעדט צו איר און געזונגען צו איר, אַזױ װי אַ מאַמע צו אַ קינד:

— װײן ניט, װײן ניט, מײדעלע!
װעסט האָבען באַלד אַ קלײדעלע.

אָבער די ליאַלקע האָט ניט געװײנט. זי האָט גאָר געשמײכעלט. זי האָט אַלע מאָל געשמײכעלט. האָט איר גאָר װען געזעהן, אַ ליאַלקע זאָל װײנען? נאָר האָדעל האָט זיך דאָס אַזױ געשפּילט מיט איר: האָדעל איז געװען די מאַמע, און די ליאַלקע איז געװען איר קינד, און האָדעל האָט געװאוסט. אַז אַ קינד װײנט אַמאָל, און די מאַמע דאַרף עס אײנשטילען. אָט האָט זי אַלײן דאָך ערשט געװײנט, װאָס זי האָט ניט געקענט געפינען די נאָדעל, און די מאַמע האָט זי אײנגעשטילט און געבעטען זי ניט צו װײנען, און זי װעט איר באַלד געפינען די נאָדעל. און האָדעל װײנט טאַקע מער ניט און זי װאַרט אױף דער מאַמען, און די ליאַלקע װאַרט אױך. האָדעל איז אַ גוט מײדעלע און די ליאַלקע איז אױך אַ גוטע.

— װײן ניט, װײן ניט, האָדעלע!
באַלד װעט זײן דאָס נאָדעלע.

אַזױ האָט די מאַמע געזונגען צו האָדלען, און האָדעל האָט געזונגען צו דער ליאַלקע:

— ווײַן ניט, ווײַן ניט, מײדעלע!
באַלד וועט זײַן דאָס קלײדעלע!

אַז האָדעל׳ס מאַמע איז פֿאַרטיג געוואָרען מיט איר אַרבײט, איז זי גלײך אַרײן אין צימער, וואו האָדעל האָט פֿאַרלאָרען די נאָדעל.

— נו, האָדעל, איצט וועלען מיר זוכען די נאָדעל, — האָט די מאַמע געזאָגט, — מיר וועלען זי געפֿינען! זי וועט זיך שוין פֿון אונזערע הענט ניט אַרויסדרעהען. דו זעהסט, וואָס איך האָב אין האַנט?

— איך זעה, מאַ! — האָט האָדעל געענטפֿערט, — אַ מאַגנעט.

— יאָ, מײן קינד, אַ מאַגנעט, — האָט די מאַמע געזאָגט, — דער מאַגנעט וועט שוין געפֿינען די נאָדעל.

האָדעל האָט קײן קשיות ניט געפֿרעגט, ווי אַזוי דער מאַגנעט וועט דאָס קענען געפֿינען די נאָדעל, ווײל זי האָט געוואוסט, אַז דער מאַגנעט ציט צו אַזעלכע זאַכען ווי נאָדלען און שפּילקעס. זי האָט דאָס שוין ניט אײנמאָל געזעהן און האָט געהאַט אַזוי פֿיל פֿאַרגעניגען דערפֿון!

און די מאַמע האָט זיך אײנגעבויגען אויף דר׳ערד און מיט׳ן מאַגנעט אין האַנט האָט זי גענומען פֿירען און שאַרען איבער׳ן דיל, און האָדעל האָט זיך אויך אײנגעבויגען און געקוקט ווי די מאַמע טוט.

די מאַמע האָט געפֿירט און געשאַרט מיט׳ן מאַגנעט. מיט אַמאָל האָט זי אויסגעשריען:

— איך האָב שוין!

די מאַמע האָט אַ קוק געטאָן אויפ׳ן מאַגנעט. דער מאַגנעט האָט טאַקע עפּעס צוגעצויגען, אָבער דאָס איז ניט געוועזן האָדעל׳ס נאָדעל, נאָר אַ שפּילקע, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אויפ׳ן דיל.

— וואַרט נאָר, האָדעל! מיר וועלען געפֿינען אויך די נאָדעל, — האָט די מאַמע געזאָגט, און זי האָט אַראָפּגענומען די שפּילקע פֿון מאַגנעט און גענומען ווײטער פֿירען און שאַרען מיט׳ן מאַגנעט איבער׳ן דיל.

דער מאַגנעט האָט ווידער עפּעס געפֿונען, אָבער עס איז ווידער ניט געוועזן האָדעל׳ס נאָדעל, נאָר אַ פֿען.

— דער מאַגנעט וועט נאָך אויך געפינען די נאָדעל, — האָט די מאַמע געזאָגט צו האָדלען.

דער מאַגנעט האָט געפונען נאָך אַ סך זאַכען, וואָס האָבען זיך פאַרוואַלגערט אויפ׳ן דיל: ער האָט געפונען אַ העקעל וואָס האָט זיך אויסגעריסען פון אַ קליידעל און אַ שפּייז וואָס האָט זיך אָפּגעבראָכען פון אַ דריידעל און אַ דרעטעל פון אַ בעטעל און אַ פּרענטעל מיט וואָס מען מאַכט זאָקען און אַ שליסעלע. אַלץ האָט ער פאַרטשעפּעט, דער מאַגנעט, זוכענדיג די נאָדעל. און די נאָדעל אַליין איז נאָך אַלץ ניטאָ!

האָדעל איז שוין געוואָרען אומגעדולדיג. אָבער די מאַמע האָט צו איר געזאָגט:

— וואַרט נאָר, וואַרט נאָר, האָדעל! עס׳ט נאָך זיין אויך די נאָדעל.

און אַזוי איז טאַקע געווען. די נאָדעל האָט זיך באַהאַלטען אין אַ שפּאַלט צווישען די דילען, און דערפאַר איז דאָס דעם מאַגנעט געווען שווער פון אָנהויב צו געפינען זי. אָבער צום סוף האָט ער זי דערזעהן און ער האָט זי אַ פּאַק געטאָן.

אָ, ווי עס האָט זיך דערפרייט האָדעל, ווען זי האָט דערזעהן איר נאָדעל!

האָדעל האָט אַ כאַפּ געטאָן די נאָדעל און אַרויפגעצויגען זי אויפ׳ן פאָדים און געמאַכט אַ קניפּעל און געזאָגט צו איר:

— איצט וועל איך דיך שוין ניט אָפּלאָזען, ביז דו וועסט מיר ניט פאַרטיג מאַכען דאָס קליידעלע פאַר מיין ליאַלקע.

די מאַמע איז געשטאַנען אַ ווייל און האָט געקוקט ווי האָדעל נעהט אַזוי שנעל מיט דער נאָדעל און גאָר אָנגעקוואָלען, וואָס זי האָט אַזאַ געראָטענע טאָכטער.

— איך וויל דיך פרעגען, מיין קינד, אַ רעטעניש, — האָט זיך די מאַמע אָנגערופען, — וואָס איז דאָס: פאַרנעהט אַלע לעכער, און בלייבט אַליין מיט אַ לאָך?

האָדעל האָט גלייך געטראָפען, אַז עס איז אַ נאָדעל, און זי האָט ווייטער גענעהט, און זי האָט גענעהט און גענעהט, ביז עס איז

פאַרטיג געוואָרען דאָס קלייד, ערשט דעמאָלט האָט האָדעל אָפּגע-לאָזען די נאָדעל.

די נאָדעל, זי נעהט
א קלייד נאָך א קלייד;
א שטאָך נאָך א שטאָך,
פאַרנעהט יעדע לאָך,
און איינע בלייבט דאָך!

וועלכע?

# א מעשה מיט א ליליע

ליליע איז געווען אַ מיידעלע מיט אַ פּאָר שוואַרצע אויגעלאָך און מיט צוויי שוואַרצע צעפּעלאָך, און דערפאַר האָבען זי אַלע גע-רופען: די שוואַרצע ליליע.

און ליליע האָט געוואוסט, אַז זי איז ניט די איינציגע ליליע אויף דער וועלט: עס זענען דאָ נאָך מיידעלאָך ליליעס. זי האָט זיי אַלעמען ניט געזעהן. אָבער איינע האָט זי יאָ געזעהן, און דאָס איז דער שכנה׳ס מיידעלע ליליע, מיט וועלכער זי שפּילט זיך אַלע מאָל, און יענע ליליע איז אויך גראָד אַזאַ שוואַרצינקע ווי זי, אָבער קיין צעפּעלאָך האָט זי ניט, ווייל די האָר זענען ביי איר קורצע און געקרייזעלטע.

ליליע האָט געוואוסט, אַז עס זענען אויך דאָ בלומען אויף דער וועלט, און אַ סך פון זיי האָט זי געזעהן און אפילו אין די הענט געהאַלטען, אָבער אַז עס זענען אויך דאָ ליליעס צווישען די בלומען און דוקא ווייסע, פּונקט ווי עס זענען דאָ אויך ווייסע ליליעס צווישען מיידעלאָך, ——דאָס האָט זי נאָך ניט געוואוסט, ווייל זי איז נאָך אַ קליין מיידעלע געווען, און אַ קליין מיידעלע קען ניט וויסען אַלצדינג אין דער וועלט.

איינמאָל, צו איר געבורטסטאָג, האָט מען איר אַנגעבראַכט אַ סך בלומען. זי האָט פיל פון זיי דערקענט און אפילו ביי די נעמען

אָנגערופען. דאָס, האָט זי געזאָגט, איז אַ רויז, און דאָס איז אַ וויאָלעט, און דאָס איז אַ . . . — און זי האָט ניט געקענט אויסרעדען דעם נאָמען, ווייל עס איז זעהר אַ שווערער נאָמען אויסצורעדען, און די מאַמע האָט געשמייכעלט און איר אונטערגעזאָגט:

— קריזאַנטעם, מיין קינד!

— יאָ, יאָ, מאַמאַ! איך ווייס! — האָט ליליע מיט פרייד אונטערגעכאַפּט, — איך ווייס! אַ . . . אַ . . .

און זי האָט ווייטער פאַרגעסען ווי אַרויסצורעדען דאָס וואָרט.

— אַ קריזאַנטעם, מיין קינד!

און דערביי איז דאָס געבליבען. נאָר איין בלום איז פאַר איר ניי געווען, גאַר אומבאַקאַנט. דאָס איז געווען אַ ליליע, די ווייסע ליליע, און די שוואַרצע ליליע האָט נאָך אַזאַ בלום קיינמאָל ניט געזעהן.

— מאַמאַ! — האָט ליליע אויסגערופען, — זעה נאָר, מאַמאַ, גיב אַ קוק! אַ נייע בלום. אַ ווייסע בלום. וואָס פאַר אַ בלום איז דאָס?

— דערקענסט גאָרניט, מיין קינד? — האָט די מאַמע גע-פרעגט, — דאָס ביסטו דאָך! דאָס איז דאָך אויך אַ ליליע.

— אָבער זי איז דאָך אַ ווייסע און איך בין אַ שוואַרצע, — האָט ליליע געזאָגט.

— עס זענען דאָ ווייסע ליליעס אויך, — האָט די מאַמע געענטפערט.

און די שוואַרצינקע ליליע האָט זיך דערפרעהט, וואָס עס איז דאָ אַ בלום, וועלכע רופט זיך מיט איר נאָמען, און זי האָט אַ כאַפּ-געטאָן די בלום און צוגעדריקט צו איר הארצען און צו די ליפּען צוגעלייגט און געקושט זי.

— ליליע, קום נאָר אַהער! — האָט זי גערופען דער שכנה'ס מיידעלע, וועלכע מען רופט אויך ליליע, — זעה נאָר, אָט איז נאָך אַ ליליע, אָבער אַ ווייסע, און מירביידע זענען שוואַרצע. איצטער זענען דאָ דריי ליליעס: איך און דו און די בלום.

אַז ליליע איז געגאַנגען שלאָפען, האָט זי מיט זיך גענומען אויך די בלום, די ליליע. אָבער אַזוי ווי די בלום איז ניט געשטאַנען

אין וואַסער, איז זי איבער נאַכט פאַרוועלקט געוואָרען, און ווען ליליע דאָס מיידעלע איז אויפגעשטאַנען אינדערפריה, האָט זי דער-זעהן, וואָס עס איז געוואָרען פון דער ליליע די בלום, און זי האָט זיך צעוויינט:

— מיין ליליע איז געשטאָרבען!

די מאַמע איז צו איר צוגעגאַנגען און האָט געזאָגט:

— וויין ניט, מיין קינד! איך וועל דיר קויפען אַן אַנדער ליליע, און דו וועסט זי האַלטען אין וואַסער, וועט זי ניט שטאַרבען אַזוי גיך.

האָט ליליע אויפגעהערט צו וויינען. אָבער אין אַ ווײלע אַרום האָט זי געפרעגט דער מאַמע'ן:

— און וואָס זאָל איך טאָן מיט דער ליליע?

— וואַרף זי אַרויס! — האָט די מאַמע געזאָגט, — אויף וואָס טויג זי? זי איז דאָך אַ טויטע ליליע!

— אַז זי איז אַ טויטע, וועל איך זי באַגראָבען, — האָט ליליע געזאָגט, — אַלע טויטע באַגראָבט מען אין דר'ערד, נו, וועל איך זי אויך באַגראָבען.

די מאַמע האָט אַ שמייכעל געטאָן און געזאָגט:

— נו, זאָל זיין אַזוי, מיין קינד! טו ווי דו זאָגסט.

איז ליליע אַוועק צו דער שכנה'ס מיידעלע, וועלכע מען רופט אויך ליליע, און זי האָט זי גערופען, זי זאָל מיט איר געהן באַגראָבען די ליליע די בלום, וואָרים זי איז ביינאַכט געשטאָרבען.

האָט ליליע, דער שכנה'ס מיידעלע, געפרעגט:

— וואו וועלען מיר זי באַגראָבען? אויפ'ן בית-עולם, וואו מען באַגראָבט אַלעמען, איז דאָך וויט צו געהן. מען דאַרף פאָרען אַהין, און פאָרען אַליין קענען מיר ניט, ווייל מיר זענען נאָך קליינע מיידעלאך.

רופט זיך אָן ליליע, די ערשטע ליליע:

— נו, וועלען מיר זי באַגראָבען אין פּאַרק. דער פּאַרק איז נאָהענט. מיר קענען אַהין צוגעהן, און אין פּאַרק האָב איך געזעהן אַ סך בלומען אין דר'ערד.

— אַ, יע! — האָט אויסגעשריען די צווייטע ליליע, דער

שכנה׳ס מיידעלע, — אין פּארק איז גוט. לאָמיר נעמען אונזערע שויפלען און געהן אין פּאַרק באַגראָבען די ליליע.

זענען די צוויי ליליעס, די מיידעלאך, אוועק אין פּאַרק מיט דער דריטער ליליע, די בלום, און האָבען גענומען גראָבען מיט די שויפלען אין דער ערד אַ קבר פאַר דער טויטער בלום, האָט דאָס דערזעהן פון ווייטען דער וועכטער פון פּאַרק, איז ער צו זיי צוגע־גאַנגען און האָט געפרעגט:

— וואָס טוט איר דאָס, קליינע מיידעלאך?

האָבען די צוויי ליליעס, די מיידעלאך געענטפערט, אָנווייזענדיג אויף דער דריטער ליליע, די בלום:

— זי איז געשטאָרבען, ווילען מיר זי דאָ באַגראָבען.

גיט דער וועכטער פון פּאַרק אַ שמייכעל און זאָגט:

— ניין, ליבע קינדערלאך, דאָ קענט איר דאָס ניט טאָן. דאָ טאָר מען ניט גראָבען, ווייל איר וועט קאַליע מאַכען דעם פּאַרק. קומט, איך וועל אייך ווייזען וואו צו טאָן דאָס.

האָט ער זיי אַוועקגעפירט צום שפּיל־פּלאַץ, וואו אַלע קינדער שפּילען זיך, און דאָרט האָבען די צוויי ליליעס די מיידעלאך באַ־גראָבען אין אַ ווינקעלע די דריטע ליליע די בלום, און האָבען אַוועקגעלייגט אַ שטיינדעלע פאַר אַ סימן, און זיי זענען אַוועק אַהיים.

ווען די ערשטע ליליע, די וואָס מיט די צוויי שוואַרצע צעפּעלאך, איז אַריין אין הויז, האָט זי שוין געטראָפען אויפ׳ן טיש אין אַ קריגעל מיט וואַסער אַנדערע ליליעס, פרישע ליליעס, אַ סך ליליעס, ניט איין ליליע. ליליע האָט זיך זעהר דערפרעהט און זי האָט באַלד פאַרגעסען אָן דער טויטער ליליע. אָבער שפּעטער האָט זי זיך אָנ־גערופען צו דער מאַמען:

— איך וועל נעמען איין ליליע און אַוועקטראָגען צו דער טויטער ליליע אויפ׳ן קבר.

די מאַמע האָט איר געזאָגט, אַז זי מעג דאָס טאָן, און ליליע האָט גענומען איין ליליע פון די בלומען און איז אַריין צו דער שכנה׳ס ליליע און זיי זענען ביידע אַוועק אין פּאַרק צו דער טויטער ליליע אויפ׳ן קבר און האָבען דאָרטען אַוועקגעלייגט די פרישע בלום.

# איטשע־פיטשע

איטשע-פיטשע איז ניט געווען דער נאָמען פון אַ אינגעלע. ווייל וועלכען אינגעלע וועט מען דאָס רופען מיט אַזאַ נאָמען ווי איטשע-פיטשע?

ניין, איטשע-פיטשע איז ניט געווען קיין נאָמען, נאָר אַ צו-נאָמען. און אפילו ניט קיין צונאָמען אויך, נאָר גלאַט אַזוי אַ נאָמען, אין דער וועלט אַריין, וואָס טאַטע-מאַמע האָבען אויסגעטראַכט פאַר זייער ליבען, גוטען זוהנעלע ניאָמעלע, ווען ער פלעגט זיך פאַר־געסען, אַז ער איז אַ ליב, גוט אינגעלע, און ער פלעגט ווערען אַ מיאוס, שלעכט אינגעלע. דעמאָלט פלעגען טאַטע-מאַמע זאָגען:

— שאַ, איטשע-פיטשע איז דאָ!

דאָס האָט געמיינט, אַז דער ליבער, גוטער ניאָמעלע איז שוין אַוועק, און אָנשטאָט אים איז געקומען צו געהן דער מיאוס׳ער, שלעכטער איטשע פיטשע.

און די מאַמע פלעגט רופען און פרעגען:

— וואו איז מיין ליבער, גוטער ניאָמעלע? וואו איז ניאָמעלע מיין נשמה׳לע?

און דער טאַטע אויך. אָבער דער ליבער, גוטער ניאָמעלע מיט זיין ליבען, זיסען געלעכטערל, האָט זיך ניט אָפּגערופען. אָנ-שטאָט אים איז גאָר איטשע-פיטשע געלעגען אויף דר׳ערד און געוואָרפען זיך מיט די פיסעלאַך און געשריען און גערעוועט אַזוי ווי אַן אָקס: מאַ! מע! מאַ! מע! — אַזש עס איז געווען אַ חלשות צו הערען.

און די מאַמע איז כלומר׳שט אַרומגעגאַנגען און האָט געזוכט אין אַלע ווינקעלאַך:

— וואו איז ניאָמעלע, מיין נשמה׳לע?

און דער טאַטע אויך:

— וואו איז ניאָמעלע, מיין נחמה׳לע?

דערהערט ניאָמעלע, אַז מען רופט אים אַזוי לאַנג, גיט ער זיך אַ כאַפּ פון דר׳ערד, און ער איז שוין מער ניט דער מיאוס׳ער,

שלעכטער איטשע-פיטשע, נאָר צוריק דער ליבער, גוטער ניאָמעלע, און ער שרייט אוים מיט זיין זיסען, געשמאַקען קול׳כעלע:

— מאַ! איך בין דאָ!

און די מאַמע פרעגט:

— ווער איז דאָ? איטשע-פיטשע?

און ניאָמעלע ענטפערט:

— ניין, ניט איטשע-פיטשע! איטשע-פיטשע איז אַוועק קיין פיטשעריטשע. ניאָמעלע איז דאָ.

זאָגט די מאַמע:

— א, ניאָמעלע מיין נשמה׳לע!

און זי כאַפּט אַרום און קושט און האַלזט איר ליבען, גוטען ניאָמעלע. און דער טאַטע אויך. און ניאָמעלע אַליין איז אַזוי צופרידען, וואָס איטשע-פיטשע איז אַוועק, און ער קען שוין זיין צוריק דער ליבער, גוטער ניאָמעלע, וועלכען אַלע האָבען אַזוי ליב.

איינמאָל איז דער טאַטע אַוועק צו דער אַרבייט און די מאַמע איז געבליבען אין הויז צוגרייטען עסען און טאָן אַלע אַנדערע זאַכען. שטעהט אַזוי די מאַמע אין קיך און קאָכט דאָס וואַרמעס און ניאָמעלע שפּילט זיך אין זיין צימער מיט זיינע צאַצקעס.

שפּילט זיך אַזוי ניאָמעלע מיט די צאַצקעס, ערשט עס צע-ברעכט זיך ביי אים אַ צאַצקע. וויל ער דאָס פאַריכטען, און ער קען ניט. לויפט ער אַריין מיט אַ געשריי צו דער מאַמען אין קיך און בעט זי צו פאַריכטען די צאַצקע. זאָגט צו אים די מאַמע:

— וואַרט, מיין קינד! שפּעטער אַביסעל. איך וועל פאַרטיג ווערען מיט׳ן קאָכען, וועל איך דיר פאַריכטען די צאַצקע, וואָס איז צעבראָכען.

ניאָמעלע וואָלט געוואַרט, ווייל ניאָמעלע איז געווען גוט און קלוג. איז אָבער געקומען גלייך איטשע-פיטשע, און איטשע-פיטשע איז געווען שלעכט און נאַריש, וויל ער ניט וואַרטען: די מאַמע זאָל לאָזען פאַרברענט ווערען דעם וואַרמעס, און פאַרריכטען אים די צאַצקע!

זאָגט צו אים די מאַמע:

— אָבער אַז עס וועט פאַרברענט ווערען דאָס וואַרמעס, וועסטו דאָך ניט האָבען וואָס צו עסען און דער טאַטע וועט ניט האָבען וואָס צו עסען און איך וועל ניט האָבען וואָס צו עסען!




אָבער איטשע-פּיטשע וויל ניט הערען פון קיין זאַך: שוין, די רגע, זאָל מען אים פאַרריכטען די צאַצקע! און אַזוי ווי די מאַמע האָט קיין צייט ניט געהאַט, האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויפ'ן דיל און גענומען דריגען מיט די פיסלאַך און שרייען און רעווען אַזוי

ווי אָן אָקס: מאַ! מע! מאַ! מע! — אזש עס איז געוועז א חלשות צו הערען.

רופט זיך אָן די מאַמע:

— ליג, ליג, איטשע-פּיטשע, און דריגע מיט די פיסלאך! איך וועל פאַרטיג ווערען מיט׳ן קאָכען, וועל איך זיךצו דיר נעמען און דיך אַרויסוואַרפען פון הויז, פאַרוואָס דו מאַכסט קאַליע מיין ליבען, גוטען ניאָמעלע.

האָט זיך ווידער געהערט ניאָמעלע׳ס קול׳כעלע:

— מאַ! דו קאָך וואַרמעס און איך וועל אַליין אַרויסטרייבען איטשע-פּיטשע׳ן.

און ניאָמעלע האָט געכאַפּט אויף צו כלומר׳שט א שטעקען און גענומען טרייבען איטשע-פּיטשע׳ן:

— איטשע-פּיטשע,
פּיטשעריטשע,
געה אַרוים
פון מיין הויז!
געה אוועק,
איטשע-פּיטשע,
געה אַוועק
קיין פּיטשעריטשע!
לאָז דער מאַמען
וואַרמעס קאָכען,
זאָל די צאַצקע
זיין צעבראָכען.
טשעפּע מיך ניט,
איטשע-פּיטשע,
געה אוועק
קיין פּיטשעריטשע!
איטשע-פּיטשע,
נאָדעל-טעשעל,
געה אין קראָם
און נעם א פלעשעל.

זאָלסט ניט קומען
מער צו געהן,
מער צו געהן
צו מיר אהיים.

און ניאָמעלע איז געלאָפּען צו דער מאַמע'ן מיט שמחה און האָט איר דערציילט, אַז ער האָט איטשע-פּיטשע'ן ארויסגעטריבען, און ער וועט אים שוין מער קיינמאָל אין הויז ניט אריינלאָזען.

און די מאַמע האָט דערפאַר געגעבען ניאָמעלע'ן גוטע זאכען און אַז זי איז פאַרטיג געוואָרען מיט'ן קאָכען, האָט זי אים אויך פאַריכט די צאַצקע וואָס איז געווען צעבראָכען. און אַז דער טאַטע איז געקומען אַהיים פון דער ארבייט, האָט אים ניאָמעלע דערציילט, אַז איטשע-פּיטשע איז שוין ניטאָ מער און ער וועט שוין מער קיינמאָל ניט קומען. און איטשע-פּיטשע איז טאַקע מער קיינמאָל ניט געקומען, און ניאָמעלע איז געווען אַלע מאָל אַ ליבער, גוטער און קלוגער אינגעל.

---

# א מעשה מיט א וועווערקע

שטעהט אין פּאַרק אַ וועווערקע אויף די הינטערשטע לאַפּקעס און ווארט, אַז דאָס אינגעלע זאָל איר געבען נאָך ניס אָדער פּיס-טאַשקעס. אָבער דאָס אינגעלע האָט שוין מער ניט געהאַט ניט קיין ניס און ניט קיין פּיסטאַשקעס.

גלויבט אָבער ניט די וועווערקע, אַז דאָס אינגעלע זאָל שוין מער ניט האָבען ניט קיין ניס און ניט קיין פּיסטאַשקעס. ווייזט איר דאָס אינגעלע די קעשענעס און זאָגט צו איר:

— זעהסט? איך האָב ניט מער.

ווילט זיך דער וועווערקע אריינקוקען אין דעם אינגעלע'ס קעשענעס, זעהן, צי ס'איז ריכטיג, וואָס ער זאָגט, אַז ער האָט ניט מער. וויל זי, און זי האָט מורא, אַז דאָס אינגעלע זאָל דערוויל זי ניט אַ כאַפּ טאָן, און אַ וועווערקע וויל ניט, אַז אינגעלאך

זאָלען זי כאַפּען; זי וויל אַרומלויפען פריי און קיינער זאָל זי ניט טשעפּען. ניסלאַך נעמען ביי אינגעלאַך און ביי מיידעלאַך. דאָס יע, אָבער אינגעלאַך אָדער מיידעלאַך זאָלען זי כאַפּען און האַלטען אין די הענט, דאָס ניט.

ווייזט איר ווידער דאָס אינגעלע די קעשענעס זיינע און זאָגט צו איר:

— האָב קיין מורא ניט. קום אַהער און גיב אַ קוק, וועסטו זעהן, אַז איך האָב ניט מער. איך וועל דיך ניט טשעפּען.

האָט די וועווערקע געזעהן, אַז דאָס אינגעלע מיינט טאַקע ניט צו טשעפּען זי, האָט זי געגעבען אַ שפּרונג צו אים און אַ קוק אַריין צו אים אין די קעשענעס: טאַקע מער ניטאָ, ניט קיין ניס, ניט קיין פיסטאַשקעס, דאָס אינגעלע האָט איר קיין ליגען ניט געזאָגט. וויל זי אַוועק פון דעם אינגעלע און געהן זוכען אַן אַנדער אינגעלע, אָדער אַ מיידעלע, וואָס האָט יע ניס און פיסטאַשקעס.

זעהט דאָס אינגעלע, אַז די וועווערקע וויל אַנטלויפען, רופט ער זיך צו איר אָן:

— וועווע, וועווע, וועווערקע!

וו'ין לויפסטו? צו דער בעבערקע?

פאַרשטעהט די קלוגע וועווערקע, אַז דאָס אינגעלע שפּאַסט דאָס נאָר, ווייל וואָס וועט זי, די וועווערקע, געהן צו דער בעבערקע? אמת, זי וואָלט וועלען אַמאָל פאַרזוכען אַביסעל באָב אָדער אַרבעס, זעהן וואָס פאַר אַ טעם דאָס האָט, צי ס'איז אַזוי געשמאַק ווי ניס אָדער פיסטאַשקעס. אָבער די בעבערקע וועט דאָך איר אומזיסט ניט געבען, ניט קיין באָב און ניט קיין אַרבעס, און קיין געלט אויף צו קויפען האָט זי ניט. היינט וואָס'ט זי געהן צו דער בעבערקע? ענטפערט די וועווערקע:

— ניין, איך לויף ניט צו דער בעבערקע. איך לויף זוכען אַן אַנדער אינגעלע אָדער מיידעלע, וואָס האָט יאָ ניס און פיסטאַשקעס.

זאָגט דאָס אינגעלע צו דער וועווערקע:

— ווייסטו גאָר וואָס, וועווע וועווערקע? קום צו מיר אַהיים, און דאָרטען האָב איך אַ סך ניס, וועל איך דיר געבען וויפיל דו ווילסט אַליין.

טראַכט די וועווערקע, צי זאָל זי געהן מיט'ן אינגעלע צו אים אהיים, צי ניט. טראַכט זי און טראַכט און צום סוף רופט זי זיך אָן:

— רעכט, איך געה מיט דיר אַהיים, אָבער געדענק, זאָלסט מיך ניט טשעפּען, און אַז איך וועל ביי דיר אויפעסען די נים, זאָלסטו מיר לאָזען געהן צוריק אין פּאַרק אַריין, וואָרים דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב ליב צו לעבען פריי, צו קלעטערען אויף די בוימער און אַרומצולויפען איבער'ן גראָז.

איז די וועווערקע אַוועק מיט'ן אינגעלע צו אים אהיים. קומען זיי צוגעהן, זאָגט דאָס אינגעלע צו זיין מאַמען:

— מאַמע, גיב מיר נים. איך האָב געבראַכט אַ גאַסט. זעהסט? אַ וועווערקע.

האָט די מאַמע אַוועקגעשטעלט אַ וואַזע מיט נים אויפ'ן טיש און אַוועקגעלייגט צוויי נים-קנאַקער, איינעם פאַר איר אינגעלע און דעם צווייטען פאַר'ן גאַסט, פאַר דער וועווערקע. רופט זיך אָן די וועווערקע:

— איך דאַרף ניט קיין נים-קנאַקער. איך קען קנאַקען מיט די ציינער.

שפּרינגט די וועווערקע אַרויף אויפ'ן טיש און נעמט זיך גלייך צו די נים, און זי קנאַקט אַזוי שנעל איין נוס נאָכ'ן צווייטען, און ביז וואַנען דאָס אינגעלע עסט אויף איין נוס, עסט זי אויף פינף, און אַזוי איז פון דער גאַנצער וואַזע נים באַלד גאָרנישט ניט געוואָרען.

זעהט די וועווערקע, אַז עס איז מער ניטאָ קיין נים, שפּרינגט זי אַרונטער פון טיש און לויפט צום טיר. זאָגט צו איר דאָס אינגעלע:

— וועווע, וועווע, וועווערקע,

ווי'ן לויפסטו? צו דער בעבערקע?

ענטפערט די וועווערקע:

איך לויף ניט צו דער בעבערקע, איך לויף צוריק אין פּאַרק.

זאָגט צו איר דאָס אינגעלע:

— וואָס וועסטו געהן איצטער אין פּאַרק? עס איז דאָך שוין ביינאַכט, און דו וועסט נאָך ניט טרעפען דעם וועג אין פּאַרק. טאָ בלייב דאָ נעכטיגען, און מאָרגען פריה וועסטו אַוועקגעהן. איאָ, וועווע-וועווערקע?

טראַכט די וועווערקע און טראַכט, צי זי זאָל בלייבען נעכטיגען, צי ניט. האָט זי אַזוי לאַנג געטראַכט, און געטראַכט, ביז עס איז ביי איר געבליבען, אַז זי זאָל יאָ בלייבען נעכטיגען, בפרט, אַז דאָס אינגעלע האָט איר צוגעזאָגט צו געבען איר אינדערפריה אַ פרישטיק פון נים מיט פיסטאַשקעס.

האָט זיך דאָס אינגעלע געלייגט שלאָפען און די וועווערקע אויך, דאָס אינגעלע אין בעט און די וועווערקע אויף דר'ערד. שלאָפט די וועווערקע און שלאָפט. לויפט פאַרביי אַ מויז, זעהט זי, ווי די וועווערקע שלאָפט, שטעלט זי זיך אָפּ קוקען אויף איר. קוקט די מויז און קוקט אויף דער וועווערקע, און ווייסט ניט וואָס פאַר אַ חיה דאָס איז: נאָכ'ן פנים, דאַכט זיך, אַ מויז, אָבער דער עק איז אַן אַנדערער: אַ דיקערער, אַ האָריגער. די מויז האָט נאָך קיינמאָל ניט געזעהן קיין וועווערקע, און דאָס איז איר גליק געוועזן. פאַרוואָס? וועט איר באַלד זעהן.

שטעהט זי אַזוי די מויז און קוקט און קוקט אויף דער וועווערקע, און עס חלש'ט זיך איר אויפוועקען די וועווערקע און פרעגען ביי איר, צי זי געהערט ניט צו דער גרויסער מויזען-משפחה, און אויב יאָ, טאָ פון וועלכער מויזען-לאַך קומט זי, און צי זענען דאָרטען אין אירע מקומות אויך פאַראַנען קעץ, פון וועלכע מען דאַרף זיך היטען.

טראַכט זי, די מויז, און טראַכט, צי זי זאָל אויפוועקען די וועווערקע, צי ניט, און דערווייל האָט זיך די וועווערקע אַליין אויפגעכאַפּט, און דערזעהענדיג די מויז, האָט זי זיך אויף איר אַרויפגעוואָרפען, און עס איז געוואָרען אַ גאַנצער טומעל. האָט זיך דאָס אינגעלע אויפגעכאַפּט פון דעם טומעל און האָט דערזעהן, ווי די וועווערקע האַלט די מויז אין די לאַפּקעס. וואונדערט זיך דאָס אינגעלע: ווי אַזוי קומט אַ מויז צו דער וועווערקע? פרעגט ער ביי דער וועווערקע:

— ווער ביסטו, אַ וועווערקע, צי אַ קעצעלע?

ענטפערט די וועווערקע:

— אַ וועווערקע. וואָס איז, דו דערקענסט מיך גאָרניט?

זאָגט דאָס אינגעלע:

— יאָ, אָבער פאַרוואָס האָלטסטו אַ מייזעלע? נאָר קעץ כאַפּן מייז.

זאָגט די וועווערקע:

— אָ, ווייסטו ניט, אינגעלע! וועווערקעס האָבן ליב ניט נאָר נים און פּיסטאַשקעס, זיי האָבן אויך ליב מייז.

— פע, מייז! — האָט דאָס אינגעלע געזאָגט, און אַזוי ווי ער איז געווען פאַרשלאָפן, האָט ער מער ניט געקענט רעדן און איז צוריק איינגעשלאָפן. און די וועווערקע איז פאַרטיג געוואָרן מיט דער מויז און איז אויך איינגעשלאָפן. איז אָבער פאַרבייגעלאָפן די קאַץ און האָט אויפגעוועקט די וועווערקע און געפרעגט זי, אויב זי האָט ניט געזעהן אַ מויז פאַרביילויפענדיג. האָט די וועווערקע מורא געהאַט צו דערציילען דער קאַץ די גאַנצע מעשה מיט דער מויז, וואָרים די קאַץ וואָלט צו איר זאָגען: סטייטש, וואָס האָסטו צוגעכאַפּט מיין מויז? ווייניג איז דיר די נים און פּיסטאַשקעס, וואָס די קינדער גיבען דיר? און די קאַץ וואָלט זי נאָך אודאי גע־טשעפּעט. האָט די וועווערקע געזאָגט, אַז זי האָט קיין מויז אין אירע אויגען ניט געזעהן. האָט די קאַץ געגלויבט דער וועווערקע און איז אַוועק זוכען אַנדערע מייז, און די וועווערקע איז ווידער איינגעשלאָפן און מער האָט זי שוין קיינער ניט אויפגעוועקט פון שלאָף און זי איז אַזוי אָפּגעשלאָפן ביז אינדערפריה.

אינדערפריה האָט זיך די וועווערקע אויפגעכאַפּט און דעם אינגעלע׳ס מאַמע האָט איר געגעבען נים און פּיסטאַשקעס און מאַנדלען, און די וועווערקע האָט אָפּגעגעסען און אָפּגעדאַנקט דעם אינגעלע און דעם אינגעלע׳ס מאַמע פאַר די אַלע גוטע זאַכען וואָס מען האָט איר געגעבען און איז אַוועקגעלאָפען צוריק אין פּאַרק קלעטערען אויף די שפּיצען בוימער.



# הינדעלע און די הינדעלאַך

הינדעלע איז געווען אַ גרויסשטאָטיש מיידעלע, און זי האָט געוואוסט, אַז אייער קויפט מען אין אַ קראָם, און מילך ברייננגט דער מילכמאַן יעדען אינדערפריה. אַז אַ הון לייגט די אייער און אַז אַ קוה גיט די מילך — דאָס האָט הינדעלע נאָך ניט געוואוסט, ווייל אין דער גרויסער שטאָט האָט הינדעלע ניט געזעהן קיין הינער, ניט קיין קיה: איך מיין לעבעדיגע הינער, לעבעדיגע קיה. און אין אַ דאָרף איז זי נאָך ניט געווען.

נאָר אָט איז געקומען זומער, רופט זיך צו איר אָן איר מאַמע:

— ווייסט, הינדעלע? מיר׳ן פאָרען אין קאָנטרע, וועסטו דאָרטען זעהן אַ סך הינדעלאַך.

האָט הינדעלע זיך דערפרייט, וואָס זי וועט פאָרען אין „קאָנטרע" וואו עס זיינען דאָ אַ סך הינדעלאַך. וואָסערע הינדעלאַך — האָט זי ניט געוואוסט. זי האָט געמיינט, אַזעלכע הינדעלאַך ווי זי, הינדעלאַך קינדערלאַך, מיידעלאַך אין קליידעלאַך. און הינדעלע האָט גענומען טאַנצען און שפּרינגען און פּאַטשען מיט די הענטעלאַך און זינגען.

און טאַקע אין עטליכע טעג אַרום האָט הינדעלע׳ס מאַמע אַנגעפּאַקט אַ קופערט מיט זאַכען און איז אַוועקגעפאָרען מיט הינדעלע׳ן אין „קאָנטרע".

ווי נאָר הינדעלע איז געקומען אין „קאָנטרע", אַזוי האָט זי גלייך גענומען זוכען די הינדעלאַך. וואָס די מאַמע האָט איר געזאָגט. זעהט זי דאָרטען מיידעלאַך שפּילען זיך. געהט זי צו צו זיי, און פרעגט ביי יעדער איינער:

— ביסט דו הינדעלע?

ענטפערט איין מיידעלע:

— ניין, איך בין ניט הינדעלע. איך בין סערעלע.

און אַ צווייטע מיידעלע ענטפערט:

— איך בין פערעלע.

און אַ דריטע מיידעלע ענטפערט:

— איך בין פּעני.

און אַ פערטע מיידעלע ענטפערט:

— איך בין דזשעני.

און אַ פינפטע מיידעלע זאָגט: זי איז סטעלאַ. און אַ זעקסטע מיידעלע זאָגט: זי איז בעלאַ. און אַזוי אַלע אַנדערע מיידעלאַך: קיין איין הינדעלע איז צווישען זיי ניטאַ.

לויפט הינדעלע צו דער מאַמען און דערציילט דאָס איר און האָט צו איר טענות: הלמאי האָט זי איר אינדערהיים געזאָגט, אַז אין „קאַנטרע" זענען דאָ אַ סך הינדעלאַך? אָט האָט זי געפרעגט ביי אַלע מיידעלאַך, ווי מען רופט זיי, און קיין איינע פון זיי איז ניט אַ הינדעלע, אַזוי ווי זי!

גיט די מאַמע אַ שמייכעל און אַ גלעט הינדעלע'ן איבער'ן קעפּעלע.

— איך האָב דיך ניט אונטערגענאַרט, מיין קינד — זאָגט די מאַמע צו הינדעלע'ן — קום, וועל איך דיר ווייזען די הינדעלאַך, אַ סך הינדעלאַך.

און די מאַמע האָט גענומען הינדעלע'ן פאַר'ן הענטעלע און זי אַוועקגעפירט צום הינער-שטייג.

— זעהסט, הינדעלע? — האָט די מאַמע געזאָגט — אָט זענען זיי, די הינדעלאַך, וואָס איך האָב דיר געזאָגט. די גרויסע זענען די הינער, די מאַמעס, און די קליינינקע זענען זייערע קינדערלאַך, די הינדעלאַך. איצטער זעהסטו?

האָט הינדעלע גאָרנישט ניט געענטפערט, נאָר זי איז געשטאַנען און האָט געקוקט אויף די הינער און די הינדעלאַך. מערער האָט זי געקוקט אויף די הינדעלאַך, ווייל זיי זענען געווען אַזעלכע שיינינקע און קליינינקע.

אינמיטען דערינען האָט אַ הון גענומען קוואַקטשען: קוואַ! קוואַ! קוואַ!

— מאַ! — האָט הינדעלע געפרעגט — וואָס זאָגט די הון?

— די הון זאָגט, אַז זי וועט באַלד געבען דיר אַן איי — האָט די מאַמע געענטפערט מיט אַ שמייכעל.

— און וואו וועט נעמען די הון דאס איי? — האט הינדעלע געפרעגט — אין קראם? דא וואו מיר נעמען?

— ניין — האט די מאמע געענטפערט — די הון דארף ניט געהן אין קראם נאך אייער. די קראם געהט צו דער הון נאך אייער.

און די מאמע האט דערציילט הינדעלע׳ן, אז די הינער לייגען אייער און פון די אייער קומען ארויס הינדעלאך און פון די הינדעלאך ווערען הינער און פון די הינער אייער און פון די אייער הינדעלאך און אזוי כסדר — א מעשה אהן א סוף. און הינדעלע האט דאס געהערט און געקוקט אויף די הינער מיט די הינדעלאך און איר איז געפעלען געווארען די גאנצע געשיכטע.

— און איצט, מיין קינד—האט די מאמע געזאגט — אז דו ווייסט שוין, פון וואנען עס נעמען זיך אייער, קום. וועל איך דיר ווייזען, פון וואנען עס נעמט זיך מילך. קום אין שטאל אריין, וועסטו זעהן, ווי דער פארמער מעלקט די קיה.

און די מאמע האט גענומען הינדעלע׳ן אין שטאל אריין און הינדעלע האט צום ערשטען מאל אין איר לעבען דערזעהן לעבעדיגע קיה און ווי דער פארמער זיצט און מעלקט זיי. דאס איז איר אויך געפעלען געווארען, אבער ניט אזוי שטארק ווי די געשיכטע מיט די הינער און די אייער.

— איצט קום, מיין קינד, עסען — האט די מאמע צו איר געזאגט און זיי זענען אוועק אין הויז אריין.

מען האט דערלאנגט די אייער צום טיש, און הינדעלע האט דאס מאל געקוקט אויף די אייער מיט מער דרך-ארץ: סטייטש, דאס זענען דאך די אייער, וועלכע די הינער לייגען און פון וועלכע די הינדעלאך קומען ארויס! פריהער האט זי גארניט געוואוסט פון אזעלכע זאכען.

אז מען האט הינדעלע׳ן דערלאנגט דאס איי, האט די מאמע געוואלט, ווי זי טוט דאס שטענדיג, אויפברעכען איר דאס איי און געבען איר עסען. אבער הינדעלע האט אפגעהאלטען דער מאמע׳ס האנט און גענומען שרייען:

— ווארט, מאמא! ווארט, ברעך ניט אויף דאס איי! לאז אפריהער דער הינדעלע ארויסגעהן, דערנאך וועל איך עסען דאס איי.

די מאַמע האָט זיך צעלאַכט:

— ניין, מיין טאָכטער, — האָט זי געזאָגט — פון אַט דעם איי קען שוין קיין הינדעלע ניט אַרויס, ווייל דאָס איי איז אָפּגעקאָכט. אַ הינדעלע קען אַרויסגעהן נאָר פון אַ רוי איי. און דאַן מוז נאָך די הון זיצען לאַנג אויפ'ן איי און וואַרימען דאָס אַזוי לאַנג, ביז דאָרטען וואַרימט זיך אויס אַ הינדעלע, און דער הינדעלע ווערט שוין דאָרט אינ'ם איי צו איינג, נעמט זי פון אינוויינינג פיקען מיט'ן שנאָבעלע דאָס איי און זי פּיקעט אַזוי לאַנג, ביז זי פּיקעט דורך דאָס שאָלאכץ פונ'ם איי און זי קען אַרויסקריכען. דערנאָך נעמט די מאַמע-הון דאָס הינדעלע-קינדעלע, וואָס האָט זיך ערשט אויסגעפּיקעט פון איי, נעמט זי דאָס אונטער אירע פליגלען און וואַרעמט דאָס ווידער און קאָרמעט דאָס ביז דאָס ווערט גרויס און שטאַרק און קען שוין אַליין אומגעהן און עסען.

הינדעלע האָט דאָס אויסגעהערט מיט קאָפּ. אַז די מאַמע האָט געענדיגט רעדען, האָט זי זיך צו איר אָנגערופען:

— מאָרגען גיב מיר, מאַמאַ, אַ רוי איי, וועל איך דאָס אוועק-טראָגען דער הון, וועט זי מיר מאַכען אַ הינדעלע.

— רעכט, מיין קינד! — האָט די מאַמע געענטפערט מיט אַ שמייכעל — מאָרגען וועל איך דיר געבען אַ רוי איי.

אויף מאָרגען האָט די מאַמע געגעבען הינדעלע'ן אַ רוי איי, און הינדעלע איז דערמיט אַוועקגעלאָפען צום הינער-שטייג און גע-נומען רופען איין הון, אַ ראָבע הון, וועלכע איז איר געפעלען געוואָרען מער ווי אַלע אַנדערע הינער. אָנשטאָט דער איינער זענען צו איר צוגעלאָפען אַלע הינער, ווייל זיי האָבען געמיינט, אַז הינדעלע וויל זיי געבען עסען. רופט זיך אָן הינדעלע:

— ניין, איך דאַרף אייך ניט אַלעמען. איך דאַרף נאָר איינע פון אייך. אָט די ראָבע הון. איך וויל זי זאָל מיר אויסזיצען אַ הינדעלע, וואָס זאָל זיין אַזוי ראָב ווי זי. קום אַהער, דו ראָבע הון!— האָט הינדעלע גענומען זי רופען, און די איבעריגע האָט זי געטריבען. אָבער די ראָבע הון האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס הינדעלע רעדט צו איר, איז זי אויך אַנטלאָפען, ווייל זי האָט געמיינט, אַז הינדעלע טרייבט זי אויך.

געהט פארביי דער פארמער, זעהט ער, ווי הינדעלע שטעהט מיט אן איי אין דער האנט און רעדט צו די הינער. פרעגט ער זי:

— וואס ווילסטו, מיידעלע?

ענטפערט הינדעלע דעם פארמער:

— איך וויל געבען דער ראבער הון אן איי און זאל זי מיר מאכען א ראבע הינדעלע.

צעלאכט זיך דער פארמער און ער זאגט צו הינדעלע'ן:

— ניין, מיידעלע! דיר וועט די ראבע הון ניט פאלגען. גיב מיר דאס איי, און איך וועל איר שוין הייסען, וועט זי דיר מאכען א הינדעלע.

האט הינדעלע אפגעגעבען דעם פארמער דאס איי. האט דער פארמער געכאפט די ראבע הון און זי אוועקגעזעצט אויף הינדעלע'ס איי און אויף נאך אייער, עס זאל ארויס א סך הינדעלאך מיט אמאל. הינדעלע האט זיך אוועקגעשטעלט ווארטען. אבער דער פארמער האט איר געזאגט, אז זי וועט דארפען צו לאנג ווארטען. זאל זי דערווייל געהן שפילען זיך.

— איך וועל דיר שוין אנזאגען! — האט דער פארמער צו איר געזאגט.

איז הינדעלע אוועק שפילען זיך און זי האט געווארט און געווארט און געווארט אזוי לאנג, ביז די ראבע הון האט אויס-געזעסען די הינדעלאך. דער פארמער האט איר אנגעזאגט, ווען די הינדעלאך זענען ארויס. הינדעלע האט שוין געוואלט כאפען א הינדעלע, אבער די ראבע הון האט זיך אווארף געטאן צו איר שלאגען, ווייל א מאמע האט ניט ליב, אז מען כאפט ביי איר צו אירע עופה'לאך. און דער פארמער האט אויך געזאגט הינדעלע'ן, אז זי זאל בעסער אפווארטען ביז די הינדעלאך וועלען אויסוואקסען און שטארקער ווערען. האט הינדעלע ווייטער געווארט, און ווען זי האט געדארפט פארען מיט דער מאמען אהיים צוריק אין שטאט, איז שוין פאר איר אויסגעוואקסען א הינדעלע.

# דער וואונדער־פּאַלאַץ

(די מעשה מיט'ן איש־חסיד)

אַמאָל איז געווען אַ פרומער איד, האָט ער געהאַט אַ ווייב מיט פינף קינדער, און ניט קיין שאָף און ניט קיין רינדער. עס איז אין הויז איינפאַך קיין שטיקעל ברויט ניט געווען און עס איז ניט געווען קיין ברעקעל העמד אויפ'ן לייב. זענען זיי אַלע געזעסען אַזוי אין הויז נאַקעטע און הונגעריגע, און קיין הילף איז פון ערגעץ ניט געקומען.

רופט זיך איינמאָל אָפּ די ווייב צום מאַן:

— מיין ליבער מאַן! וויפיל איז דער שיעור אַזוי צו זיין? ניט קיין ברויט און ניט קיין קלייד. מיר וועלען דאָך אַלע אַזוי אויסגעהן פון הונגער און קעלט. אַמער געה אַרוים אין מאַרק, אפשר וועט גאָט דיר עפּעס צושיקען.

זאָגט דער מאַן:

— מיין ליבע ווייב! דיין עצה איז זעהר אַ גוטע. אָבער די זעהסט דאָך, אַז איך בין הויל און נאַקעט, היינט ווי אַזוי קען איך אַרוים אין גאַס? עס איז דאָך אַ בזיון פאַר לייטען!

זאָגט די ווייב:

— איך וועל דיר שוין קריגען זאַכען.

איז זי אַוועק צו די שכנים און האָט אָנגעליען זאַכען, און דער מאַן האָט זיך אָנגעטאָן און איז אַוועק אין מאַרק אַריין.

קומט ער אויפ'ן מאַרק, זעהט ער אַלע האַנדלען און וואַנדלען, קויפען און פאַרקויפען, נאָר ער איינער אַליין האָט ניט וואָס צו טאָן ווייל ניט ער האָט קיין געלט, ניט ער האָט קיין סחורה.

דרעהט ער זיך אַהין, דרעהט ער זיך אַהער, און אין האַרצען טראַכט ער: „אַך, ווען גאָט שיקט מיר עפּעס צו, עס זאָל זיין כאָטש פאַר די קינדער וואָס צו עסען".

ווי ער דרעהט זיך אַזוי און טראַכט זיך אַזוי, ערשט אליהו הנביא באַווייזט זיך פאַר אים, אָנגעטאָן ווי אַ פּראָסטער בעל־מלאכה. רופט זיך צו אים אָן אליהו הנביא:

— וואָס דרעהסט איר זיך אַרום אויפ'ן מאַרק, ר' איד?

ענטפערט דער איד:

— איך זוך עפּעס צו פאַרדינען פאַר מיין ווייב און קינדער אויף ברויט. איך מוז זיי היינט נאָך ברייננען עפּעס עסען, וואָרים אויב ניט, שטאַרבען זיי פון הונגער.

זאָגט צו אים אליהו הנביא:



— איך וויים, איך וויים, און איך זאָג אייך, ר' איד, אַז נאָך היינט וועט איר ווערען אַ גביר.

קוקט אים אָן דער איד און וואונדערט זיך:

— ווי אַזוי —זאָגט ער — קען איך ווערען אַ גביר, און נאָך היינט?

זאָגט צו אים אליהו הנביא:

— אַז איך זאָג אייך, מעגט איר גלויבען.

האָט דער איד שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס שטעהט פאַר אים ניט קיין פּראָסטער בעל-מלאכה, נאָר אליהו הנביא, וועלכער האָט זיך אַזוי פאַרשטעלט, אַז מען זאָל אים ניט דערקענען. נאָר פרעגען זיך האָט ער מורא. שטעהט ער אַזוי און שווייגט:

רופט זיך אָן צו אים אליהו הנביא:

— טראַכט ניט, ר׳ איד, וואָרים דער טאָג איז קורץ און דער מאַרק וועט זיך באַלד צעגעהן. נעמט און פאַרקויפט מיך דאָ פאַר אַ קנעכט, וועט איר האָבען גענוג געלט פאַר אייך מיט אייער ווייב מיט אייערע קינדער.

גיט זיך דער איד אַ כאַפּ פאַר׳ן קאָפּ:

— איך זאָל אייך פאַרקויפען פאַר אַ קנעכט?! איר דאַרפט מיך פאַרקויפען פאַר אַ קנעכט, ניט איך אייך, וואָרים איר זייט דער האַר און איך בין דער קנעכט.

זאָגט צו אים אליהו הנביא:

— ר׳ איד, דינגט זיך מיט מיר ניט, און טוט ווי איך הייס אייך. שרייט אויס הויך אויפ׳ן קול: ווער וויל אַ קנעכט, וואָס קען מאַכען אַלץ צו-רעכט? קען אַלץ אין דער וועלט מאַכען, פון די קלענסטע ביז די גרעסטע זאַכען!

שרייט אַזוי אויס דער איד, ערשט עס קומט צו אַ פּריץ און פרעגט ביי אים, וופיל וויל ער פאַר׳ן קנעכט. ענטפערט דער איד: „אַכט הונדערט טויזענט גילדען". זאָגט דער פּריץ: „רעכט"! און ער קויפט אָפּ דעם קנעכט. און דער איד געהט אַוועק פריילעך אַהיים צו זיין ווייב און קינדער און קויפט פאַר זיי אָן אַלע גוטע זאַכען.

און דער פּריץ פיר׳ט דערווייל אליהו הנביא׳ן אַהיים, און דער פּריץ ווייסט ניט און ער וועט ניט וויסען, ווען ער האָט פאַר אַ קנעכט געקויפט.

אויפ׳ן וועג פרעגט דער פּריץ ביי אליהו הנביא׳ן:

— וואָס קענסטו טאָן?

ענטפערט אליהו הנביא:

— אַלצדינג אין דער וועלט, מיין האַר!

פרעגט ווידער דער פּריץ:

— קענסטו אויפבויען אַ פּאַלאַץ?

ענטפערט אליהו הנביא:

— געוויס קען איך אויפבויען אַ פּאַלאַץ. און נאָך וואָס פאַר אַ פּאַלאַץ! אַזאַ פּאַלאַץ, וואָס איר האָט נאָך קיינמאָל אין אייערע אויגען ניט געזעהן.

זאָגט דער פּריץ:

— איך דאַרף האָבען אַ פּאַלאַץ, אָבער ער מוז אויפגעבויט ווערען זעהר גיך. איז אויב דו וועסט מיר קענען מאַכען דעם פּאַלאַץ איבער נאַכט, וועל איך דיך אויף מאָרגען גלייך באַפרייען, און וועסט זיך קענען געהן וואוהין דו ווילסט.

שטעלט זיך אליהו בויען דעם פּאַלאַץ, און דער פּריץ שטעהט און קוקט. לאַכט דער פּריץ און זאָגט צו אליהו'ן:

— איך האָב מורא, אַז דו וועסט מיט'ן פּאַלאַץ ניט פאַרטיג ווערען ביז איבער אַ יאָר.

זאָגט צו אים אליהו:

— איר, פּריץ-לעבען, געהט שלאָפען, און מאָרגען אינדער-פריה, אַז איר וועט אויפשטעהן, וועט איר געפינען דעם פּאַלאַץ שוין אַ פאַרטיגען.

איז דער פּריץ אַוועק שלאָפען, און אליהו הנביא איז געבליבען אַרבייטען. אַרבייט ער אַזוי און אַרבייט ביז האַלבע נאַכט. זעהט ער, אַז ער ווערט ניט פאַרטיג, האָט ער גערופען מלאכים צו הילף. זענען אַרונטער מלאכים פון הימעל אים העלפען בויען דעם פּאַלאַץ, און איידער עס איז טאָג געוואָרען, איז דער פּאַלאַץ שוין פאַרטיג געוועזען, אַן אמת'ער וואונדער-פּאַלאַץ.

ווען דער פּריץ איז אויפגעשטאַנען, איז ער אמת פאַרוואונדערט געוואָרען, זעהענדיג דעם פּאַלאַץ. האָט ער אָנגעגעבען אליהו'ן אַ סך מתנות און געהייסען אים געהן אַהיים. און אליהו האָט גענומען די מתנות און זיי אַריינגעוואָרפען אין די אָרימע הייזער

פאַר די אָרימע קינדער און אַליין איז ער אויף זיינע פייערדיגע פערד אַרויף צוריק אויפ׳ן הימעל.

און אין אַלע הייזער איז געווען פריילאך און מען האָט געזונגען:

אליהו הנביא,
אליהו התשבי,
אליהו הגלעדי,
קומסט אַרונטער אויף דער ערד,
אויף די פייערדיגע פערד.
ברייגגסט אונז גליק,
ברייגגסט אונז פרייד,
ברייגגסט אונז ברויט
און ברייגגסט אַ קלייד.
אליהו, גוטער מאַן,
אומעטום ביסט דו פאַראַן.
אליהו הנביא,
אליהו התשבי,
אליהו הגלעדי!

# בעני און זיין טראָמפּייטעל

פּאַפּאַ האָט געבראַכט בעני׳ן אַ טראָמפּייטעל. האָט בעני גענומען דאָס טראָמפּייטעל אין מויל און געטרומייטערט:

— טרו-טרו-טרו!
אין פעלד געהט די קוה,
געהט אין פעלד די קוה,
מאַכט די קוה: מו-מו!
מו-מו מאַכט די קוה,
מרו-טרו-טרו-טרו!
דער פּאַסטאַך טרייבט די קוה.

גנהט ער, גנהט ער, גנהט ער,
בלאָזט מיט זיין טרומייטער:
טרו-טרו-טרו-טרו!

האָט בעני געבלאָזן און געבלאָזן אין זיין טראָמפייטעל, ביז ער האָט דער מאַמען אָנגעבלאָזן אַ פולען קאָפּ. רופט זיך אָן די מאַמע צו בעני'ן:

— בעני'לע מיין קינד! מיר טוט שוין וועה דער קאָפּ פון דיין טרובען און פון דיין בלאָזן. זיי אַ גוט אינגעלע און געה אַרויס אין גאַס טרומייטערן. דאָרטען וועסטו קענען טרובען און בלאָזן וויפיל דו ווילסט אַליין.

איז בעני געווען אַ גוט אינגעלע און ער איז אַוועק אינדרויסען אַרביימען אויף זיין טראָמפייטעל.

האָבען דערהערט די אינגלאַך פון גאַס דאָס טראָמפייטעל, און זיי האָבען זיך אַלע אַרומגעקליבען אַרום בעני'ן, און זיי האָבען געקוקט אויף אים מיט קנאה, וואָס ער האָט אַ טראָמפייטעל און זיי ניט. האָט יעדער אינגעל געבעטען בעני'ן, ער זאָל געבען אים אַ בלאָז טאָן אין טראָמפייטעל, און בעני איז ניט געווען קיין שלעכטער און האָט געגעבען.

איז דאָס טראָמפייטעל אַרומגעגאַנגען פון איין אינגעל צום צווייטען, און די אינגלאַך האָבען אַזוי פיל געבלאָזן אין דעם טראָמפייטעל, ביז זיי האָבען דאָס הייזעריג געמאַכט.

האָט בעני דערהערט, אַז זיין טראָמפייטעל איז הייזעריג, האָט ער זיך זעהר דערשראָקען און ער האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענטלאַך און גענומען וויינען:

— אוי, מיין טראָמפייטעל איז הייזעריג! און וואָס וועל איך איצטער טאָן?

רופט זיך אָפּ איין אינגעל, וואָס מען האָט אים גערופען סעמי:

— וויין ניט, בעני! איך וועל דיר פאַריכטען דאָס טראָמפייטעל, עס זאָל ניט הייזעריג זיין.

פרעגט ביי אים בעני:

— ווי וועסטו דאָס מאַכען?

ענטפערט דאָס אינגעל, וואָס מען האָט אים גערופען סעמי:

— דו זאָלסט נאָר ניט לאַכען. איך וועל שוין דאָס מאַכען.

פרעגט ביי אים ווייטער בעני:

— אָבער ווי אַזוי?

זאָגט צו אים סעמי:

— איך בין אַמאָל אויך געווען הייזעריג. אַזוי ווי איצטער דיין טראָמפּייטעל. האָט מיין מאַמע גערופען דעם דאָקטאָר און ער האָט געגעבען אַזאַ רפואה, און איך האָב דאָס געטרונקען און בין שוין מער ניט הייזעריג געווען. עס איז אָבער נאָך איבערגעבליבען ביי מיר אַביסעל רפואה אין פלעשעל, וועל איך אַרויף צו מיר אין הויז און נעמען דאָס פלעשעלע מיט'ן ביסעל רפואה און וועל דאָס גיסען אין טראָמפּייטעל, ביז דאָס וועט שוין זיין ניט מער הייזעריג.

זאָגט בעני צו סעמי'ן:

— נאָ טאָ געה אויף גיך און ברייננ.

און אַלע אינגלאַך האָבען אויך געזאָגט:

— געה און ברייננ, הייל אַ קריינק.

און סעמי איז אַוועקגעלאָפען אַהיים ברייננען די רפואה פאַר'ן הייזעריגען טראָמפּייטעל.

האָט בעני געוואַרט אויף סעמי'ן, געוואַרט און געוואַרט, און אַלע קינדער האָבען אויך געוואַרט, און סעמי איז טאַקע געקומען און האָט געבראַכט דאָס פלעשעלע מיט דער רפואה. און אַ לעפעלע האָט ער אויך מיט זיך געבראַכט.

— אויף וואָס איז דאָס לעפעלע? — האָט בעני געפרעגט.

— ווייסט גאָרניט, — האָט סעמי געענטפערט, — אַז אַ רפואה גיט מען אין אַ לעפעלע? דער דאָקטאָר האָט דעמאָלט בעת איך בין געווען הייזעריג געהייסען געבען מיר אַלע צוויי שעה אַ קאַווע-לעפעלע. נו, וועלען מיר דעם טראָמפּייטעל אויך געבען אַלע צוויי שעה אַ לעפעלע, ביז עס וועט געזונט ווערען.

האָט סעמי אָנגעגאָסען אַ לעפעלע רפואה און אַריינגעגאָסען דעם טראָמפּייטעל אין האַלז אַריין. אָבער די רפואה האָט זיך גלייך אויסגעגאָסען פון דער אַנדער זייט. האָבען די קינדער גענומען שרייען:

— עס גיסט זיך! עס גיסט זיך!
רופט זיך אָן סעמי:

— נו, דאַרף מען געבען נאָך אַמאָל, וואָרים וויבאַלד עס האָט זיך אויסגעגאָסען, טויג דאָס ניט. אָבער אַ אינגעל וועט דאַרפען צוהאַלטען פון אונטען, עס זאָל זיך מער ניט אויסגיסען.

האָט בעני געהאַלטען ווי פריהער דאָס טראָמפּייטעל פון אויבען און אַן אַנדער אינגעל, וואָס מען האָט אים גערופען איזי, האָט צוגעהאַלטען מיט דער האַנט דאָס טראָמפּייטעל פון אונטען, כדי עס זאָל זיך ניט אויסגיסען די רפואה. און סעמי האָט איבעראַנייס אַריינגעגאָסען אַ לעפעלע רפואה דעם טראָמפּייטעל אין האַלז אַריין. אָבער איזי האָט דערנאָך צוגענומען זיין האַנט און די רפואה האָט זיך ווידער אויסגעגאָסען.

רופט זיך אָן סעמי:

— אָ, איך ווייס שוין, וואָס צו טאָן! איך וועל פאַרשטאָפּען פון אונטען מיט ערד, וועט זיך ניט אויסגיסען.

און סעמי האָט גענומען און פאַרשטאָפּט דאָס טראָמפּייטעל פון אונטען מיט ערד, און ער האָט אַריינגעגאָסען די רפואה, און די רפואה האָט זיך שוין מער ניט אויסגעגאָסען. אַזוי האָט סעמי אַ גאַנצען טאָג געהיילט דאָס טראָמפּייטעל ביז עס איז אויסגעגאַנגען די רפואה פון פלעשעלע.

— איצט, — האָט סעמי געזאָגט, — לאָמיר זעהן צי דאָס טראָמפּייטעל איז שוין געזונט.

האָט סעמי גענומען בלאָזען, אָבער דאָס טראָמפּייטעל איז אַלץ געווען הייזעריג. און בעני האָט אויך געפּרואווט בלאָזען, און דאָס טראָמפּייטעל איז אַלץ געווען הייזעריג, און אַלע קינדער האָבען געבלאָזען, און דאָס טראָמפּייטעל איז אַלץ געווען הייזעריג.

רופט זיך אָן אַ אינגעל, וואָס מען האָט אים גערופען סאַלי:

— ניין, קינדער! אַ טראָמפּייטעל איז ניט קיין מענש. אַ טראָמפּייטעל קען מען מיט אַ רפואה ניט אויסהיילען. גיב מיר, בעני, דאָס טראָמפּייטעל, וועל איך דאָס צו-רעכט מאַכען. מיין טאַטע איז אַ בלעכער, ווייס איך ווי.

האָט בעני געגעבען סאַלי'ן דאָס טראָמפּייטעל, ער זאָל דאָס צו־רעכט מאַכען. און סאַלי האָט גענומען אַ שטיין, אַוועקגעלייגט אויף דעם דאָס טראָמפּייטעל און מיט נאָך אַ שטיין האָט ער גענומען קלאַפּען איבער'ן טראָמפּייטעל און האָט געקלאַפּט און געקלאַפּט, ביז ער האָט דאָס טראָמפּייטעל אינגאַנצען צעקלאַפּט.

האָט בעני דערזעהן, וואָס עס איז געוואָרען פון זיין טראָמפּייטעל, האָט ער זיך צעוויינט. און סאַלי האָט ניט געקענט צוזעהן, וואָס בעני וויינט, האָט ער צו אים געזאָגט:

— וויין ניט בעני! איך וועל דיר דערפאַר אָפּגעבען מיין פייקעל, וואָס איך האָב געקראָגען פון מיין פעטער חייקעל.

און סאַלי איז אַוועק אַהיים און געבראַכט צו טראָגען זיין פייקעל, וואָס ער האָט געקראָגען פון זיין פעטער חייקעל, און דאָס אָפּגעגעבען בעני'ן.

און בעני איז אַוועק פריילאַך אַהיים פייקלענדיג אין פייקעל:

— האָב איך אַ פעטער חייקעל,
מאַכט ער מיר אַ פייקעל.
מאַכט דאָס פייקעל: טראַ־טאַ־טאַ!
מאַכט די מאַמע: שאַ־שאַ־שאַ!

## א מעשה מיט א שמעטערלינג

אַ יונגער שמעטערלינג האָט צום ערשטען מאָל געדאַרפט אַרום־פליהען אויף דער ליכטיגער, זוניגער וועלט. זאָגען אים אָן טאַטע־מאַמע:

— היט זיך, קינד, ווי דו פליהסט! קוק זיך אַרום, צי עס דרעהען זיך ניט אַרום שלעכטע אינגלאַך, וועלכע ווילען כאַפּען שמעטערלינגען מיט זייערע היטעלאַך. וואָרים אויב אַ אינגעלע זועט דיך כאַפּען מיט זיין היטעלע, וועט זיין אַ סוף צו דיין פליהען און צו דיין גאַנצען לעבען. טאָ זעה, קינד, זאָלסט זיך היטען!

האָט דאָס שמעטערלינגעל צוגעזאָגט צו היטען זיך און האָט אַ מאַך געטאָן מיט זיינע פיל-קאָלירטע פליגעלאַך און איז אַוועקגע-פלויגען.

איז געפלויגען דער יונגער שמעטערלינג, געפלויגען פון בלום צו בלום, און אומעטום אַ נאַש געטאָן, אַ לעק געטאָן, אַ שמעק געטאָן, אַ זויג, אַ ציה, און ער האָט זיך אַזוי פאַרשטיפט, שפּילענדיג מיט די בלומען און מיט די זונען-שטראַלען, אַז ער האָט זיך פאַרגעסען אינגאַנצען אָן דעם, וואָס טאַטע-מאַמע האָבען אים אָנגעזאָגט וועגען די שלעכטע אינגעלאַך, וואָס זוכען צו כאַפּען שמעטערלינגען מיט זייערע היטעלאַך.

— אַך, ווי גוט איז צו זיין אַ שמעטערלינג! — האָט ער אויסגעשריען פאַר פרייד, — אַלצדינג איז פאַר דעם שמעטערלינג. די זון שיינט און וואַרפט אירע שטראַלען פאַר דעם שמעטערלינג, די בלומען וואַקסען און בליהען און גיבען ארוים די זיסטע זאַפטען און די געשמאַקסטע ריחות פאַר די שמעטערלינגען. אַלצדינג איז פאַר דעם שמעטערלינג!

און ער איז ווייטער געפלויגען, דער יונגער שמעטערלינג, געפלויגען און געדרעהט זיך אין דער זוניגער לופט, געשטיפט און געשפּילט זיך, דאָ פאַרטשעפּענדיג אַ בלום און דאָ אַ זונען-שטראַל, און האָט זיך פאַרגעסען, אַז אַחוץ שמעטערלינגען זענען דאָ אויף דער וועלט אויך אַנדערע באַשעפענישען, און אויך אינגעלאַך, גוטע אינגעלאַך און שלעכטע אינגעלאַך, און די שלעכטע אינגעלאַך וואַרפען די היטעלאַך און כאַפּען שמעטערלינגען.

פליהט פאַרביי נאָך אַ שמעטערלינג, אַן עלטערער שמעטער-לינג. זעהט ער. ווי דער יונגער שמעטערלינג שטיפט אַזוי און קערט איבער אַ וועלט מיט די בלומען און מיט די זונען-שטראַלען. רופט זיך אָן דער עלטערער שמעטערלינג צום אינגערען:

— פאַרשטיף זיך ניט צופיל, וואָרים עס קען נאָך אָנקומען אַ אינגעלע מיט אַ היטעלע און כאַפּען דיך, און דאַן וועט זיין אַ סוף צו דיין שטיפען און צו דיין שפּילען זיך.

זאָגט דער יונגער שמעטערלינג:

— אוי יאָ, האָסט מיך דערמאָנט! טאַטע־מאַמע האָבען מיר אויך געהייסען היטען זיך פאַר די אינגעלאַך מיט די היטעלאַך. אָבער וואו זענען זיי, די אינגעלאַך מיט די היטעלאַך? איך פליה שוין אַזוי לאַנג, פינף מינוט אודאי, און איך האָב נאָך קיין איין אינגעלע ניט באַגעגענט. אפשר איז גאָר אַ ליגען די גאַנצע מעשה מיט די אינגעלאַך?

שרייט אויף אים אָן דער עלטערער שמעטערלינג:

— רייד ניט אַזוי, דו יונגער שנעק! וואָס ווייסטו, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט? מען זאָגט דיר, אַז עס זענען יאָ דאָ אינגעלאַך, וואָס ווילען כאַפּען שמעטערלינגען מיט די היטעלאַך. איך האָב זיי נאָך אויך ניט געזעהן, אָבער אַנדערע שמעטערלינגען האָבען זיי געזעהן און דערציילט אונז פון זיי. דו זיי ניט קיין צו־גרויסער חכם און היט זיך בעסער.

און מיט די רייד איז דער עלטערער שמעטערלינג אַוועקגע־פלויגען זיין וועג און דער אינגערער איז געפלויגען זיין וועג.

האָט זיך דער יונגער שמעטערלינג ווידער פאַרשטיפט און זיך ווייטער פאַרגעסען אָן די אינגעלאַך מיט די היטעלאַך. פליהט פאַרביי נאָך אַ שמעטערלינג, און ער שרייט אויס צום יונגען שמעטערלינג:

— שמעטערלינגעל, שמעטערלינגעל!
היט זיך — דאָרטען געהט אַ אינגעל!

און באַלד איז פאַרבייגעפלויגען נאָך אַ שמעטערלינג און האָט אויך דאָסזעלבע אויסגעשריען צום יונגען שמעטערלינג:

— שמעטערלינגעל, שמעטערלינגעל!
היט זיך — דאָרטען געהט אַ אינגעל!

און באַלד זענען פאַרבייגעפלויגען נאָך אַ סך שמעטערלינגען, און אַלע אין איין קול:

— שמעטערלינגעל, שמעטערלינגעל!
היט זיך — דאָרטען געהט אַ אינגעל!

און דער יונגער שמעטערלינג האָט זיי אַלעמען געענטפערט:

„איך ווייס! איך ווייס"! — און איז ווייטער געפלויגען און יעדעס

מאָל זיך פאַרשטיפט און פאַרגעסען אָן די אינגעלאַך מיט די היטעלאַך.

און דערווייל איז טאַקע אָנגעקומען דער אינגעל, וואָס די אַלע שמעטערלינגען האָבען וועגען אים געוואָרענט דעם יונגען שמעטערלינג. אָבער דער יונגער שמעטערלינג איז געווען אַזוי פאַרשטיפט, אַז ער האָט גאָרניט באַמערקט דעם אינגעל. טראַכט זיך דער אינגעל: „אָט דעם שמעטערלינג וועל איך זיכער כאַפּען, ער פליהט אַרום און זעהט מיך גאָרניט״. און דער אינגעל האָט שנעל אַ וואָרף געטאָן זיין היטעל אויפ׳ן יונגען שמעטערלינג.

דער אינגעל האָט געטראָפען מיט זיין היטעל דעם יונגען שמעטערלינג. דער שמעטערלינג איז שוין געווען אַ געפאַנגענער אונטער דעם אינגעל׳ס היטעל, און ער האָט ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס איז דאָס אַזוי פּלוצלונג פינסטער געוואָרען. דער שמעטערלינג האָט געטראַכט: וואו איז די ליכטיגע זון און וואו זענען די בלומען? פאַרוואָס זעהט ער גאָרניט? ער פּרואווט פליהען, אָבער עס איז צו איינג און ס׳איז פינסטער! אַז אַ אינגעל האָט אים געכאַפּט מיט׳ן היטעל, דאָס האָט ער ניט געקענט פאַרשטעהן.

דער אינגעל האָט פאָרזיכטיג אויפגעהויבען זיין היטעל. דער שמעטערלינג האָט דערזעהן אַ זונען-שטראַל און ער האָט געוואָלט צו אים פליהען. אָבער דער שמעטערלינג איז שוין געווען ביים אינגעל אין די הענט. דער שמעטערלינג האָט שוין דאַן פאַרשטאַנען, וואָס דאָ איז, און ער האָט געפרעגט ביים אינגעל:

— זאָג מיר נאָר, ביסטו דאָס דער אינגעל, וואָס כאַפּט שמעטערלינגען?

— יאָ, — האָט דער אינגעל געענטפערט.

— און דו האָסט מיך אויך געכאַפּט? — האָט דער יונגער שמעטערלינג ווייטער געפרעגט.

— דו זעהסט דאָך, דו נאַרישער שמעטערלינג, היינט וואָסזשע פרעגסטו? — האָט דער אינגעל געענטפערט.

האָט זיך דער שמעטערלינג גענומען בעטען ביים אינגעל:

— לאָז מיך אָפּ! מיין טאַטע-מאַמע וואַרטען אויף מיר. זיי וועלען וויינען, אַז איך וועל ניט קומען צוריק.

אָבער דער אינגעל איז געווען אַ שלעכטער און ער האָט ניט געוואָלט אָפּלאָזען דעם שמעטערלינג. האָט זיך דער שמעטערלינג געריסען פון דעם אינגעל'ס הענט, אָבער דער אינגעל האָט אים געהאַלטען שטייף. און דער שמעטערלינג האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן.

און דעם שמעטערלינג'ס טאַטע-מאַמע האָבען געוואַרט און געוואַרט. זעהען זיי, אַז זייער שמעטערלינגעל קומט ניט צוריק, האָבען זיי פאַרשטאַנען, אַז ער האָט זיך פאַרשטיפט, און אַז עס האָט עפּעס מיט אים געמוזט טרעפען. זענען זיי אַוועק אים זוכען. זענען זיי געפלויגען און געפלויגען פון בלום צו בלום און געפרעגט ביי יעדערער, צי זיי האָבען ניט זייער שמעטערלינגעל געזעהן. האָבען די בלומען געשאָקעלט מיט די קעפּעלאַך.

— יאָ, יאָ! — האָבען זיי געזאָגט, — געזעהן האָבען מיר אים, אָבער וואו ער איז אַהינגעקומען ווייסען מיר ניט.

און אַזוי האָבען די זונען-שטראַלען געענטפערט, נאָר איין זונען-שטראַל האָט געזאָגט, אַז ער האָט געזעהן דאָס שמעטערלינגעל ביי אַ אינגעל אונטער'ן היטעל.

זענען טאַטע-מאַמע אַוועקגעפלויגען ווייטער און זיי זענען געפלויגען און געפלויגען, ביז זיי זענען געקומען צו פליהען צום אָרט, וואו דער אינגעל איז געשטאַנען און האָט געהאַלטען זייער שמעטערלינגעל. האָט דער יונגער שמעטערלינגעל דערזעהן טאַטע-מאַמע, האָט ער זיך גענומען צו זיי רייסען. אָבער דער אינגעל איז געווען אַ שלעכטער און האָט ניט געוואָלט אָפּלאָזען דעם יונגען שמעטערלינג. האָבען דעם שמעטערלינגעל'ס טאַטע-מאַמע גענומען בעטען זיך ביי אים:

— אינגעל, אינגעל! וואַרף אַוועק דאָס שמעטערלינגעל!

אָבער דער אינגעל איז געווען אַ שלעכטער, און ער האָט זיך אָנגערופען צום שמעטערלינגעל'ס טאַטע-מאַמע:

— איך וועל אייך אויך כאַפּען!

און דער אינגעל האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו זיי מיט זיין היטעל, און דערווייל האָט ער פאַרגעסען אָן דעם יונגען שמעטערלינג. דער

יונגער שמעטערלינג איז אַרויסגעפלויגען פון דעם אינגעל׳ס הענט און איז צוגעפלויגען צו טאַטע-מאַמע. דער אינגעל איז איין כעס געוואָרען און ער האָט געוואָלט אַלע דריי כאַפּען, אָבער ער האָט קיין איין שמעטערלינג ניט געכאַפּט, און אַלע דריי שמעטערלינגען זענען אַוועקגעפלויגען בשלום אַהיים.

## דאָס אינגעלע און די שלאַנג

אַמאָל איז אַ אינגעלע געגאַנגען מיט זיין באָבען אין וואַלד אַריין קלייבען יאַגדעס. זאָגט די באָבע צום אינגעלע:

— איך וועל געהן אַפריהער און דו געה נאָך מיר, און זעה, דו זאָלסט מיך ניט אָנווערען, וואָרים דער וואַלד איז גרויס, קענסטו נאָך פאַרבלאָנדזשען, און איך וועל דיך ניט קענען געפינען.

געהען זיי אַזוי ביידע און קלייבען די יאַגדעס — די באָבע געהט אַפריהער און דאָס אינגעלע נאָך איר.

מיט אַמאָל דערזעהט דאָס אינגעלע אַ שלאַנג קריכענדיג און פויזענדיג איבער דער ערד, און דאָס אינגעלע האָט נאָך קיינמאָל אין זיין לעבען קיין שלאַנג ניט געזעהן. פאַרקוקט ער זיך אַזוי אויף דער שלאַנג און פאַרגעסט זיך דערוויייל אָן דער באָבען מיט די יאַגדעס מיט האַק און פּאַק. און די באָבע געהט אַלץ וויטער און וויטער און קלייבט די יאַגדעס און זי מיינט, אַז דאָס אינגעלע געהט איר נאָך.

קוקט אַזוי דאָס אינגעלע אויף דער שלאַנג, און זי איז אים זעהר געפעלען, וויל איר גלאַטע, גלאַנציגע פעל האָט זיך אַזוי שיין געשפּיגעלט אין די שטראַלען פון דער זון, וועלכע האָבען זיך ווי עס איז דורכגעשפּאַרט צווישען די בוימער פון וואַלד. און אַחוץ דעם האָט זיך די שלאַנג קונציג געדרעהט מיט איר לאַנגען, שמאָלען, בויגיגען קערפּער.

— זעה נאָר, באָבע! — האָט דאָס אינגעלע אויסגעשריען, מיינענדיג, אַז די באָבע שטעהט נאָך דערביי און קלייבט די יאַגדעס— זעה נאָר, באָבע, ס׳אַראַ שיין חיה׳לע!

די שלאַנג האָט נאָך קיינמאָל ניט געהערט, אַז אַ מענש זאָל זי ליבען. זינט די וועלט שטעהט, האָט די שלאַנג פיינט דעם מענשען, און דער מענש האָט פיינט די שלאַנג, און אַז זיי זעהען איינע די אַנדערע, מוז ווערען גלייך אַ געשלעג צווישען זיי. און די שלאַנג וואַרפט זיך בייסען דעם מענשען אין פיאַטע און דער מענש כאַפּט אַ שטיין צו פּלעטען איר דעם קאָפּ. און איצט, אַז די שלאַנג האָט דערהערט, ווי דאָס אינגעלע ליובט זי, איז זי גאָר פאַרוואונדערט געוואָרען און זי האָט זיך פאַרגעסען אָן איר גיפט און אָן איר גאַנצע שלעכטסקייט און זי האָט זיך אָנגערופען צום אינגעלע:

— און דו ביסט אַ שיין אינגעלע. דו ביסט מיר אויך געפעלען. ווייסטו גאָר וואָס? קום צו מיר אַהיים און מיר וועלען ביידע לעבען אינאיינעם אין גליק און אין פריידען.

זאָגט דאָס אינגעלע:

— איך מוז אַפריהער פרעגען מיין באָבען, צי איך זאָל געהן צו דיר אַהיים.

פרעגט די שלאַנג:

— און וואו איז דיין באָבע?

וויל דאָס אינגעלע ווייזען וואו זיין באָבע איז. אָבער די באָבע איז דאָך שוין געוועזען ווייט אַוועק און דאָס אינגעלע האָט זי שוין ניט געקענט זעהן. זעהט דאָס אינגעלע, אַז די באָבע איז ניטאָ, הויבט ער אָן צו וויינען און צו שרייען: באָבע! באָבע!

זאָגט צו אים די שלאַנג:

— אַ דאגה דיר, אינגעלע! אויף וואָס דאַרפסטו די באָבע? קום צו מיר אַהיים, וועל איך דיר אַלע גוטע זאַכען געבען.

זאָגט דאָס אינגעלע:

— רעכט, איך וועל געהן מיט דיר. זאָג מיר אָבער אַפריהער, ווי מען רופט דיך.

וויל די שלאַנג אים ניט זאָגען, ווי מען רופט זי. ווייל זי האָט מורא געהאַט, אַז דאָס אינגעלע וועט דערהערען איר נאָמען „שלאַנג", וועט ער אַ פאַרציטערטער ווערען און כאַפּען אַ שטיין און געבען איר נאָך איבער'ן קאָפּ. און די שלאַנג איז זעהר קלוג, און ניט אַזוי קלוג ווי כיטרע: האָט רק ליב יענעם אָפּצונאַרען. טראַכט זי און

טראַכט, ווי אַזוי זי זאָל אָפּנאַרען דאָס אינגעלע. פאַלט איר איין אַ געדאַנק, צו זאָגען דעם אינגעלע, אַז זי איז אַ בייגעל. און צו ווייזען אים, אַז זי זאָגט קיין ליגען ניט, האָט זי זיך טאַקע גלייך אויפ׳ן אָרט צונויפגעדרייט ווי אַ בייגעל.

— אוי, טאַקע אַ בייגעל! — האָט דאָס אינגעלע אויסגעשריען מיט פרייד — איז ווי זאָל איך דיך רופען: בייגעלע?

— יאָ, בייגעלע רוף מיך! — האָט די שלאַנג געענטפערט.

— נו, טאָ קום, בייגעלע, קום צו דיר אַהיים — האָט געזאָגט דאָס אינגעלע.



געהען זיי אַזוי און געהען. דערמאָנט זיך די שלאַנג אינמיטען וועג, אַז זי איז אַ שלאַנג, און זי דאַרף זיין שלעכט צו דעם מענשען.

רופט זי זיך אָן צום אינגעלע:

— וויסטו, אינגעלע? איך וויל דיר אַ בים טאָן!

ווערט דאָס אינגעלע דערשראָקען און פרעגט ביי דער שלאַנג:

— פאַרוואָס עפּעס ווילסטו מיך בייסען?

ענטפערט די שלאַנג:

— ווייל איך בין אַ שלאַנג, און אַ שלאַנג מוז בייסען דעם מענשען יאָ, איך בין אַ שלאַנג, ניט קיין בייגעלע. איך האָב דיך אונטערגענאַרט.

ווען דאָס אינגעלע האָט דערהערט, אַז דאָס איז גאָר אַ שלאַנג, האָט ער זיך נאָך מער דערשראָקען. געזעהן אַ שלאַנג האָט ער טאַקע קיינמאָל ניט, אָבער געהערט האָט ער יאָ געהערט. נעמט ער זיך בעטען ביי דער שלאַנג, זי זאָל אים ניט טשעפּען. אָבער די שלאַנג וויל אים ניט הערען: זי וויל אים נאָר בייסען, און זי האָט שוין אויפגעעפענט טאַקע איר מויל און אַרויסגעשטעלט איר גיפט.

האָט דאָס אינגעלע זיך נאָך מער דערשראָקען, און ער האָט גענומען שרייען: באָבע! באָבע! אָבער די באָבע איז געווען ווייט פון אים און זי האָט זיין קול ניט געקענט דערהערען. פליהט דורך אַ פויגעלע, הערט דאָס פויגעלע, ווי דאָס אינגעלע שרייט: באָבע! באָבע! און דאָס פויגעלע זעהט, אַז אַ שלאַנג וויל בייסען דאָס אינגעלע און די באָבע איז ניטאָ. נעמט דאָס פויגעלע און טראָגט אַוועק דעם אינגעלע'ס קולות צו דער באָבען, און אַז די באָבע האָט דערהערט ווי דאָס אינגעלע רופט זי: באָבע! באָבע! — האָט זי גלייך גענומען געהן נאָכ'ן קול און זי איז געקומען צו דעם אָרט וואו דאָס אינגעלע איז געשטאַנען.

אַז דאָס אינגעלע האָט דערזעהן זיין באָבען, האָט ער זיך זעהר דערפרייט און ער האָט זיך צו איר אַ וואָרף געטאָן אויפ'ן האַלז און גענומען שרייען:

— באָבע, אַ שלאַנג! זי וויל מיך בייסען!

די באָבע האָט דערזעהן די שלאַנג, האָט זי קיין סך ניט גע-טראַכט, האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ שטיין און צעפּלעט דער שלאַנג דעם קאָפּ.

און די באָבע האָט אָנגעזאָגט דעם אינגעלע, ער זאָל זיך ניט לאָזען ווייטער פאַרפירען פון אַ שלאַנג און ער זאָל שטענדיג געדיינקען די ווערטער:

„מאַך ניט קיין מחזוקות,
ווען דו זעהסט אַ שלאַנג;
כאַפּ אויף גיך אַ שטיין,
און אין קאָפּ דערלאַנג!
נאָר אין קאָפּ דערלאַנג,
קיינמאָל ניט אין עק,
ווייל ווען ניט אין קאָפּ,
קען זי נאָך אַוועק".

---

# אַ שוואַרצינקע מיידעלע און אַ רויטינקער קליידעלע

אויפ'ן פאַרם איז געקומען צו פאָרען אַ שוואַרצינקע מיידעלע אין אַ רויטינקער קליידעלע. האָבען דאָרט אַלע דערזעהן די שוואַרצינקע מיידעלע אין דער רויטינקער קליידעלע, האָבען זיי געזאָגט איינע צו די אַנדערע:

— זעהט נאָר זעהט, ס'אַרא שיינינקע מיידעלע אין אַ רויטינקער קליידעלע!

און אַלע האָבען זעהר ליב געקראָגען די שוואַרצינקע מיידעלע אין דער רויטינקער קליידעלע. ניט נאָר די מענשען האָבען זי ליב געהאַט, נאָר אויך די חיות און די עופות. דער פערד האָט אויף איר געקוקט מיט זיינע גרויסע, שוואַרצע אויגען, געשאָקעלט מיט דער מאָרדע און געהירזשעט פאַר פרייד: הע-הע-הע! די בהמות האָבען געמוקעט: מו! מו! מו! די הינער האָבען געקוואָקטשעט: קוואָ! קוואָ! קוואָ! און דער האָן האָט העכער ווי אַלעמאָל אויסגעקרעהעט זיין קוקוריקו!

אָבער פרייליכער פון אַלעמען איז געווען דער הונט. ווי ער האָט דערזעהן די שוואַרצינקע מיידעלע אין דער רויטינקער קליידעלע, האָט ער גענומען שפּרינגען פאַר פרייד און דרעהען מיט'ן עק און געקוקט אין די אויגען דער שוואַרצינקער מיידעלע אין דער רויטינקער קליידעלע. „האַו! האַו"! האָט ער צו איר געזאָגט אויף זיין הינטיש לשון, אָבער דאָס איז ניט געווען געבולען, נאָר גערעדט. „האַו! האַו"! — אַט אַזוי האָט ער גערעדט צו דער שוואַרצינקער מיידעלע אין דער רויטינקער קליידעלע, און דאָס האָט געמיינט, אַז ער האָט זי ליב, ניט גלאַט ליב, נאָר שטאַרק ליב, און ער האָט אַרויסגעשטעקט זיין צונג און גענומען גלעטען דער שוואַרצינקער מיידעלע איר רויטינקע קליידעלע.

— עס ניט אויף מיין רויטינקע קליידעלע! — האָט אים געזאָגט די שוואַרצינקע מיידעלע — וואָרים די מאַמע וועט שרייען.

— האַו! האַו! — האָט געענטפערט דער הונט, וואָס דאָס האָט געמיינט: ניין, ניין! ווייל מער ווי האַו! האַו! האָט דער הונט ניט געקענט זאָגען. האַו! האַו! זענען געווען די איינציגע ווערטער, וואָס דער הונט האָט געקענט רעדען, און אויף אַלץ האָט ער געזאָגט: האַו! האַו! נאָר מען האָט געדאַרפט וויסען, וואָס דער האַו! האַו! מיינט, צי דאָס מיינט גוטס, צי שלעכטס. האָט דער הונט געזאָגט האַו! האַו! מיט אַ פרייליכקייט, האָט דאָס געמיינט גוטס, אַז ער האָט יענעם מענשען האָלט. האָט ער אָבער אויסגעשריען דעם האַו! האַו! מיט אַ בייזקייט, האָט דאָס געמיינט שלעכטס, אַז ער האָט יענעם מענשען פיינט. אָבער די שוואַרצינקע מיידעלע אין דער רויטינקער קליידעלע האָט דער הונט ליב געהאַט, האָט ער צו איר געזאָגט האַו! האַו! מיט אַ פרייליכקייט.

אָבער אויך די קאַץ האָט ליב געהאַט די שוואַרצינקע מיידעלע אין דער רויטינקער קליידעלע און זי האָט זיך געלאַשטשעט צו איר און געשאַרט זיך אַרום אירע פיסעלאַך און רק: מיאַו! און מיאַו! אויף איר קעציש לשון. וואָרים וואָס ביי אַ הונט איז האַו! האַו! דאָס איז ביי אַ קאַץ: מיאַו! מיאַו! עס איז דיזעלבע זאַך.

נאָר קיין סך מחזקות פלעגט די קאַץ ניט קענען מאַכען מיט דער שוואַרצינקער מיידעלע אין דער רויטינקער קליידעלע, ווייל גלייך פלעגט אָנלויפען דער הונט און אוועקטרייבען די קאַץ און אַליין זיך נעמען שפּילען מיט דער שוואַרצינקער מיידעלע אין דער רויטינקער קליידעלע. און די קאַץ פלעגט נעבאַך מוזען אַנטלויפען, וואָרים דאָס ווייסט איר דאָך, אַז אַ קאַץ האָט אַ ביסעל מורא פאַר אַ הונט, און ווען דער הונט זאָגט: האַו! האַו! מוז זי מאַכען: מיאַו! מיאַו! און אַנטלויפען. וואָרים זאָל די קאַץ ניט אַנטלויפען, וועט דער הונט זיך אַ וואָרף טאָן אויף איר און וועלען זי בייסען. פאַרשטעהט זיך, אַז די קאַץ וועט דעמאָלט אויך ניט שווייגען און זי קען צעדראַפּען דעם הונט מיט אירע שאַרפע נעגעל. אָבער דאָס לוינט זיך ניט. וואָס׳ט זי דערפון האָבען? אויפעסען דעם הונט וועט זי דאָך סיי ווי סיי ניט! ווי אַזוי קען זי? ער איז דאָך עפּעס גרעסער פון אַ מויז און גרעסער פון אַ קאַץ אויך! נו, אַנטלויפט זי בעסער און באַהאַלט די נעגעל טיף אין אירע לאַפּקעס, ביז זי וועט דערזעהן אַ מויז, און דאַן וועט זי ערשט ווייזען אירע נעגעל!

פאַרוואָס דער הונט לעבט ניט אַזוי גוט מיט דער קאַץ, ווייס איך אַליין ניט, און די שוואַרצינקע מיידעלע אין דער רויטינקער קליידעלע האָט דאָס אויך ניט געקענט פאַרשטעהן. האָט זי געפרעגט ביי איר מאַמען, האָט די מאַמע אויך ניט געוואוסט. האָט זי געפרעגט ביים פאַרמער, ווייל זי האָט געמיינט, אַז דער פאַרמער ווייסט שוין אַלץ אין דער וועלט, וואָרים ער אי דאָך אַ גאַנצער מחותן מיט די בהמות, מיט די פערד, מיט׳ן הונט, מיט דער קאַץ, מיט די הינער. אָבער אויך דער פאַרמער האָט ניט געוואוסט. האָט די שוואַרצינקע מיידעלע אין דער רויטינקער קליידעלע געפרעגט ביים הונט אַליין:

— פאַרוואָס, הונט איינער, זאָלסטו ניט לעבען גוט מיט דער קאַץ?

האָט דער הונט געענטפערט ווי אַלעמאָל: האַו! האַו! וואָס דאָס האָט אפשר געמיינט: איך ווייס אַליין ניט!

און דער הונט איז אַזוי צוגעבונדען געוואָרען צו דער שוואַרצינקער מיידעלע אין דער רויטינקער קליידעלע, איז איר כסדר נאָכגע-

גאַנגען און האָט געהיט, אַז קיינער זאָל זי ניט טשעפּען.

ווער וועט זי אייגענטליך טשעפּען, וויבאַלד אַז אַלע האָבען זי ליב? הערט איר אָבער אַ מעשה: פון אַ צווייטער פאַרם איז איינמאָל אָנגעקומען אַן אָקס, און ווי ער האָט דערזעהן די שוואַרצינקע מיידעלע אין דער רויטינקער קליידעלע, אַזוי האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן צו איר מיט זיינע הערנער און געוואָלט זי שלאָגען. אָבער דער הונט איז דאָך געווען דערביי און ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום אָקס און האָט אויף אים גענומען האַוקען און בילען, און בייסען אויך, און אָט אַזוי האָט דער הונט אַוועקגעטריבען דעם אָקס פון דער שוואַרצינקער מיידעלע אין דער רויטינקער קליידעלע.

און די מיידעלע איז דערוויל אַוועקגעלאָפען מיט אַ געוויין צו דער מאַמען און האָט איר דערציילט די מעשה מיט'ן אָקס. און די מיידעלע האָט געפרעגט ביי דער מאַמען, פאַרוואָס האָט ער, דער אָקס, זי געוואָלט שלאָגען. האָט איר די מאַמע געענטפערט, אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס זי טראָגט אַ רויטינקע קליידעלע און אַן אָקס האָט פיינט רויטע זאַכען.

זאָגט די מיידעלע:

— טאָ טו מיר אָן אַן אַנדער קליידעלע, וועט מיך דער אָקס ניט פיינט האָבען.

ענטפערט די מאַמע:

— אַ דאגה דיר אַז דער אָקס האָט דיך פיינט, אַבי אַלע האָבען דיך ליב אין דער רויטינקער קליידעלע. נישקשה, דער הונט וועט דיך היטען.

און דער הונט, וועלכער איז דערביי געשטאַנען, האָט געענטפערט מיט זיין לוסטיגען האַו! האַו! וואָס דאָס האָט מסתמא געמיינט: געוויס! געוויס! אודאי וועט ער היטען די שוואַרצינקע מיידעלע אין דער רויטינקער קליידעלע, אַז דער אָקס זאָל זי ניט טשעפּען.

און דער הונט האָט געהאַלטען וואָרט און האָט געהיט די שוואַרצינקע מיידעלע אין דער רויטינקער קליידעלע, אַז דער אָקס זאָל צו איר נאָהענט ניט צוקומען. דער אָקס פלעגט נאָר שטעהן פון דער וויטענס און קוקען מיט זיינע אָקסענע אויגען, און די שוואַר-

צינקע מיידעלע אין דער רויטינקער קליידעלע פלעגט זינגען אויף אים אַ לידעלע, וואָס די מאַמע האָט זי אויסגעלערענט:

גרויסער אָקס,
ביסט אַ לאָקש!
האָסט אַ סך כח,
אָבער ווייניג מוח.
כח ווי אַן אָקס,
מוח ווי אַ לאָקש.
דו האָסט פיינט רויטע,
ווייל דו ביסט אַ שוטה.

און דער אָקס איז געשטאַנען פון דער וויטענס און האָט געהערט דאָס לידעל און ניט פאַרשטאַנען, אַז אים מיינט מען דאָס. נאָר ווען דער הונט האָט גענומען אויף אים בילען מיט כעס און מאַכען „האַו! האַו״!, האָט דעמאָלט ערשט דער אָקס פאַרשטאַנען, אַז דאָס מיינט מען אים, און ער האָט גענומען מאַכען פיס און לויפען אַזוי שנעל ווי ער האָט געקענט.

די הינטישע שפּראַך האָט דער אָקס גוט פאַרשטאַנען, ווייל עס איז געווען אַ שפּראַך מיט ציינער, און פאַר דעם הונט׳ס ציינער האָט דער אָקס מורא געהאַט.

און דער הונט האָט געטאָן און געהיט די שוואַרצינקע מיידעלע אין דער רויטינקער קליידעלע, ביז זי האָט געדאַרפט אַוועקפאָרען צוריק אין שטאָט אַריין, פון וואַנען זי איז געקומען. און ווען זי איז אַוועקגעפאָרען, האָבען אַלע שטאַרק געבענקט נאָך איר. אָבער שטאַרקער פון אַלעמען האָט געבענקט נאָך איר דער הונט, און ווען ער האָט איינמאָל דערזעהן קומענדיג דעם אָקס, האָט ער זיך אויף אים אַרויפגעוואָרפען מיט אַ כעס און גענומען אים בייסען און רייסען: דער הונט האָט געמיינט, אַז די שוואַרצינקע מיידעלע אין דער רויטינקער קליידעלע איז דאָס אַנטלאָפען פון פאַרם, ווייל זי האָט מורא געהאַט פאַר׳ן אָקס.

# א מעשה מיט צוויי פישעלאך

אמאָל איז געווען אַ אינגעלע, האָט מען אים גערופען פישעלע, און ער איז טאַקע געווען לעבעדיג און צאַפּלדיג אַזוי ווי אַ פישעלע, וואָס אין טייך, און טאַקע געקענט גוט שווימען אויך, אַזוי ווי אַ פישעלע, עס זאָל ניט פעלען אַ האָר.

איינמאָל האָט פישעלע גענומען זיין ווענדקע און איז אַוועק צום טייך כאַפּען פישעלאך. זיצט ער אַזוי און זיצט אויף אַ שטיין ביים ברעג טייך און האַלט די ווענדקע אין טייך און וואַרט, אַ פישעלע זאָל קומען און זיך לאָזען כאַפּען. זיצט ער אַזוי און זיצט, אונזער ליבער פישעלע, און קיין פישעלע קומט אַלץ ניט.

טראַכט ביי זיך פישעלע: „וואו זענען דאָס אַהינגעקומען היינט אַלע פישעלאך? פאַרוואָס קומען זיי קיינער ניט צו נאָהענט צו מיין ווענדקע"? און ווי ער טראַכט אַזוי, גיט זיך מיט אמאָל אַ טרייסעל דאָס שנירעל פון דער ווענדקע. מיינט פישעלע, אַז אַ פישעלע האָט זיך שוין פאַרטשעפּעט אַן דעם האַקען פון דער ווענדקע, דערפרייט ער זיך, און גיט אַ שלעפּ די ווענדקע פון טייך אַרויס, אָבער עס האָט זיך גאָרנישט ניט אַרויסגעשלעפּט.

האָט פישעלע ווידער פאַרוואָרפען די ווענדקע און געוואַרט, אַ פישעלע זאָל קומען און זיך לאָזען כאַפּען. אָבער די פישעלאך זענען פאַרבייגעגאַנגען די ווענדקע און האָבען ווי אויף צו־להכעיס זיך ניט געלאָזט כאַפּען. איז פישעלע־אינגעלע אין כעס געוואָרען און האָט אַ וואָרף געטאָן די ווענדקע אויפ'ן ברעג, און אַליין האָט ער זיך אויסגעטאָן און איז אַריינגעשפּרונגען אין טייך באָדען זיך.

שווימט פישעלע־אינגעלע אין טייך און מאַכט אַלערליי קונצען מיט די הענט און מיט די פיס און ער האָט אַזאַ הנאה געהאַט, אַזש ער האָט זיך אינגאַנצען פאַרגעסען אַן די פישעלאך, וואָס האָבען זיך ניט געלאָזט כאַפּען פון זיין ווענדקע.

שווימט ער אַזוי און שווימט, ערשט מיט אמאָל שווימט אים אַן אַנטקעגען אַ פישעלע פון טייך, מיט זילבערנע שופּען און מיט

גאָלדענע פלוספעדערן און מיט אַ גאָלדענעם עק אויך. האָט פישעלע־אינגעלע דערזעהן דאָס פישעלע, האָט זיך אים פאַרגלוסט כאַפּען דאָס.

גיט זיך פישעלע־אינגעלע אַ לאָז נאָכ׳ן פישעלע פון טייך און אַט־אַט האַלט ער דאָס שוין אין די הענט אָבער דאָס פישעלע פאַן טייך גליטשט זיך קונציג אַרויס פון פישעלע־אינגעלע׳ס הענט און ווערט ניט.

פאַרדריסט דאָס דעם פישעלע־אינגעלע, נאָר באַלד פאַרגעסט ער זיך און שווימט ווייטער און ער מאַכט ווייטער זיינע קונצען. מיט אַמאָל באַווייזט זיך ווידער דאָס פישעלע פון טייך מיט די זילבערנע שופּען און מיט די גאָלדענע פלוספעדערן און מיט׳ן גאָלדענעם עק. פאַרגלוסט זיך ווידער דעם פישעלע־אינגעלע צו כאַפּען דאָס פישעלע פון טייך. גיט ער זיך אַ לאָז צו דעם, און דאָס מאָל האָט זיך אים טאַקע איינגעגעבען צו כאַפּען דאָס פישעלע פון טייך מיט די זילבערנע שופּען און מיט די גאָלדענע פלוספעדערן און מיט׳ן גאָלדענעם עק.

מיינט דאָס פישעלע פון טייך, אַז פישעלע־אינגעלע וועט דאָס נעמען אַהיים צו זיין מאַמען און די מאַמע וועט דאָס אָפּקאָכען צי אָפּבראָטען פאַר דעם פישעלע־אינגעלע אויף וואַרמעס. בעט זיך דאָס פישעלע פון טייך ביי פישעלע־אינגעלע:

— טראָג מיך ניט אַהיים צו דיין מאַמען! זי וועט מיך נאָך אָפּקאָכען צי אָפּבראָטען.

ענטפערט פישעלע־אינגעלע:

— ניין, פישעלע! איך וועל ניט לאָזען דיך אָפּקאָכען אָדער אָפּבראָטען. איך וועל דיך אַוועקטראָגען אַהיים און אַריינלאָזען אין אַ שיסעל וואַסער און איך וועל דיר אַלע טאָג ברעקלאַך ברויט געבען און דו וועסט עסען און שווימען און לעבען, און מיר וועלען זיין גוטע פריינד. וואָרים מיך רופט מען אויך פישעלע. וועלען אַלע זאָגען, אַז אַזעלכע צוויי גוטע פריינד ווי די צוויי פישעלאַך זענען נאָך ניטאָ.

איז דעם פישעלע פון טייך דאָס געפעלען געוואָרען און עס האָט געזאָגט צו פישעלע־אינגעלע:

— גוט, איך געה מיט דיר, פישעלע, און טו מיט מיר אַזוי ווי דו זאָגסט.

איז פישעלע-אינגעלע אַוועק אַהיים מיט פישעלע פון טייך, און ווען ער איז געקומען אַהיים, האָט ער גענומען גלייך אַ שיסעל מיט וואַסער און אַריינגעלאָזען אַהין דאָס פישעלע פון טייך מיט די זילבערנע שופּען און מיט די גאָלדענע פלוספּעדערן און מיט׳ן גאָלדענעם עק.

און אַלע אינגלאַך האָבען דערהערט, אַז ביי פישעלע׳ן איז דאָ אַ פישעלע, זענען זיי געקומען דאָס אָנקוקען און זיי זענען אַוועק זינגענדיג:

— ביי פישעלע׳ן
אויפ׳ן טישעלע
שטעהט אַ שיסעלע,
און אין שיסעלע
אויפ׳ן טישעלע
שווימט אַ פישעלע.

און דאָס פישעלע איז אַרומגעשוואומען אין שיסעלע, און פישעלע-אינגעלע האָט אים אַלע טאָג געגעבען ברעקלאַך ברויט, און דאָס פישעלע האָט געגעסען און האָט זיך אָן דעם טייך פאַרגעסען.

אַזוי איז אַריבער אַ טאָג און צוויי און דריי און פיר, און יעדען טאָג האָט זיך געעפענט און פאַרמאַכט די טיר, און אויפ׳ן פינפטען טאָג האָט פישעלע-אינגעלע זיך אָפּגערופען צום פישעלע אין שיסעלע:

— הער נאָר, פישעלע! דו זייַ דאָ אין שיסעלע, און איך וועל געהן צום טייך באָדען זיך.

האָט פישעלע אין שיסעלע דערהערט דאָס וואָרט טייך, אַזוי האָט זיך דאָס גענומען צאַפּלען און וואַרפען און זיך געבעטען ביי פישעלע-אינגעלע:

— פישעלע-אינגעלע, אַ געזונט אין דיין צינגעלע! נעם מיך אויך אין טייך אַריין. איך האָב זיך אַזוי פאַרביינקט נאָכ׳ן טייך!

פרעגט פישעלע-אינגעלע ביים פישעלע אין שיסעלע:

— וואָס דאַרפסטו אַזוי דעם טייך?

ענטפערט פישעלע אין שיסעלע:

— וואָס רעדסטו? איך האָב דאָך דאָרטען איבערגעלאָזען אַ טאַטען מיט אַ מאַמען, שוועסטער מיט ברידער, וואָלט איך זיי וועלען אַלעמען זעהן. אַזאַ לאַנגע צייט זיי ניט געזעהן!

פרעגט פישעלע-אינגעלע ביים פישעלע אין שיסעלע:

— אָבער וועסט געהן מיט מיר צוריק אַהיים אין שיסעל וואַסער, ווען דו וועסט אַרוים פון טייך אַ נאַסער?

ענטפערט פישעלע אין שיסעלע:

— געוויס. איך וועל נאָר כאַפּען אַ שווים און אַ קוק טאָן אויף מיין טאַטען און מיין מאַמען און אויף מיינע שוועסטער און ברידער און קום גלייך צו דיר ווידער.

האָט פישעלע-אינגעלע אַרויסגענומען פישעלע פון שיסעלע און אַוועק צום טייך באָדען זיך. איז פישעלע-אינגעלע אַריין אין טייך און ער האָט אויך דאָס פישעלע אַריינגעלאָזען אין טייך, דאָס פישעלע מיט די זילבערנע שופּען און מיט די גאָלדענע פלוספעדערן און מיט׳ן גאָלדענעם עק. אוןביידע פישעלאַך האָבען אין טייך גאָר אָפּגעלעבט. זיי האָבען זיך ביידע געלאָזט שווימען און גאָר פאַרגעסען זיך איינע אָן די אַנדערע.

אַז פישעלע-אינגעלע האָט זיך גוט אויסגעבאָדען און זיך גוט אָנגעשוואומען, האָט ער זיך דערמאָנט אָן דאָס פישעלע פון טייך. אָבער דאָס פישעלע פון טייך איז ניט געווען. דאָס פישעלע מיט די זילבערנע שופּען און מיט די גאָלדענע פלוספעדערן און מיט׳ן גאָלדענעם עק איז אַוועק זוכען זיין טאַטע־מאַמע, שוועסטער-ברידער, און איז אַזוי פאַרשוואומען וויט-ווייט.

האָט פישעלע-אינגעלע זיך געלאָזט נאָך אַמאָל שווימען, כדי צו געפינען דאָס פישעלע פון טייך און אַוועקטראָגען דאָס אַהיים צוריק אין שיסעלע. אָבער פישעלע-אינגעלע האָט דאָס ניט געקענט געפינען, און אַזוי ווי ער האָט זיך שוין איינגעמאַטערט שווימענדיג, איז ער אַרוים פון טייך און האָט זיך אַוועקגעזעצט ביים ברעג וואַרטען, אפשר וועט נאָך דאָס פישעלע קומען צו שווימען.

ווארט ער אַזוי און ווארט און קוקט אין וואַסער, ערשט מיט אַמאָל דערזעהט ער זיין פישעלע שווימט צו אים מיט אַלע כחות, אַ פאַרמאַטערטער, אַ פאַרסאָפּעטער. האָט זיך פישעלע-אינגעלע דערפרייט און איז אַריינגעשפרונגען אין טייך כאַפּען דאָס פישעלע. אָבער ער האָט דאָס ניט געדאַרפט כאַפּען, ווייל דאָס פישעלע איז אַליין אַריינגעשוואומען צו אים אין די הענט און זיך געבעטען ביי אים אָהן אַן אָטעם:

— טראָג מיך גיכער אַוועק, פישעלע, אין שיסעלע!

און פישעלע פון טייך האָט דערציילט פישעלע-אינגעלע אַ גאַנצע געשיכטע, ווי אַזוי דאָס איז געגאַנגען זעהן טאַטע-מאַמע, שוועסטער-ברידער, און טאַקע געפונען זיי אויך. אָבער מיט אַמאָל האָט אַ פישער פאַרוואָרפען אַ נעץ און געוואָלט זיי אַלעמען כאַפּען. האָט דער פישער אַלעמען געכאַפּט, נאָר פישעלע׳ם פישעלע האָט זיך אַרויסגעדרעהט און איז אַנטלאָפען, און אָט איז דאָס געקומען צוריק צו פישעלע-אינגעלע.

האָט פישעלע-אינגעלע אַוועקגעטראָגען דאָס פישעלע פון טייך צוריק אַהיים און אַריינגעלייגט דאָס צוריק אין שיסעלע וואַסער אין אָנגעשאָטען דאָרטען געננוג ברעקלאַך, און דאָס פישעלע איז ווידער אַרומגעשוואומען אין שיסעלע, און אַלע אינגלאַך זענען ווידער גע-קומען קוקען אויף דאָס פישעלע אין שיסעלע און זיי זענען אַוועק זינגענדיג:

— ביי פישעלע׳ן
אויפ׳ן טישעלע
שטעהט אַ שיסעלע,
און אין שיסעלע
אויפ׳ן טישעלע
שווימט אַ פישעלע.

אַ פלעקעלע אַריין, אַ פלעקעלע אַרויס, דאָס פישעלע פון שיסעלע איז מער ניט אַרויס.

## זוני־מוני און קייקעל־פייקעל

זוני-מוני איז געווען אַ קליין אינגעלע. מוני איז געווען זיין אמת'ער נאָמען, וואָס טאַטע-מאַמע האָבען אים געגעבען בעת ער איז געבאָרען געוואָרען, און זוני האָט מען אים שפּעטער גענומען רופען. דאָס האָט מען אים אַזוי פאַרצויגען פון גרויס ליבשאַפט, ווייל ער האָט תמיד געשיינט און געשמייכעלט, אַזוי ווי די זון. נו, האָט מען אים גערופען: זוני-מוני.

איינמאָל האָט אים פּאַפּאַ געבראַכט אַ צאַצקע. זוני-מוני האָט נאָך אַזאַ צאַצקע ניט געהאַט און ניט געזעהן. עס איז געווען אַ קיילעכדיג מענשעלע, אַזוי ווי אַ פּעסעלע, מיט אַ גראָבען בויך און אָהן פיס. דער קאָפּ איז ביים מענשעלע געווען ליידיג און גרינג, און דער בויך פול און שווער, איז אַז מען פלעגט אים געבען אַ זעץ אין בויך, פלעגט ער טאַקע פאַלען, אָבער גלייך זיך צוריק אויפהויבען און בלייבען שטעהן אויף זיין בויך און לאַכען שטענדיג אָהן אַן אויפהער, האַלטענדיג די הענט אויפ'ן בויך.

זוני-מוני'ן איז דאָס זעהר געפעלען געוואָרען. פרעגט ער ביים פּאַפּאַ:

— און ווי רופט מען דאָס מענשעלע?

ענטפערט פּאַפּאַ:

— קייקעל-פייקעל. *)

און פּאַפּאַ האָט גלייך דערצו אויסגעזונגען אַ לידעלע:

קייקעל-פייקעל
מיט'ן פולען בויך!
ווי'סטו אים געקראָגען?
פון אַ סך יויך!
קייקעל-פייקעל
מיט'ן פוסטען קאָפּ!
גיט מען דיך אַ וואָרף,
מאַכסטו גלייך האָפּ!

*) אין ענגליש: ROLY-POLY

פּאַפּאַ האָט געזונגען און מאַמאַ איז געשטאַנען דערביי און האָט צוגעפּאַטשט מיט די הענט, און זוני-מוני איז געווען אַזוי פריילעך! זיין פּנים האָט געשיינט נאָך מער ווי אַלע מאָל, און פּאַפּאַ-מאַמאַ האָבען אַנגעקוואָלען פון זייער זוני-מוני און האָבען אים דערנאָך געלאָזען אַליין שפּילען זיך מיט קייקעל-פּייקעל.



גיט זוני-מוני אַ זעץ דעם קייקעל-פּייקעל אין בויך, און קייקעל-פּייקעל גיט זיך אַ קייקעל ווי אַ פּייקעל און שטעלט זיך אויף גלייך צוריק און האַלט זיך אַזוי מיט די הענט ביים בויך לאַכענדיג. און זוני-מוני לאַכט אויך און ער זינגט דאָס לידעל „קייקעל-פּייקעל מיט'ן פולען בויך", וואָס פּאַפּאַ האָט געזונגען.

האָט זיך זוני-מוני אַזוי אָפּגעשפּילט אַ גאַנצען טאָג מיט דעם קייקעל-פּייקעל, ביז עס איז געוואָרען נאַכט, און זוני-מוני האָט גע-דאַרפט געהן שלאָפען.

האָט זוני-מוני זיך געלייגט שלאָפען און ער האָט גענומען מיט זיך אויך זיין קייקעל-פּייקעל. ווייל ער אים אַוועקלייגען לעבען זיך, אָבער איר ווייסט דאָך, אַז קייקעל-פּייקעל קען ניט אַיינליגען: זוני-מוני לייגט אים אַוועק און קייקעל-פּייקעל הויבט זיך גלייך אויף.

נעמט זיך זוני-מוני בעטען ביי קייקעל-פייקעל:

— לייג זיך שלאָפען! גענוג מאַכען קונצען! גענוג שפּילען זיך! בייטאָג מאַכט מען קונצען, בייטאָג שפּילט מען זיך. ביינאַכט דאַרף מען שלאָפען. זעהסט? איך שלאָף אויך. אַלע אינגעלאַך שלאָפען, אַלע מיידעלאַך שלאָפען. פּאַפּאַ-מאַמאַ וועלען אויך באַלד שלאָפען. נאָר דו איינער שלאָפסט ניט. לייג זיך שלאָפען, דו נאַרישער קייקעל-פייקעל!

און זוני-מוני האָט ווידער אַוועקגעלייגט דעם קייקעל-פייקעל, אָבער קייקעל-פייקעל האָט ווי זיין שטייגער זיך צוריק אויפגעשטעלט.

נעמט זוני-מוני אים ווידער איינרעדען, ער זאָל זיך לייגען, און ער זאָגט צו אים אַזוי:

— זעה נאָר, דו שלעכטער קייקעל-פייקעל! עטעלע מיין קוזינע האָט אַ ליאַלקע, לייגט עטעלע שלאָפען די ליאַלקע, שלאָפט זי, און זי פאַרמאַכט די אויגען אויך. ניט אַזוי ווי דו. זאָג מיר, פאַר-וואָס ביסטו אַזוי שלעכט?

עפענט קייקעל-פייקעל זיין לאַכעדיג מויל און ער רופט זיך אָן:

— איך וועל דיר זאָגען, זוני-מוני, פאַרוואָס עטעלע'ס ליאַלקע לייגט זיך, ווען מען לייגט זי, און איך ניט. עטעלע'ס ליאַלקע האָט פיסעלאַך, לעגט זי זיך און ציהט אויס די פיסעלאַך. אָבער איך האָב ניט קיין פיס, האָב איך דאָך ניט וואָס אויסצוציהען. היינט וואָס וועל איך זיך לייגען?

זאָגט זוני-מוני:

— ביסט אַ נאַר! אַז דו קענסט שטעהן אָהן פיס, קענסטו אויך ליגען אָהן פיס. איך וועל זאָגען פּאַפּאַ'ן, וועט ער אויף דיר אָנ-שרייען, וועט ער דיר הייסען לייגען זיך, וועסטו ליגען. פּאַפּאַ'ן מוז מען פאָלגען.

און זוני-מוני האָט גענומען רופען פּאַפּאַ'ן:

— פּאַפּאַ! פּאַפּאַ! קום אַהער!

איז פּאַפּאַ צוגעקומען און ער פרעגט:

— וואָס איז, זוני-מוני? פאַרוואָס שלאָפסטו ניט?

ענטפערט זוני-מוני:

— איך שלאָף. קייקעל־פּייקעל וויל ניט שלאָפען. ער וויל זיך ניט לייגען, רק ער מאַכט זיינע שטיק. איך לייג אים אוועק, און ער שטעלט זיך אויף. זאָג אים דו, ער זאָל זיך לייגען. דו ביסט א פּאַפּאַ, וועט ער דיר פאָלגען.

זאָגט פּאַפּאַ:

— אָבער איך בין ניט זיין פּאַפּאַ, וועט ער מיר ניט פאָלגען. זוני־מוני פאָלגט מיר נאָר, אָבער ניט קייקעל־פּייקעל. א דאגה דיר, מיין קינד, דו שלאָף, און זאָל קייקעל־פּייקעל ניט שלאָפען. דו ביסט א קלוג קינד, און קייקעל־פּייקעל האָט קיין שכל ניט, ווייל ביי אים איז נאָר דער בויך פול, אָבער דער קאָפּ איז ביי אים פוסט, און ביי וועמען דער בויך איז פולער ווי דער קאָפּ, יענער האָט קיין שכל ניט. א דאגה דיר, זאָל ער שטעהן, דער ליימענער גולם, און דו שלאָף און מאָרגען פריה וועסטו אויפשטעהן, וועט קייקעל־פּייקעל וויטער פאַר דיר מאַכען זיינע קונצען. גוט, זוני־מוני?

און זוני־מוני ענטפערט מיט זיין ליבען, זיסען, זוניגען שמייכעלע:

— יע, פּאַפּאַ!

און זוני־מוני איז איינגעשלאָפען, און איז אַזוי אָפּגעשלאָפען א גאַנצע נאַכט, און קייקעל־פּייקעל איז אָפּגעשטאַנען לעבען אים די גאַנצע נאַכט, און אַז זוני־מוני האָט אינדערפריה אויפגעעפענט זיינע ליכטיגע אויגעלאך, האָט ער גלייך דערזעהן קייקעל־פּייקעל לאַכענדיג.

פּאַפּאַ איז אויך געווען. זאָגט פּאַפּאַ אפריהער: „גוט מאָרגען, זוני־מוני!” און דערנאָך זאָגט פּאַפּאַ צו קייקעל־פּייקעל:

— קייקעל־פּייקעל,
גיב זיך א קייקעל!
שטעל זיך אנידער
מיט'ן קאָפּ אראָפּ,
שטעל זיך אויף
מיט'ן קאָפּ ארויף!

און קייקעל־פּייקעל האָט געוויזען זיינע קונצען, און זוני־מוני האָט געלאַכט א גאַנצען טאָג ביז ביינאַכט.

# דער האָן און דער װעק־זײגער

אַמאָל איז געװען אַ פּאַרמער, האָט ער געװאױנט זעהר װײט פון שטאָט און פון לײט. ער האָט זיך געלעבט מיט זײן װײב און קינדער אױף זײן פאַרם, געאַקערט זײן פעלד, געזײט זײן גאָרטען, געפלאַנצט זײן סאָד און געהאָדעװעט זײנע עופות און פיה.

און בײם פּאַרמער אױפ׳ן פאַרם איז זיך שטאָלץ אַרומגעגאַנגען אַ האָן, אַ האָן װי אַלע הענער, ניט גרעסער און ניט שענער, נאָר ער האָט זיך געהאַלטען פאַר׳ן גרעסטען און שענסטען האָן אױף דער װעלט, כאָטש ער האָט די װעלט קײנמאָל מיט זײנע אױגען ניט אָנגעזעהן. די גאַנצע װעלט, װאָס דער האָן האָט געזעהן אױף זײן לעבען, איז געװען די פאַרם, װאו ער איז אַרומגעגאַנגען, אָבער ער האָט אין זײן נאַרישער גרױסקײט געמײנט, אַז די פאַרם — דאָס איז די גאַנצע װעלט, און װײטער איז שױן אַן עק, אַ סוף, די פינסטערע נאַכט און דער אײביגער שלאָף. װאָרים — װאָס אמת, איז אמת — אױסגעזעהן האָט דאָס טאַקע אַזױ, ניט נאָר בײם האָן, נאָר אױך בײ זײן באַלעבאָס דעם פּאַרמער. דער הימעל האָט זיך װי אַ יאַרמולקע אַרונטערגעלאָזען אױפ׳ן קאָפּ פון פאַרם און האָט אַלץ פאַרשטעלט, און דאָס אױג האָט שױן מער גאָרניט געקענט זעהן. דער הימעל האָט זיך אַזױ אַרונטערגעלאָזען איבער׳ן פאַרם, אַז מען האָט טאַקע געקענט מײנען, אַז װײטער עקט זיך שױן די ליכטיגע װעלט, און עס הױבט זיך אָן אַן אַנדער װעלט, אַ פינסטערע װעלט, װאו ס׳איז כסדר נאַכט און שטענדיג שלאָף, אָהן אַן אױפהער און אָהן אַ סוף.

איז זיך דער האָן אַרומגעגאַנגען װי אַ פּריץ איבער׳ן פאַרם, ניט אַלײן, פאַרשטעהט זיך, נאָר מיט אַ גאַנצע סטאַדע הינער, װאָרים אָט די אַלע הינער זענען זײנע װײבער געװען, און ער האָט געדאַרפט אױף זײ אױפפּאַסען, זעהן אַז זײ זאָלען זיך ניט שלאָגען צװישען זיך איבער אַ קערענדעל, אָדער אַ ברעקעל ברױט. װאָרים גאַנץ אָפט טרעפט, אַז עטליכע הינער װאַרפען זיך אַרױף אױף אײן קערענדעל, אָדער אױף אײן ברעקעל ברױט, און יעדע הון װיל דאָס צוכאַפּען פאַר זיך און אױפעסען און פאַר דער אַנדערער גאָרניט איבערלאָזען.

דער האָן, אָבער, קען אַזעלכע זאַכען ניט צוזעהן, ער קען ניט דער־לאָזען, אַז איין ווייב זאָל זיין ביי אים זאַט און די צווייטע זאָל זיין הונגעריג. איז, אַז ער דערזעהט, אַז די הינער רייסען זיך צווישען זיך איבער אַ ברעקעל, מישט ער זיך אַריין און מאַכט שלום צווישען זיי: ער צעברעקעלט מיט זיין שטאַרקען שנאָבעל דאָס ברעקעל אויף נאָך קלענערע ברעקעלאַך, און יעדע הון קריגט אַ ברעקעלע. דער האָן איז דעמאָלט צופרידען, און ער גיט אַ הויב זיין געמבע צום הימעל, און שרייט אויס פאַר פרייד:

— קוקורעקו-ו-ו-ו!

און דעם פאַרמער'ס קינדער פלעגען דאָס דערהערען, פלעגען זיי גלייך נאָכמאַכען דעם האָנ'ס „קוקורעקו" און נעמען זינגען:

— קוקורעקו, הענדעלע!
גרויפּען אין אַ פּענדעלע.
רוף אויף אַלע הינער
זיי זאָלען קומען פּיקען,
און ווער עס וועט ניט קומען,
נאָך יענער זאָלסטו שיקען.

און צו דער פרייד פון די קינדער, פלעגט דער האָן ווידער אַ קרעה טאָן:

— קוקורעקו-ו-ו-ו!

און די קינדער פלעגען ווידער נאָכמאַכען זיין „קוקורעקו" און זינגען ווייטער זייער לידעלע:

— קוקורעקו, הענעלע!
האָסט אַ רויטען קעמעלע,
וואָס קענסטו זיך ניט קאַמען?
ווייל דו האָסט קיין הענטעלאַך.
וואָס בעטסטו ניט דער מאַמען?
זי וועט דיך פאַרקאַמען.

און דער האָן האָט ווידער מיט גרויסקייט אויסגעזונגען זיין „קוקורעקו" און געמיינט, אַז ער איז דער בעסטער זינגער אויף דער וועלט, און אַז גאָר בעסערם און שענערס, ווי זיין „קוקורעקו" איז

ניטאָ. אַחוץ דעם האָט ער געמיינט, אַז די גאַנצע וועלט האַלט זיך אויף זיין „קוקורעקו", וואָרים ווער וועקט אויף דעם פאַרמער אינ־דערפריה צו דער אַרבייט, ווען ניט ער מיט זיין „קוקורעקו"? ער נעמט קרעהען אינדערפריה, און דער פאַרמער מוז שוין אויפשטעהן. און דער האָן פלעגט זיך טאַקע טראַכטען: „וואָס אַנ'ערך וואָלט דער פאַרמער געטאָן, ווען איך וואָלט ניט געווען? ווי אַזוי וואָלט ער וויסען, ווען אויפצושטעהן? ער וואָלט דאָך אַזוי אָפּגעשלאָפען ביז'ן גרויסען טאָג, און ווען וואָלט ער געאַקערט און געזייט און און געפלאַנצט"?

אָבער ניט נאָר דער האָן האָט אַזוי געטראַכט, דער פאַרמער האָט אויך אַזוי געטראַכט, און ער האָט אויך זעהר שטאַרק געהאַלטען פון דעם האָן. און אַזוי איז געווען, ביז דער פאַרמער איז אַוועק־געפאָרען אין דער ווייטער שטאָט, און דאָרט אין דער ווייטער שטאָט האָט ער ביים זייגערמאַכער דערזעהן אַ וועק־זייגער, האָט ער דאָס געקויפט און געבראַכט אַהיים.

— נו. — האָט דער פאַרמער געזאָגט, — איצטער דאַרף איך שוין דעם האָן אויף כפּרות, דער וועק־זייגער וועט שוין מיך אויפ־וועקען אינדערפריה, און זאָל זיך דאָרטען דער האָן אַרומפּאַדען מיט זיינע הינער.

איידער ער איז געגאַנגען שלאָפען, האָט דער פאַרמער אָנגע־שטעלט דעם וועק־זייגער, כדי ער זאָל אים אויפוועקען אינדערפריה, אין דער באַשטימטער צייט. און אַז עס איז געקומען אינדערפריה אין דער באַשטימטער צייט, האָט דער וועק־זייגער גענומען קלינגען און האָט ניט אויפגעהערט צו קלינגען, ביז דער פאַרמער איז ניט אויפגעשטאַנען און האָט אים אָפּגעשטעלט.

האָט דער האָן דערהערט פאַרטאָג דעם וועק־זייגער קלינגענדיג, האָט ער אַ פּאַטש געגעבען מיט די פליגלען און אַ קרעה געטאָן:

— קוקורעקו־ו־ו־ו! ווער וואַגט דאָס אויפצושטעהן פריהער פאַר מיר און אָנמאַכען אַזאַ טומעל? איך בין דער ערשטער אָנצו־זאָגען, אַז דער טאָג איז געקומען, און אַז די מענשען זאָלען אויפ־שטעהן צו זייער אַרבייט! קוקורעקו!

איז ער אַוועק זוכען. האָט ער געזוכט און געזוכט אין אַלע ווינקעלאַך, ביז ער האָט געפונען דעם וועק-זייגער שטעהענדיג אויפ'ן ברעג ביינקעל לעבען דעם פּאַרמערס בעט. האָט זיך דער האָן אַרויפגעוואָרפען מיט כעס אויפ'ן וועק-זייגער און אים אַרונטערגעשליידערט פון ברעג ביינקעל. דער זייגער איז צעבראָכען געוואָרען אין פּיץ-פּיצלאַך, און דער האָן האָט מיט פרייד אויסגעשריען:

— קוקורעקו-ו-ו! איך בין דער איינציגער וועקער.

דער פּאַרמער האָט דערהערט דעם קלאַפּ, איז ער אַריין אַ קוק טאָן, וואָס דאָס איז, זעהט ער, ווי דער זייגער ליגט אויף דער ערד אַ צעבראָכענער, און דער האָן שטעהט ביי די שטיקלאַך און שרייט זיין „קוקורעקו". האָט דער פּאַרמער פאַרשטאַנען, וואָס דאָ איז געוועזען, און ער האָט זיך אָנגערופען צום האָן:

— איך וועל דיר שוין ווייזען, נאַרישער האָן, ווי צו צעברעכען אַ וועק-זייגער! דו וועסט מיר שוין באַצאָלען פאַר'ן היזק!

און ער האָט גענומען דעם האָן און געבונדען אים און אַוועק-געפירט אין דער וויטער שטאָט. דאָרט האָט דער פּאַרמער פאַרקויפט דעם האָן, און פאַר דאָס געלט איז ער אַוועק צום זייגער-מאַכער און האָט געקויפט אַן אַנדער וועק-זייגער.

דער פּאַרמער האָט געבראַכט אַהיים דעם נייעם וועק-זייגער און אים אָנגעשטעלט, ער זאָל אים אויפוועקען יעדען אינדערפריה. דער וועק-זייגער האָט אַזוי געטאָן, און דער פּאַרמער איז געוועזען צופרידען.

דערווייל איז אונטערגעוואַקסען אַ יונג הענדעל און איז געוואָרען אַ גרויסער האָן, און ער האָט געקרעהעט ניט ערגער פון דעם אַלטען האָן, וועלכען דער פּאַרמער האָט פאַרקויפט אין דער וויטער שטאָט. אָבער דער נייער האָן האָט ניט געטשעפּעט דעם וועק-זייגער: ער האָט זיך זיין „קוקורעקו" געזונגען און דער וועק-זייגער האָט זיך זיין „דין-דין-דין" געקלונגען.

## א מעשה מיט א פּאַפּירענעם שלאַנג *)

אַ אינגעל האָט געמאַכט אַ פּאַפּירענעם שלאַנג און איז אַרויף אויפ'ן דאַך, אים לאָזען פליהען.

פליהט אַזוי דער פּאַפּירענער שלאַנג אין דער לופטען, פליהט און בריה'ט זיך און ווייזט זיינע קונצען, אַ בויג אַהין און אַ דרעה אַהער און אַ מאַך מיט'ן עק, גלייך ווי דער עק וואָלט געווען טאַקע עפּעס רעכטס, אַן עק מיט אַלע עקען צוגלייך. דער אמת איז אָבער, אַז דער עק איז געווען ניט מער ווי אַ צוגעטשעפּעטע לאַנגע דינע שמאַטע, וואָס דער אינגעל האָט דאָס אָפּגעריסען פון דער מאַמע'ס אַן אַלטען פאַרטוך, וועלכען זי האָט שוין ניט געדאַרפט.

נאָר וואָס מאַכט דאָס אויס, פון וואָס דער עק איז געמאַכט, אַבי אַן עק. פאַר אַ פּאַפּירענעם שלאַנג איז דער עק געווען אַ גוטער עק. קיין בעסערען האָט ער גאָרניט געדאַרפט. און דער אינגעל האָט אויך אַזוי געדענקט, און ער האָט געקוקט אויפ'ן עק, וואָס שלעפּט זיך נאָכ'ן פּאַפּירענעם שלאַנג, און ער האָט גאָר אָנגעקוואָלען.

און דער פּאַפּירענער שלאַנג פליהט אין דער לופטען, און ער מיינט, אַז ער קען פליהען אַזוי הויך און אַזוי ווייט, ווי ער וויל אַליין. ער האָט זיך פאַרגעסען, אַז עס ווענדט זיך אויך אַן דעם ווינט, און זאָל דער ווינט אויפהערען צו בלאָזען, אַזוי מוז ער, דער פּאַפּירענער שלאַנג, אויפהערען צו פליהען. אַ חוץ דעם האלט דאַך אים דער אינגעל אויף אַ שנירעל, און אַז דער אינגעל וויל, גיט ער אַ ציה דאָס שנירעל צו זיך, און אויס מיט'ן פליהען!

אָבער דאָס שנירעל איז גענוג לאַנג געווען, אַז דער פּאַפּירענער שלאַנג זאָל קענען פליהען הויך און ווייט און ניט פילען פון אָנהויב, אַז ער איז ביים אינגעל אין די הענט. און דער פּאַפּירענער שלאַנג איז געפלויגען, און ער האָט זיך געפלייסט צו פליהען מיט אַלע פויגלען צוגלייך, און אַלע פויגלען האָבען געקוקט אויף אים און גע־וואונדערט זיך: וואָס איז דאָס פאַר אַ מין פויגעל און פון וואַנען

---

*) אין ענגליש: **Kite.**

נעמט ער זיך ? זיי האָבען שוין אַ סך אַזעלכע באַמערקט, איצט אָבער מוזען זיי ביי אים פרעגען.

האָבען די פויגלען ביי אים געפרעגט. האָט ער זיי געזאָגט, אַז ער איז גאָר קיין פויגעל ניט, נאָר אַ שלאַנג. האָבען די פויגלען זיך נאָך מער פאַרוואונדערט: אַ שלאַנג זאָל פליהען! זיי האָבען געהערט, אַז עס זענען דאָ שלאַנגען, אָבער שלאַנגען קריכען גאָר אַרום אויף דער ערד, ניט זיי פליהען אין דער הויך. נאָר די פויגלען האָבען פונדעסטוועגען זיך דערשראָקען, ווייל זיי האָבען געהערט, אַז שלאַנגען האָבען אַזאַ גיפט, וואָס זיי קענען מיט אים טויטען, האָבען זיי זיך אויף גיך אָפּגעקערט פון אים און זענען אַנטלאָפען. און דער פאַפּירענער שלאַנג האָט דערזעהן, אַז די פויגלען אַנטלויפען פון אים, האָט ער זיך גענומען נאָך מער גרויסען און בלאָזען זיך פון ווינט. „אָ"! האָט ער געטראַכט ביי זיך, „די פויגלען האָבען פאַר מיר מורא! דאַרף מען זיך טאַקע אַ יאָג טאָן נאָך זיי און כאַפּען אַ פּאָר"!

האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן מיט אַלע זיינע כחות און האָט גאָר פאַרגעסען, אַז ער איז ניט מער ווי אַ פּ אַ פּ י ר ע נ ע ר שלאַנג, און אַז אַ אינגעל האַלט אים אויף אַ שנירעל. ווויל ער זיך יאָגען נאָך די פויגלען און ער קען ניט. טראַכט ער: וואָס איז דאָ דער מער? גיט ער אַ קוק אונטען, זעהט ער, אַז אַ אינגעל האַלט אים אויף אַ שנירעל. וויל ער זיך אַרויסרייסען פון דעם אינגעל'ס הענט, און קען ניט. נעמט ער זיך רייסען מיט כעס, אָבער עס העלפט ניט. לאַכט פון אים דער אינגעל און זאָגט צו אים:

— רייס זיך ניט אַזוי, דו פאַפּירענער גולם, וואָרים דו וועסט זיך נאָך צעררייסען.

זאָגט דער פאַפּירענער שלאַנג צום אינגעל:

— לאָז מיך אָפּ אויף אַ ווייל פון שנירעל, וועל איך דיר ברייננגען אַ פייגעלע.

לאַכט פון אים ווידער דער אינגעל, און זאָגט צו אים:

— ווי אַזוי קענסטו מיר ברייננגען אַ פייגעלע?

ענטפערט דער פאַפּירענער שלאַנג:

— איך בין געפלויגען מיט די פייגעלאך און איך האָב זיי געזאָגט׳ אַז איך בין אַ שלאַנג, האָבען זיי זיך פאַר מיר דערשראָקען און זענען אַנטלאָפען פון מיר. וויל איך זיי איצט נאָכיאָגען און כאַפּען אַ פּאָר פון זיי, וועל איך איינס דיר געבען און איינס וועל איך זיך לאָזען.

רופט זיך אָן דער אינגעל צום פּאַפּירענעם שלאַנג:

— רעכט. איך וועל דיך אָפּלאָזען און געה ברייננ מיר אַ פייגעלע, אָבער געדיינק, פליה ניט אַוועק צו-ווייט און זאָם זיך ניט.

איז דער פּאַפּירענער שלאַנג אַוועקגעפלויגען, און דער ווינט איז גראָד געווען אַ שטאַרקער, איז ער געפלויגען ווייט און הויך, און אַלע פויגלען האָבען דערזעהן, אַז ער פליהט אַזוי שטאַרק און דרעהט מיט׳ן עק, האָבען זיי זיך ווידער דערשראָקען פאַר אים און זיי זענען געפלויגען און אָנגעזאָגט איינע די אַנדערע:

— היט זיך, היט זיך, אַ שלאַנג פליהט!

האָט דאָס דערהערט אַן אַלטער פויגעל, רופט ער זיך אָן:

— וואָס לויפט איר אום אַזוי ווי די משוגעים? וואָס פאַר אַ שלאַנג? וואָס פאַר אַ קאַץ? איך בין דאָך שוין עפּעס אַן אַלטער פויגעל, און איך האָב נאָך ניט געהערט אַ שלאַנג זאָל פליהען. אפשר מיינט איר דאָס אַ לופט-באַלאָן, אָדער אַ לופט-שיף?

ענטפערן די פויגלען, אַלע אין איין קול:

— ניין, אַ שלאַנג, מיט אַ לאַנגען עק.

זאָגט דער אַלטער פויגעל צו זיי:

— חידושים! אַנו ווייזט מיר נאָר אָן דעם שלאַנג, לאָמיך אַ קוק טאָן אויף אים.

און דאָ האָט טאַקע דער ווינט געבראַכט דעם פּאַפּירענעם שלאַנג, און די פויגלען האָבען אין שרעק אָנגעוויזען אויף אים. אָבער דער אַלטער פויגעל האָט זיך צעלאַכט.

— אָט דאָס איז דער שלאַנג, וואָס איר זאָגט? — האָט ער זיך אָנגערופען — פאַר אָט דעם פּאַפּירענעם גולם האָט איר מורא? עך, נאַראָנים וואָס איר זייט! לאָזט מיך אַקאָרשט צו צו אים, וועל איך אים אַזוי צעפּיקען און צעלעכערען מיט מיין אַלטען שנאָבעל, אַז עס וועט פון אים קיין סמן ניט בלייבען, פון דעם פּאַפּירענעם העלד.

און דער אַלטער פויגעל האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום פּאַפּירענעם שלאַנג. דער פּאַפּירענער שלאַנג האָט זיך גענומען נאָך מער בלאָזען פון דעם ווינט, און זעהענדיג דעם אַלטען פויגעל, וואָס פליהט צו אים, האָט ער זיך דערפרייט: „אָט האָב איך שוין איין פויגעל"!

אָבער זיין פרייד האָט לאַנג ניט געדויערט. דער אַלטער פויגעל האָט אַריינגעלאָזען אין אים זיין שנאָבעל מיט די נעגעל און צעריסען אים אין פּיץ-פּיצלאַך. די יונגע פויגלען האָבען דאָס דערזעהן, האָבען זיי געפּאַטשט בראַוואָ מיט זייערע פליגלען, און דער אַלטער פויגעל האָט צו זיי געזאָגט:

— נו, איצטער זעהט איר שוין, וואָס פאַר אַ שלאַנג דאָס איז? דאָס איז דאָך אַ פּאַפּירענער שלאַנג! איך האָב אַליין געזעהן, ווי אַ אינגעל האָט געמאַכט אַזאַ שלאַנג פון פּאַפּיר. איצטער זאָלט איר וויסען, אַז מען דאַרף זיך ניט שרעקען פאַר אַלץ וואָס מען זעהט.

די פויגלען זענען אַוועקגעפלויגען פריילאַך און לוסטיג, און דער פּאַפּירענער שלאַנג האָט, פאַרשטעהט זיך, שוין מער ניט געקענט פליהען, און אַ צעריסענער און צעפליקטער איז ער אַרונטערגעפאַלען אויף דער ערד, אויף אַ ליידיגען פּלאַץ, ווייל צוריק צום דאַך, וואו דער אינגעל איז געשטאַנען און האָט געוואַרט אויף אים, האָט ער שוין ניט געקענט טרעפען דעם וועג.

דער אינגעל האָט געוואַרט און געוואַרט, און זעהענדיג, אַז דער פּאַפּירענער שלאַנג קומט ניט צוריק, איז ער אַרונטער פון דאַך זוכען אים, האָט ער געזוכט און געזוכט, ביז ער האָט אים געפונען ליגענדיג אַ צעריסענעם, אַ צעפליקטען אויפ׳ן ליידיגען פּלאַץ. דער אינגעל האָט אים אַזש קוים דערקענט.

דער אינגעל האָט אים אויפגעהויבען, אַריינגעטראָגען אים אין הויז און פאַריכט אים. און שפּעטער איז שוין דער אינגעל ווידער געשטאַנען אויפ׳ן דאַך און האָט געלאָזט פליהען דעם פּאַפּירענעם שלאַנג. ער האָט אים אָבער אָנגעזאָגט, ער זאָל זיך מער מיט קיינעם ניט פאַרטשעפּען אויפ׳ן וועג. און דער פּאַפּירענער שלאַנג האָט שוין מער מיט קיינעם זיך ניט פאַרטשעפּעט און ער איז געפלויגען נאָר אויף אַזוי פיל, וויפיל דער אינגעל האָט אים געלאָזען. ווייטער איז ער ניט געפלויגען.

# לײבעלע און די חיות

טאַטע־מאַמע האָבן גענומען לײבעלען אין זאָאָלאָגישען גאָרטען, װײַזען אים די חיות.

האָט לײבעלע געקוקט און געקוקט אויף די חיות און זיך גאָר־ניט געקענט אָפּקוקען, װאָרים דאָס זענען אַלץ געװען אַזעלכע חיות, װעלכע ער האָט קײנמאָל ניט געזעהן: אַ הירש מיט הערנער װי דערנער; אַ העלפאַנד אַ גדול, װאָס קען ניט דורכגעהן דורכ׳ן לעכעל פון אַ נאָדעל; הײנט אַ פּױלער בער, װאָס קױם װאָס ער גיט זיך אַ קער; און אַ טיגער אַ בײזער, אַ כעסן, װאָס װיל זיך רק בײסען און רײסען; און אַ לעמפּערט מיט פלעקען און אַ מאַלפּע אויף אַ שטעקען.

פון דער מאַלפּע האָט לײבעלע גאָר אָנגעקװאָלען, איבערהױפּט פון איר קוליען זיך און פון איר איבערקרימען אַלעמען און פון אירע משונה׳דיגע מינעס און האַװאַיעס. װאָס עס האָבן ניט גע־מאַכט קײנער פון די חיות. און אַז די מאַלפּע האָט זיך גענומען קראַצען, אַזױ װי אַ מענש, האָט זיך לײבעלע אַזױ צעלאַכט, אַז ער איז שיער ניט אומגעפאַלען. האָט לײבעלע געפרעגט בײ טאַטע־מאַמע, פאַר װאָס די מאַלפּע קראַצט זיך אַזױ. האָבן טאַטע־מאַמע אים געענטפערט, אַז עס בײסט איר, קראַצט זי זיך. האָט זיך לײבעלע װידער צעלאַכט, און דערנאָך האָט ער געפרעגט, פאַרװאָס די מאַלפּע באָדט זיך ניט אױס און װאַשט זיך ניט אױס דעם קאָפּ, װאָלט איר דעמאָלט ניט בײסען און זי װאָלט זיך ניט דאַרפען קראַצען. האָט לײבעלע׳ס מאַמע געענטפערט, אַז די מאַלפּע איז מסתמא אַ שלעכטע און זי לאָזט זיך ניט באָדען און װאַשען און קאַמען.

— אָבער איך, מאַמע, לאָז זיך יאַ באָדען און װאַשען און קאַמען? — האָט לײבעלע צופרידען זיך אָנגערופען.

און די מאַמע האָט געזאָגט צו אים:

— געװיס לאָזט זיך באָדען און װאַשען און קאַמען, װײל דו ביסט אַ גוט קינד!

און לײבעלע איז נאָך מער צופרידען געװען, װאָס די מאַמע לױבט אים אַזױ.

פאַר'ן לייב האָט זיך לייבעלע אַפּריהער גאָר דערשראָקען, ווייל ווען זיי זענען געווען צוגעקומען צו זיין שטייג, האָט דער לייב געהאַלטען אין איין ברילען, אין איין ברומען, אַזש עס איז געווען אַן אימה צו הערען. אָבער דערנאָך האָט זיך דער לייב באַרוהיגט און איז שטיל געוואָרען. און לייבעלע האָט שוין מער פאַר אים קיין מורא ניט געהאַט, און לייבעלען איז שטאַרק געפעלען געוואָרען דעם לייב'ס גרויסע גריווע, און ער האָט געפרעגט, פאַרוואָס דער לייב טראָגט אַזעלכע גרויסע האָר, און פאַרוואָס געהט ער ניט צום שערער זיך אָפּשערען. האָט דער טאַטע געענטפערט, אַז דער לייב טאָר ניט אָפּשערען זיינע האָר, ווייל דאָס איז זיין קרוין, ווייל דער לייב איז דער קיניג פון אַלע חיות, מוז ער טראָגען אַ קרוין אויפ'ן קאָפּ, אַזוי ווי עס פּאַסט פאַר אַ קיניג.

לייבעלע האָט אויך געזעהן דעם לייב'ס ווייב, די לייביכע. זי איז שוין געווען אָהן אַ גריווע און קלענער פאַר'ן לייב. און לייבעלע האָט אויך געזעהן דעם לייב'ס און דער לייביכע'ס קינד — אַ לייבעלע. דאָס לייבעלע איז אים גאָר געפעלען געוואָרען, איבער־הויפּט, ווייל דאָס לייבעלע רופט זיך מיט'ן זעלביגען נאָמען, וואָס ער. און לייבעלע האָט זיך גענומען גרויסהאַלטען מיט זיין נאָמען, און ווען ער איז געקומען אַהיים, האָט ער זיך באַרימט פאַר די איבעריגע אינגעלאַך אין גאַס, אַז ער איז געווען אין זאָאָלאָגישען גאָרטען און האָט געזעהן אַלע חיות און אַ לייבעלע אויך.

— און איך בין אויך אַ לייבעלע — האָט ער געזאָגט, — און ווען איך וועל אויסוואַקסען, וועל איך זיין אַ לייב, אַ גרויסער לייב, און וועל ווערען קיניג איבער אַלע אינגעלאַך.

האָבען אים די אינגעלאַך געזאָגט, אַז זיי דאַרפען ניט האָבען קיין קיניג. איז דאָס לייבעלע'ן ניט אָנגעשטאַנען די מעשה, וואָס די אינגעלאַך ווילען אים ניט פאַר קיין קיניג. איז ער אַריינגע־לאָפען אין הויז און גע'מסר'ט דעם טאַטען. אָבער דער טאַטע האָט אים געזאָגט מיט אַ שמייכעל:

— די אינגעלאַך זענען גערעכט, מיין קינד! אינגעלאַך דאַרפען ניט קיין קיניג. אַמאָל זענען געווען נאַרישע אינגעלאַך, האָבען זיי געהאַט אַ קיניג, אָבער איצטער זענען די אינגעלאַך קלוגע, דאַרפען

זיי קיין קיניג ניט האָבען. און דו, מיין קינד, אַ דאגה דיר אַ גרויסע! זיי בעסער אַ גוטער אינגעל, איידער אַ שלעכטער קיניג.

— אָבער איך בין דאָך אַ לייבעלע און איך וועל אויסוואַקסען און ווערען אַ לייב, און דו האָסט דאָך געזאָגט, אַז דער לייב איז דער קיניג פון אַלע חיות! — האָט לייבעלע גע'טענה'ט.

— אַ דאגה, — האָט דער טאַטע געענטפערט, — זאָלען די חיות האָבען אַ קיניג, מענשען זענען אָבער ניט קיין חיות.

איז לייבעלע צופרידען געווען מיט'ן טאַטענ'ס ענטפער און ער איז אַוועק שלאָפען.

שלאָפענדיג האָט זיך לייבעלע'ן גע'חלומ'ט פון די אַלע חיות, וואָס ער האָט געזעהן. און פון די אינגעלאַך, מיט וועלכע ער שפּילט זיך. עס האָט זיך אים גע'חלומ'ט ווי דער לייב האָט זיך געריסען פון שטייג און געוואָלט אַרויסגעהן און די לייביכע אויך און דאָס לייבעלע אויך. אַלע האָבען זיי געוואָלט אַרוס פון שטייג און זיי האָבען זיך געבעטען ביי לייבעלע'ן, ער זאָל זיי עפענען די שטייג און אַרויסלאָזען זיי.

— דו ביסט דאָך אויך אַ לייבעלע — האָט צו אים דער לייב גע'טענה'ט, — לאָז אונז אַרוים און לאָמיר אַרומלויפען אַזוי ווי דו.

— זאָגט צו זיי לייבעלע:

— אָבער איך טשעפּע קיינעם ניט.

זאָגט דער לייב:

— מיר וועלען אויך ניט טשעפּען.

און דער לייב האָט געשוואָרען פאַר זיך אַליין, פאַר זיין ווייב, דער לייביכע און זייער קינד, דעם לייבעלע אַז זיי וועלען קיינעם ניט טשעפּען.

האָט לייבעלע געעפענט די שטייג, און דער לייב מיט דער לייביכע מיט'ן לייבעלע זענען אַלע אַרוים אויף דער פרייער וועלט. און דער גרויסער לייב האָט געזאָגט צו לייבעלע'ן דעם אינגעלע:

— דערפאַר וואָס דו ביסט אַזאַ גוט אינגעלע און דו האָסט אונז אַרויסגעלאָזען זעץ זיך אַרויף אויף מיין רוקען רייטענדיג און ועסט פאָרען היידאַ מאַרש!

האָט לייבעלע זיך אַרויפגעזעצט ביים לייב אויפ'ן רוקען, און דער לייב האָט צו אים געזאָגט:

— האַלט זיך אָן מיט דיינע הענטעלאַך אָן מיין גריווע, דו זאָלסט ניט אַראָפּפאַלען.

האָט לייבעלע אַזוי געטאָן און דער לייב האָט זיך געלאָזט לויפען און נאָך אים זיין ווייב, די לייביכע, און אויף איר רוקען איז געזעסען רייטענדיג זייער קינד, דאָס לייבעלע. און אַלע אינגעלאַך האָבען געזעהן, ווי דאָס אינגעלע לייבעלע פאָרט רייטענדיג אויפ'ן לייב, און זיי האָבען זיך געוואונדערט, וואָס ער האָט קיין מורא נים.



איז דער לייב געלאָפען מיט לייבעלע אינגעלע אויף זיין רוקען, און די לייביכע איז געלאָפען מיט'ן לייבעלע-חיה'לע אויף איהר רוקען, און זיי זענען אַזוי געלאָפען און געלאָפען, ביז זיי זענען געקומען צו אַ טייך. ווילען זיי אַריבער דעם טייך און קענען ניט, ווייל דער טייך איז זעהר טיף. שלעפט זיך פאַרביי אַ העלפאַנד, רופט זיך צו אים אָן דער לייב:

— אַנו, העלפאַנד מיט'ן לאַנגען נאָז, גיב נאָר אַ זופּ דאָס וואַסער פון טייך!

האָט דער העלפאַנד מיט איין זופּ אויסגעזופּט דאָס גאַנצע וואַסער פון טייך, און דער לייב מיט לייבעלע-אינגעלע און די לייביכע מיט לייבעלע-חיה'לע זענען אַריבערגעגאַנגען אין דער טריקעניש און האָבען גענומען ווייטער לויפען, און זיי זענען געלאָפען און געלאָפען, ביז לייבעלע האָט שוין מער ניט געקענט שלאָפען. לייבעלע האָט זיך אויפגעכאַפּט און דערזעהן, אַז עס איז שוין גרויסער

טאָג, האָט ער זיך אויף גיך אַנגעטאָן און אָפּגעגעסען און איז אַרויס אין גאַס, פרעגען ביי די אינגעלאַך, צי זיי האָבען אים ניט געזעהן אין חלום רייטענדיג אויף אַ לייב. ווען די אינגעלאַך האָבען אים געזאָגט, אַז ניין, האָט זיי לייבעלע דערציילט אַלצדינג, וואָס האָט מיט אים געטראָפען בעת ער איז געשלאָפען.

# אייזעלע און מייזעלע

אַמאָל איז געווען אַ אינגעלע, און זיין נאָמען איז געווען אייזיק. אָבער אַזוי ווי זיין טאַטע און זיין מאַמע האָבען אים זעהר, זעהר ליב געהאַט, האָבען זיי אים פאַרצויגען דעם נאָמען פון אייזיק אויף אייזעלע, און אַזוי האָבען זיי אים גערופען: אייזעלע, און אַזוי האָבען אים אויך אַלע גערופען: אייזעלע.

איינמאָל איז ביי אייזעל'ען אַרויסגעפאַלען אַ צאָן, האָט ער זיך ניט דערשראָקען און האָט אויך ניט געוויינט, נאָר ער האָט גענומען דעם צאָן און איז אַוועק צו אַ לאָך, וואו אַ מייזעלע איז געלעגען באַהאַלטען, און האָט געזאָגט:

— מייזעלע, מייזעלע!
אַרויס פון דיין הייזעלע!
איך בין אַ אינגעלע,
וואָס זיין נאָמען איז אייזעלע.

איז מייזעלע ניט אַרויס פון הייזעלע, ווייל זי האָט מורא געהאַט, טאָמער שטעהט דאָרטען וואו אַ קעצעלע. נאָר זי האָט געפרעגט ביי אייזעלע'ן:

— אינגעלע, אייזעלע,
וואָס ווילסטו פון מייזעלע?

זאָגט אייזעלע:

— מייזעלע, מייזעלע!
נאַדיר אַ צאָן.
נאַדיר אַ ביינערנעם,
גיב מיר אַן אייזערנעם.

אָבער מייזעלע האָט אַלץ מורא געהאַט אַרויסצוגעהן פון איר הייזעלע, און אייזעלע האָט דריי מאָל גערופען:

— מייזעלע, מייזעלע! נאַדיר אַ ביינערנעם צאָן, גיב מיר אַן אייזערנעם צאָן.

— מייזעלע, מייזעלע! נאַדיר אַ ביינערנעם צאָן, גיב מיר אַן אייזערנעם צאָן.

— מייזעלע, מייזעלע! נאַדיר אַ ביינערנעם צאָן, גיב מיר אַן אייזערנעם צאָן.

ערשט דעמאָלט איז מייזעלע אַרויס פון איר הייזעלע. אייזעלע האָט איר אַ וואָרף געטאָן דעם צאָן, און מייזעלע האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם צאָן און איז אַנטלאָפען צוריק אין איר לאָך אַריין.

שטעהט אייזעלע און וואַרט, אַז מייזעלע זאָל אים ברייננען אַן אייזערנעם צאָן, אנשטאַט דעם ביינערנעם. וואָס ער האָט איר געגעבען. וואַרט ער און וואַרט, און מייזעלע קומט ניט אַרויס מער פון איר לאָך און ברייננט אים ניט אַן אייזערנעם צאָן, וואָס זאָל זיך האַלטען שטאַרק אין מויל און ניט אַרויספאַלען אַזוי ווי דער ביינערנער צאָן.

האָבען שוין אייזעלע'ן אָנגעהויבען די פיסעלאַך צו וועה טאָן וואַרטענדיג אויף מייזעלע'ן. אָבער ער וויל ניט אַוועקגעהן אָהן אַן אייזערנעם צאָן, שטעהט ער ווייטער און וואַרט.

זעהט ער, אַז מייזעלע קומט ניט אַרויס פון הייזעלע, האָט ער גענומען וויינען און רופען:

— מייזעלע, מייזעלע!\
לאָז זיך באַווייזען!\
גיב מיר אַ צאָן,\
אַ שטאַרקען, פון אייזען.

האָט מייזעלע דערהערט. אַז אייזעלע וויינט, איז זי אַרויס־געלאָפען און האָט געזאָגט צו אים:

— וויין ניט, וויין ניט אייזעלע!\
געה צוריק אַהיים,\
וועסט קומען צו מיין הייזעלע

אן אנדערש מאָל צוגעהן,
װעסט קריגען דאן דײן צײנדעלע....

רופט זיך אָפּ'עט אײזעלע:

— נײן, איך װיל דאָס שױן.

ענטפערט אָפּ'עט מײזעלע:

— קענסט דאָס גלײך ניט האָבען,
װײל אײזען ליגט אין דר'ערד,
מוז מען פריהער גראָבען.

רופט זיך אָפּ'עט אײזעלע:

— האָסט דאָך ניט קײן רידעל,
מיט װאָס־זשע װעסטו גראָבען?

ענטפערט אָפּ'עט מײזעלע:

— איך דארף קײן רידעל האָבען.
מיט מײנע שאַרפע נעגעלאַך,
מיט מײנע שאַרפע צײנדעלאַך,
װעל איך דאָס שױן גראָבען.

גיט אַ פרעג אײזעלע:

— װאָס־זשע זאָל איך איצטער טאָן,
איצטער טאָן, אָהן אַ צאָן?

ענטפערט אָפּ'עט מײזעלע:

— זאָלסט אומזיסט, אומנישט ניט שטעהן,
זאָלסט דערװײלע שלאָפען געהן.

איז אײזעלע אַװעק שלאָפען, און מײזעלע איז אַװעק צוריק אין לאָך.

אױף מאָרגען שטעהט אױף אײזעלע, טוט זיך אָן גיך און עסט אָפּ גיך און לױפט װידער צו מײזעלע, זעהן, אפשר איז שױן פאַרטיג דער אײזערנער צאָן.

קומט אײזעלע צו מײזעלע'ס הײזעלע און קלאַפּט אָן:

— קליפּ־קלאַפּ, מײזעלע,
קום אַרױס פון הײזעלע!

קלאַפּט אַזוי אייזעלע איין מאָל און צוויי מאָל און דריי מאָל, אָבער מייזעלע קומט ניט אַרוים פון הייזעלע, ווייל זי האָט מורא, טאָמער שטעהט דאָרטען אַ קעצעלע.

זאָגט אייזעלע:

— האָב ניט מורא, מייזעלע,
איך בין דאָך דאָס, אייזעלע.

קומט אַרוים מייזעלע און פרעגט:

— וואָס ווילסטו, אייזעלע?

ענטפערט אייזעלע:

— מיין צאָן, מייזעלע!

זאָגט מייזעלע:

— נאָך ניט פאַרטיג, אייזעלע!
קום מאָרגען צו מיין הייזעלע.

איז אייזעלע ווידער אַוועק אַהיים און אויף מאָרגען איז ער ווידער געקומען צו מייזעלע מאָנען דעם אייזערנעם צאָן.

געהט ניט אַרוים מייזעלע פון הייזעלע, נאָר זי ענטפערט פון אינווייניג:

— פאַרטאָג, ווען ס'עט קרעהען דער האָן,
פאַרטיג וועט ווערען דער צאָן.

איז אייזעלע ווידער אַוועק אַהיים מיט גאָרנישט און האָט אַריינגענומען גוט אין זינען אויפצושטעהן זעהר פריה, כדי ניט צו פאַרשפּעטיגען זיין צאָן ביי מייזעלע'ן.

אייזעלע האָט זיך אָבער פאַרשלאָפען, און ווען ער איז אויפגעשטאַנען, איז שוין געווען שפּעט. ער איז אָבער אַלץ איינס אַוועק צו מייזעלע, אפשר וועט ער ביי איר דאָך קריגען דעם צאָן.

מייזעלע אָבער האָט זיך ניט באַוויזען, און וויפיל ער האָט זי ניט גערופען, איז זי ניט אַרוים פון איר לאָך. איז אייזעלע געשטאַנען און געשטאַנען און האָט געוואַרט און געוואַרט, און מייזעלע איז אַלץ ניט אַרוים.

„אפשר איז זי קראַנק, מייזעלע?” — האָט געטראַכט אייזעלע,— „אפשר ליגט זי אין אַ ווינקעלע, און קען ניט אַרוים? וועל איך מאָרגען קומען”.

און אייזעלע איז מאָרגען געקומען און גערופען: „מייזעלע, מייזעלע״! — אָבער מייזעלע איז ווידער ניט אַרויס. טראַכט אייזעלע: „זי מוז אודאי מורא האָבען, טאָמער אַ קאַץ״. — קלאַפּט ער אין וואַנט און רופט:

— קום אַרויס פון הייזעלע!
איך בין דאָס — אייזעלע!

אָבער מייזעלע ענטפערט ניט: רוף היינט, רוף מאָרגען! אייזעלע וויל אָבער ניט אַוועקגעהן פון לאָך. ער טראַכט, ער וועט דאָ שטעהן, ביז מייזעלע וועט אַרויסגעהן.

— זי האָט ביי מיר צוגענומען מיין ביינערנעם צאָן, מוז זי מיר געבען אַן אייזערנעם צאָן! — אַזוי האָט אייזעלע געזאָגט, און האָט ווייטער געוואַרט.

געהט פאַרביי אַ קאַץ. זעהט זי, אייזעלע שטעהט ביי דער מויזען-לאָך און וואַרט. עפענט די קאַץ פאַנאַנדער איר מויל און מאַכט צו אים פויל:

— מיאו, מיאו, אייזעלע!
וואָס וואַרטסטו אויף דער מייזעלע?
וואָס שטעהסטו ביי איר הייזעלע?
מיאו, מיאו, אייזעלע!

האָט אייזעלע דערציילט דער קאַץ, וואָס ער שטעהט און וואַרט. ווישט אָפּ די קאַץ די וואָנצעס און גיט זיך אַ זונג אונטער׳ן נאָז:

— געהט פאַרביי די קאַץ,
איז פאַרביי די ראַץ.

האָט אייזעלע ניט פאַרשטאַנען, וואָס די קאַץ מיינט מיט איר לידעל. האָט די קאַץ צו אים זיך אָפּגערופען:

— איך בין פריהער דאָ געוועזן,
קענסטו שוין די מויז ניט זעהן.

איצט האָט שוין פאַרשטאַנען אייזעלע, פאַרוואָס עס קומט שוין ניט אַרויס מייזעלע פון איר הייזעלע.

אייזעלע איז אַוועק אַהיים און ער איז שוין מער ניט געגאַנגען בעטען ביי מייזעלע׳ן אַן אייזערנעם צאָן פאַר זיין ביינערנעם צאָן.

און ער האָט ניט געדאַרפט אויך, ווייל פאַר דער צייט איז שוין ביי אים אויסגעוואַקסען אַן אַנדער צאָן. אויך אַ ביינערנער, אָבער ער איז געוועזען שטאַרק ווי אייזען, מער איז שוין דער צאָן ניט אַרויס-געפאַלען, אויף אַלע קינדערלאַך געזאָגט געוואָרען, זאָלען זיי זיין מיט לאַנגע יאָרען.

# פּערעלע און די פּערל

אַמאָל איז געוועזען אַ מיידעלע, האָט מען זי גערופען פּערעלע.

איינמאָל איז צו פּערעלע׳ן געקומען צו פאָרען איר באָבע און האָט איר געבראַכט פּאַטשערקעס אַ מתנה. די באָבע אַליין האָט געטראָגען אויפ׳ן האַלז אַ שניר פּערל. איז פּערעלע׳ן זעהר געפעלען געוואָרען דער באָבע׳ס שניר פּערל. רופט זי זיך אָן צו דער באָבע:

— אָ, באָבע, ס׳אַרא שיינע פּאַטשערקעס דו טראָגסט אויפ׳ן האַלז! שענערע ווי מיינע פּאַטשערקעס.

זאָגט צו איר די באָבע:

— ניין, פּערעלע, וואָס איך טראָג אויפ׳ן האַלז איז ניט קיין פּאַטשערקעס, נאָך פּערעלאַך.

לאַכט זיך פּאַנאַנדער פּערעלע און זאָגט צו דער באָבע׳ן:

— איך בין דאָך אויך אַ פּערעלע, טאָ פאַרוואָס טראָגסטו מיך ניט אויפ׳ן האַלז?

ענטפערט די באָבע:

— רעכט, פּערעלע! ווייז, איך וועל דיך אויך טראָגען.

האָט זיך פּערעלע אָנגעהאַנגען דער באָבע׳ן אויפ׳ן האַלז, איז דער באָבען שווער געוועזען. מאַכט זי צו פּערעלע׳ן:

— ניין, פּערעלע, אַזוי קען איך דיך ניט טראָגען. מיר איז שווער. הייבג זיך אָן פון הינטען, וועל איך דיך טראָגען באַראַנטשיק*).

*) אין ענגליש: Pickaback

האָט זיך פּערעלע אָנגעהאַנגען דער באָבען פון הינטען, און די באָבע האָט זי געטראָגען באַראַנטשיק. טראָגט די באָבע פּערעלע'ן באַראַנטשיק און רופט אויס:

— קויפט אַ באַראַנטשיקעל!

האָט קיינער ניט געוואָלט קויפען, נאַר פּערעלע'ס מאַמע האָט געוואָלט קויפען. פרעגט זי:

— ווי טייער?

ענטפערט די באָבע:

— אַ דרייער.

פרעגט ווייטער די מאַמע:

— דער מקח?

ענטפערט די באָבע:

— אַ לעקאַך.

פרעגט ווייטער די מאַמע:

— דער שאַץ?

ענטפערט די באָבע:

— אַ פּאַטש!

און די מאַמע גיט פון הינטען אַ קליין פּעטשעל פּערעלע'ן, און די מאַמע האָט אָפּגעקויפט דאָס באַראַנטשיקעל און אַ כאַפּ געטאָן פּערעלען פון דער באָבע'ס רוקען און גענומען זי קושען און האַלזען, און פּערעלע האָט אַזוי געלאַכט! און די מאַמע האָט אויך געלאַכט און די באָבע האָט אויך געלאַכט.

האָט די מאַמע אַראָפּגעלאָזען פּערעלע'ן און פּערעלע איז ווידער צוגעגאַנגען צו דער באָבען. די באָבע האָט זיך צוגעזעצט, ווייל זי האָט זיך איינגעמאַטערט טראָגענדיג פּערעלען, און פּערעלע האָט זיך געלאַשטשעט צו דער באָבען און געגלעט איר פּאַר'ן האַלז און געשפּילט זיך מיט די פּערל. מאַכט פּערעלע צו דער באָבען:

— באָבע, איך וויל אויך אַזעלכע פּערעלאַך, ווי דו טראָגסט.

זאָגט די באָבע צו פּערעלע'ן:

— דו, פּערעלע, דאַרפסט ניט קיין פּערעלאַך, ווייל דו ביסט אַליין אַ פּערעלע.

זאָגט פערעלע:

— אָבער אַז איך וועל זיין אַ באָבע אַזוי ווי דו?

ענטפערט די באָבע:

— אַז דו וועסט זיין אַ באָבע אַזוי ווי איך, וועסטו אויך טראָגן פערעלאַך.

פרעגט פערעלע:

— און ווער וועט זיי מיר געבען?

ענטפערט די באָבע:

— דער זיידע.

פרעגט פערעלע:

— און וואו וועט דער זיידע נעמען די פערעלאַך?

ענטפערט די באָבע:

— דער זיידע וועט זיי קויפען ביים צירונג-הענדלער.

פרעגט פערעלע:

— און וואו וועט זיי נעמען דער צירונג-הענדלער?

ענטפערט די באָבע:

— ביים פערל-פישער.

פרעגט פערעלע:

— און וואו וועט זיי נעמען דער פערל-פישער?

ענטפערט די באָבע:

— דער פערל-פישער וועט זיך אַראָפּלאָזען טיף אין ים און כאַפּען דאָרטען אַ פערל-פישעלע אין אַ שיסעלע, און אין שיסעלע פון פערל-פישעלע וועט ער געפינען פערעלאַך.

פרעגט פערעלע:

— און וואו וואוינט ער, דער פערל-פישער?

ענטפערט די באָבע:

— ער וואוינט אויפ'ן פערל-אינזעל.

מאַכט פערעלע:

— איך וועל צו אים געהן און ער וועט מיר געבען פערעלאַך.

זאָגט די באָבע:

— וועסט ניט טרעפען דעם וועג, פערעלע, ווייל דער פערל-אינזעל איז זעהר ווייט און אַרום און אַרום איז ים.

זאָגט פערעלע:

— וועסט זעהן, באָבע, אַז איך וועל טרעפען. איך וועל זיך לייגען שלאָפען, וועל איך טרעפען. אַלעמאָל טרעף איך אַזוי. אַלע ביינאַכט.

האָט זיך פערעלע געלייגט שלאָפען, און ווען זי איז גוט איינגעשלאָפען, איז געקומען דער מלאך פון חלום און האָט זי אַ קוש געטאָן און גענומען זי אויף זיינע פליגלען און אַוועקגעטראָגען זי ווייט-ווייט אין טרוימלאַנד און פון דאָרטען האָט ער אויף אַ שיף אַוועקגעפירט זי אויפ'ן פערל-אינזעל.

געקומען אויפ'ן פערל-אינזעל, האָט פערעלע גענומען זוכען דעם פערל-פישער. געהט זי און געהט איבער'ן פערל-אינזעל, געהט זי און געהט אין דער לייגג און אין דער ברייט, און דעם פערל-פישער זעהט זי אַלץ ניט. מיט אַמאָל דערזעהט זי ביים ברעג איינעם אַ נאַקעטען מיט אַ גאַרטעל אַרומגעגאַרטעלט און אויפ'ן גאַרטעל הייגגט אַ קאָרב. פרעגט פערעלע ביים נאַקעטען מענשען:

— ווייסטו ניט, נאַקעטער מענש, וואו דער פערל-פישער איז?

ענטפערט דער נאַקעטער מענש:

— דאָס בין איך דער פערל-פישער.

פרעגט אים פערעלע:

— פאַרוואָס געהסטו נאַקעט?

ענטפערט ער:

— ווייל איך לאָז זיך באַלד אַראָפּ אין ים כאַפּען פערל.

פרעגט פערעלע ווייטער ביים נאַקעטען מענשען:

— און אויף וואָס דאַרפסטו דעם קאָרב?

ענטפערט ער:

— אויף צו לייגען דאָרטען די פערל-אויסטערם.

פרעגט פערעלע:

— ווער זענען די פערל-אויסטערם?

ענטפערט דער נאַקעטער מענש:

— דאָס זענען דאָך די פּערל-פישעלאַך אין די ים-שיסעלאַך, וואָס די באָבע האָט דיר דערציילט.

שרייט אויס פּערעלע מיט פרייד:

— אָ, די פּערל-פישעלאַך אין די ים-שיסעלאַך, וועלכע גיבען די פּערעלאַך!

מאַכט דער פּערל-פישער:

— יאָ, יאָ, מיידעלע!

זאָגט פּערעלע צום פּערל-פישער:

— גוטער פּערל-פישער! ברייננ מיר אויך אַ שניר פּערל, אַזוי ווי מיין באָבע טראָגט.

פרעגט דער פּערל-פישער:

— און ווי רופט מען דיך, מיידעלע?

ענטפערט פּערעלע:

— פּערעלע רופט מען מיך.

זאָגט דער פּערל-פישער:

— אַזוי, פּערעלע רופט מען דיך? היינט אויף וואָס דאַרפסטו די פּערעלאַך? ביסט דאָך אַליין אַ פּערעלע.

מאַכט פּערעלע:

— אָבער איך וויל זיין אַ באָבע און טראָגען אַ שניר פּערל אויפ׳ן האַלז.

זאָגט דער פּערל-פישער:

— רעכט, פּערעלע. איך וועל דיר ברייננען אַ שניר פּערל. אָבער זאָג מיר נאָר, האָסט אַ מאַמען?

ענטפערט פּערעלע:

— אַודאי האָב איך אַ מאַמעו.

זאָגט דער פּערל-פישער:

— און די פּערעלאַך, וואָס איך געה איצט כאַפּען אין ים, האָבען אויך אַ מאַמען, פּערל-מוטער איז זייער מאַמע, ווייל זיי ליגען אין שיסעלאַך, וואָס זענען אויסגעבעט מיט פּערל-מוטער. ווייסט וואָס פּערל-מוטער איז? אָט איז אין דיין קליידעלע איינגענעהט ווייסינקע

קנעפעלאך, זענען זיי פון פערל-מוטער. דאָס איז דאָך די מאַמע פון די פערעלאך.

— אוי יע! — גיט זיך אַ כאַפּ פערעלע, — די מאַמע האָט מיר טאַקע געזאָגט, אַז דאָס זענען פערל-מוטערנע קנעפעלאך. איך געדיינק. ברײנג מיר, גוטער פערל-פישער, אַ שניר פערל.

— יע, איך וועל דיר בריינגען. זיץ דאָ און וואַרט אויפ'ן ברעג. — אַזוי האָט געזאָגט דער פירל-פישער און האָט זיך אַרונטערגעלאָזען אין ים.

פערעלע האָט געוואַרט און געוואַרט, און זי האָט אַזוי לאַנג געוואַרט, ביז זי איז געוואָרען אַ באָבע, און דער פערל-פישער איז דאָן פון ים אַרויס מיט אַ שניר פערל און דאָס איר אָנגעטאָן אויפ'ן האַלז.

פערעלע האָט זיך גלייך אויפגעכאַפּט און גענומען רופען דער באָבען:

— באָבע! באָבע! קום נאָר אַהער! זעה, איך בין אויך אַ באָבע מיט אַ שניר פערל אויפ'ן האַלז.

די באָבע איז צוגעגאַנגען און פערעלע האָט איר געוואָלט ווייזען דעם שניר פערל, וואָס דער פערל-פישער האָט איר געגעבען אין שלאָף, אָבער דאָס זענען גאָר געווען די פאַטשערקעס, וואָס די באָבע האָט איר געגעבען אַ מתנה.

— דאָס האָט זיך דיר נאָר גע'חלומ'ט, פערעלע, — האָט צו איר די באָבע געזאָגט, — וואַרט, פערעלע, ביז דו וועסט טאַקע ווערען אַ באָבע און דער פערל-פישער וועט אויף צו'נ'אמת דיר בריינגען אַ שניר פערל.

און פערעלע האָט געפאָלגט דער באָבע'ן און געוואַרט. דערווייל האָט זי געטראָגען די פאַטשערקעס און איז געווען צופרידען.



# א הערבסט־מעשׂה׳לע

לעבען אַ טייך זענען געוואַקסען בוימער, און אויף די בוימער זענען געוואַקסען בלעטער.

דער פרילינג האָט די בלעטער געפאַרבט גרין, און אַזוי זענען זיי געבליבען אַ גאַנץ זומער. איז אָבער געקומען דער הערבסט, איז אים דער גרינער קאָליר פון די בלעטער ניט געפעלען געוואָרען, האָט ער גענומען די בלעטער פאַרבען אויף געל און אַנדערע אויף רויט. און דערנאָך זענען אָנגעקומען בייזע ווינטען און האָבען די בלעטער פון די בוימער געריסען און אויף דער ערד זיי געשמיסען, און נאָך געהייסען זיי טאַנצען און דרעהען זיך און מאַכען זיך משוגע.

— הזשוזשוזש... — האָבען געהודזשעט די בייזע ווינטען און געטריבען די בלעטער פון די בוימער, — אַראָפּ פון די בוימעררררר...

און די בלעטער האָבען גע׳טענה׳ט צו די בייזע ווינטען:

— וואָס טרייבט איר אונז פון די בוימער? מיר, די בלעטער, מאַכען דאָך אַ שאָטען, און מענשען קומען אָפּרוהען און אָפּקילען זיך אונטער אונזער שאָטען.

האָבען די בייזע ווינטען ווידער גענומען הודזשען:

— הזשוזשוזש... עס ווערט שוין קאַלט און מענשען דאַרפען שוין מער קיין שאָטען ניט. מענשען ווילען זיך שוין וואַרימען, ניט אָפּקילען. הזשוזשוזש... אַראָפּ פון די בוימעררררר...

האָבען די בלעטער ווידער גע׳טענה׳ט:

— אָבער עס איז דאָך אַ רחמנות אויף די בוימער. זיי וועלען דאָך בלייבען הויל און נאַקעט, אָהן איין בלעטעלע אויף זייער לייב, און וואָס וועלען זיי טאָן אין אַזעלכע קעלטען?

האָבען די בייזע ווינטען געענטפערט מיט אַ הודזשעריי:

— הזשוזשוזש... עס וועט קומען שפּעטער דער פעטער. דער פעטער שנייער, און צודעקען די בוימער מיט אַ ווייסען שלייער, און עס וועט זיי ניט קאַלט זיין... הזשוזש... אַראָפּ פון די בוימער...

און עס האָט ניט געהאָלפען די בלעטער קיין בעטען זיך, און זיי האָבען געמוזט אַראָפּ פון די בוימער איינס נאָכ׳ן אַנדערען. רופט

זיך אָפּ אײן בלאַט, װאָס איז געװען געל, צו אַ צװײטען, װאָס איז געװען רויט:

— װײסטו װאָס, ברודער-בלאַט? צו-װאָס זאָלען מיר פאַלען אויף דר'ערד און מיר זאָלען פאַרװאָרפען װערען ערגיץ-איך-װײס-װאו, אָדער צעטראָטען װערען פון מענטשישע, אָדער פון פערדישע פיס, אָדער עס זאָל פון אונז גלאַט װערען מיסט און בלאָטע? אָמער מיר זענען דאָך לעבען אַ טײך, טאָ לאָמיר בעסער אַרונטערפאַלען אין טײך, און דאָרטען װעט אונז קײנער ניט טרעטען מיט די פיס. דער טײך איז רײן און גלאַט, און מיר װעלען זיך שװימען איבער אים. און מיר װעלען אַזוי שװימען און שװימען, ביז מיר װעלען קומען אין גרינלאַנד, װאו עס איז װאַרים און גרין, און דאָרטען װעלען מיר אפשר װערען צוריק גרין.

זאָגט דאָס רויטע בלאַט צום געלען בלאַט:

— רעכט, לאָמיר אַזוי טאָן.

און זײ זענען בײדע אַרונטערגעפאַלען אין טײך, און װען זײ זענען אַרונטערגעפאַלען, האָט דער טײך ניט געגעבען אַזאַ ציטער, אַזוי װי ער טוט, בעת אַ אינגעל גיט אַ װאָרף אויף אים מיט אַ שטײנדעל, אָדער מיט אַ שפּענדעל. װאָרים די בלעטער זענען זעהר גרינג געװען, גרינג, כמעט אַזוי װי פעדערן. דער טײך האָט דער־פילט נאָר עטװאָס אַ גלעט איבער זײן רוקען, אָדער אפשר גאָר אַ קיצעל, װײל ער האָט זיך עטװאָס אַ קאָרטשע געטאָן, אַזוי װי אײנער בעת מען קיצעלט אים, און ער האָט געמאַכט מיט זײן זילבערנעם קול'כעל:

— הי-הי-הי!

און די בלעטער איז דאָס געפעלען געװאָרען. רופט זיך אָפּ דאָס געלע בלאַט צום רויטען בלאַט:

— אין טײך איז אַ חיות, אַ פאַרגעניגען, נאָך בעסער, װי אויפ'ן בוים.

זאָגט דאָס רויטע בלאַט צום געלען בלאַט:

— יאָ, עס איז נאָר נאַסליך אַביסעל.

זאָגט דאָס געלע בלאַט:

— דאָס איז גאָרנישט. מיר בלעטער דאַרפֿען קיין מורא ניט האָבען פֿאַר נאַסקייט. געדיינקסט אויפ'ן בוים פּלעגט דער רעגען אונז אָפּט נעצען?

און אַזוי ריידענדיג, זענען די צוויי בלעטער ווייטער געשוואו־מען און געשוואומען, ביז אַ ווינט איז געקומען און האָט זיי טר־ייבען גענומען, טרייבען צוריק צום ברעג, פֿון וואַנען זיי זענען אָפּ־ערשט אַוועק.

האָבען די בלעטער גענומען ציטערן, און דער טייך אַליין האָט אויך געציטערט, ווייל אויך דער טייך ציטערט פֿאַר אַ ווינט. און וואָס נעהענטער די בלעטער זענען צוריקגעקומען צום ברעג, אַלץ מער האָבען זיי געציטערט, ווייל זיי האָבען דאָך ניט געוואָלט קומען צוריק אויף דער ערד און וואַלגערן זיך אין דער הערבסטדיגער בלאָטע.

אָבער באַלד איז אָנגעקומען אַ ווינט פֿון דער אַנדער זייט, און די צוויי ווינטען האָבען זיך גענומען שלאָגען איבער די צוויי בלעטער: דער ערשטער ווינט האָט געטריבען די צוויי בלעטער צו איין ברעג, און דער צווייטער ווינט האָט זיי געטריבען צום צווייטען ברעג, און דערווייל זענען די בלעטער צו קיין ברעג ניט געקומען און זענען זיך ווייטער געשוואומען, געשוואומען אין מיטען טייך. און די צוויי ווינטען האָבען זיך געשלאָגען און געשלאָגען איבער די צוויי בלעטער, ביז זיי איז מיאוס געוואָרען דאָס שפּיל, און זיי זענען אַוועקגעפֿלויגען יעדערער צוריק אין זיין הייל, און אויפ'ן טייך איז געוואָרען ווידער רוהיג און שטיל, און די בלעטער זענען זיך ווייטער געשוואומען, אַזוי ווי זיי האָבען אַליין געוואָלט.

זיינען זיי געשוואומען אַ טאָג און צוויי און דריי און פֿיר, און גרינלאַנד האָט זיך נאָך אַלץ ניט געזעהן: זענען זיי געשוואומען ווייטער און ווייטער, ביז דער טייך איז אַריינגעפֿאַלען אין אַ גרויסען טייך, און דאַן זענען זיי געשוואומען מיט'ן גרעסערען טייך, ביז דער גרעסערער טייך האָט געדאַרפֿט אַריינפֿאַלען אין ים. האָבען די צוויי בלעטער דערזעהן דעם גרויסען ים מיט זיינע מורא'דיגע כוואַליעס, וועלכע האָבען זיך געוואָרפֿען אַזש צום הימעל, האָבען זיי זיך גאָר דערשראָקען.

רופט זיך אָן דאָס רויטע בלאַט צום געלען בלאַט:

— לאָמיר געהן צוריק, ברודער, וואָרים דער ים וועט פון אונז גאָר אַ תל מאַכען. זעהסט, ווי ער רוישט און שטורעמט און קערט אַ וועלט?

זאָגט דאָס געלע בלאַט:

— רעכט, לאָמיר געהן צוריק. איך זעה שוין, אַז עס איז זעהר ווייט דער וועג קיין גרינלאַנד, און מיר וועלען אַהין ניט קענען קומען.

זיינען די צוויי בלעטער צוריקגעשוואומען, און זיי זענען געשוואומען און געשוואומען, ביז זיי זענען צוריקגעקומען אין לאַנד, וואו הערבסט איז געווען און בייזעווינטען האָבען געבלאָזען.

אָבער אַ מיידעלע איז גראָד געשטאַנען ביים ברעג טייך און זי האָט דערזעהן די צוויי בלעטער שווימענדיג, און די בלעטער האָבען אויסגעזעהן זעהר שיין שווימענדיג איבער׳ן טייך און זיי זענען דער מיידעלע זעהר שטאַרק געפעלען געוואָרען.

— ס׳אַראַ שיינע בלעטער! — האָט דאָס מיידעלע געזאָגט, — איך וואָלט זיי אַזוי וועלען קריגען!

האָט דאָס דערהערט אַ ווינט, האָט ער געגעבען אַ שטאַרקען בלאָז און צוגעטריבען די צוויי בלעטער צום ברעג, און דאָס מיידעלע האָט זיי שוין געקענט דערלאַנגען. איז דאָס מיידעלע אַוועק מיט די בלעטער אַהיים און האָט געטראַכט, וואָס זאָל זי מיט זיי טאָן. האָט זי געטראַכט און געטראַכט, ביז זי האָט זיך דערמאָנט, אַז זי האָט אין גרינלאַנד אַ קוזינע. האָט דאָס מיידעלע געזאָגט צו זיך: „איך וועל איר אַוועקשיקען די צוויי בלעטער, דאָס געלע און דאָס רויטע, און זאָל זי זעהן, וואָס ביי אונז אין לאַנד פון הערבסט און ווינט, ווערט פון די גרינע בלעטער. די מאַמע האָט דאָך מיר דער- ציילט, אַז דאָרטען אין גרינלאַנד איז אַלץ גרין, אייביג גרין, און מיין קוזינע זעהט דאָרטען ניט אַזעלכע בלעטער".

האָט דאָס מיידעלע אָנגעשריבען אַ בריוועל צו איר קוזינע אין גרינלאַנד, און האָט אַריינגעלייגט אין בריוועל די צוויי בלעטער— דאָס געלע און דאָס רויטע. און דאָס בריוועל איז אַוועק קיין גרינ- לאַנד, איבער טייכען, איבער ימ׳ען. און ווען דאָס בריוועל איז

אהין אָנגעקומען, האָט ער מיט זיך געבראַכט אויך די צוויי בלעטער, דאָס געלע און דאָס רויטע. דאָס מיידעלע פון גרינלאַנד האָט גע-עפענט דאָס בריוועל און האָט דערזעהן די צוויי בלעטער, האָט זי גענומען רופען איר מאַמען:

— זעה נאָר, מאַמע, ס'אַרא בלעטער עס וואַקסען אין הערבסט-לאַנד!

אָבער איר מאַמע האָט איר ערקלערט, אַז אַזעלכע בלעטער וואַקסען שוין ניט, נאָר זיי פאַלען אַרונטער.

און דאָס מיידעלע פון גרינלאַנד האָט גענומען די צוויי בלעטער פון הערבסטלאַנד און אריינגעלייגט זיי אין אַ בוך פאַר אַן אָנדיינקונג. און די צוויי בלעטער זענען געווען צופרידען, וואָס זיי וואַלגערן זיך כאָטש ניט אויף דער ערד.

---

## א מעשׂה מיט א מלך און בן־מלך

אַמאָל איז געווען אַ מלך, איז אין לאַנד ניט געווען זעהר פריילין, ווייל דער מלך איז געווען אַ רשע-מרושע און עס איז קיין שיעור און קיין ערך ניט געווען צו זיין שלעכטסקייט. אַלע האָבען פאַר אים מורא געהאַט, אפילו קינדער אין די וויגען, און פלעגט אַ קינד זיך צעוויינען און ניט וועלען שלאָפען, פלעגט די מאַמע נעמען וויגען דאָס וויגעלע און זינגען דאָס לידעלע:

זאָלסט מיין קינד, ניט וויינען,
זאָלסט מיר בעסער שלאָפען,
דער מלך קען נאָך קומען
און וועט דיך שטארק באַשטראָפען.
דער מלך מיט די זעלנער
טוען אין פאַלאַץ זיצען,
מיט די גרויסע שווערדען,
מיט די שאַרפע שפּיצען.
אויב דו וועסט נאָך וויינען,

קענען זיי נאָך קומען,
און זיי וועלען כאַפּען,
און אַריינוואַרפען אין ברונען.

און דאָס קינד פלעגט גלייך אַנטשוויגען ווערען און איינשלאָפען. אַזוי שטאַרק האָבען אַלע מורא געהאַט פאַר׳ן שלעכטען מלך.

און דער מלך האָט געהאַט אַ זוהן, איין-איינציגען זוהן, און ווי שלעכט דער מלך איז געווען, אַזוי גוט איז דער בן-מלך געווען. און דער בן-מלך האָט ניט געקענט צוזעהן די שלעכטע מעשים פון זיין פאָטער דעם מלך, און איינמאָל האָט ער צו אים געזאָגט:

— פאָטער! נעם ניט פאַר אומגוט, וואָס איך רעד צו דיר אַזוי. פאַרוואָס ביסטו אַזוי שלעכט? פאַרוואָס פּייניגסטו מענשען אומזיסט און אומנישט? וואָלט ניט בעסער געווען, אַז דו וואָלסט געווען אַ גוטער און אַלע זאָלען דיך ליב האָבען?

זאָגט דער מלך בייז און שטריינג:

— איך דאַרף ניט, אַז מען זאָל מיך ליב האָבען; איך וויל, מען זאָל פאַר מיר מורא האָבען. פאַר אַ מלך דאַרף מען מורא האָבען, אַנדערש קען ער קיין מלך ניט זיין, און אַז איך וועל שטאַרבען און דו וועסט ווערען מלך, זאָלסטו זעהן, אַז מען זאָל פאַר דיר אויך מורא האָבען.

זאָגט דער בן-מלך:

— ניין, פאָטער, ניין! איך קען ניט זיין אַזאַ מלך, וואָס מען זאָל דאַרפען פאַר אים מורא האָבען.

איז דער מלך געוואָרען שטאַרק אין כעס אויף דעם בן-מלך און ער האָט אויסגעשריען:

— אויב דו ביסט אַזאַ גוטער, קענסטו מיין טראָן ניט ירש׳ענען, און שוין זאָלסטו מיר פאַרלאָזען מיין פּאַלאַץ און לאַנד, אויף אייביג פאַרלאָזען.

האָט דאָס דערהערט דעם מלך׳ס ווייב, די מלכה, האָט זי גע-נומען וויינען פאַר׳ן מלך און בעטען אים, ער זאָל ניט זיין אַזוי האַרט-האַרציג צו זיין אייגען קינד. אָבער דער מלך איז געווען בייז און שטרענג און ער האָט אויסגעשריען:

— אַזוי איז מיין ווילען!

און דער בן-מלך האָט אויסגעטאָן זיינע פּרינצליכע קליידער און ער האָט אָנגעטאָן געוועהנליכע קליידער און איז אַוועק אין דער ברייטער ווייטער וועלט צו זוכען זיך אַ פּלאַץ וואו צו זיין.

ווי דער בן-מלך איז אַוועק, אַזוי האָט דעם מלך פאַרדראָסען, וואָס ער האָט פאַרטריבען זיין איין-איינציגען זוהן, און ער האָט געשיקט שלוחים אומקערען דעם בן-מלך.

זענען די שלוחים אַוועק זוכען דעם בן-מלך, אָבער אויפ׳ן וועג האָבען זיי דערזעהן אַ שענק, זענען זיי אַהין אריין און האָבען זיך געזעצט טרינקען, און זיי האָבען אַזוי לאַנג געטרונקען, ביז זיי זענען אַנידערגעפאַלען שכור׳ע, און זיי זענען אַזוי אָפּגעלעגען דריי טעג און דריי נעכט.

אויפ׳ן פערטען טאָג האָבען זיי זיך אויפגעכאַפּט, האָבען זיי זיך דערמאָנט, נאָך וואָס דער מלך האָט זיי געשיקט. אָבער דערווייל איז דער בן-מלך שוין ווייט-ווייט אַוועק און די שלוחים האָבען אים ניט געקענט דעריאָגען. האָבען זיי זיך צוריקגעקערט צום מלך מיט ליידיגען און האָבען צו אים אַזוי געזאָגט:

— אונזער האַר מלך! מיר האָבען געזוכט דעם בן-מלך דריי טעג און דריי נעכט און מיר האָבען אים ניט געקענט געפינען.

איז דער מלך אין כעס געוואָרען אויף די שלוחים און ער האָט זיי דער׳הרג׳עט אויפ׳ן אָרט.

האָט דער מלך אַרויסגעשיקט אַנדערע שלוחים, זיי זאָלען געהן אויפזוכען דעם בן-מלך. האָבען אויך די שלוחים דערזעהן דעם שענק אויפ׳ן וועג און אויך זיי זענען אריין אין שענק און האָבען זיך דאָרטען אַוועקגעזעצט טרינקען, און זיי האָבען אַזוי לאַנג גע-טרונקען, ביז זיי זענען אַנידערגעפאַלען שכור׳ע, און זיי זענען אַזוי אָפּגעלעגען דריי טעג און דריי נעכט.

אויפ׳ן פערטען טאָג האָבען זיי זיך אויפגעכאַפּט, האָבען זיי זיך דערמאָנט, נאָך וואָס דער מלך האָט זיי געשיקט, אָבער דערווייל איז שוין דער בן-מלך נאָך ווייטער אַוועק, אַזוי ווייט, אַז קיין פערד קען אים שוין ניט דעריאָגען און קיין פייל פון בויגען קען אים ניט דערשלאָגען. האָבען זיך אויך די שלוחים צוריקגעקערט מיט

ליידיגען צום מלך, און דער מלך איז אויף זיי אין כעס געוואָרען און האָט זיי אויך דער'הרג'עט אויפ'ן אָרט.

און דער מלך האָט זיך גענומען שטאַרק צום הארצען, וואָס ער האָט דעם בן-מלך פאַרטריבען, און ער איז פון טאָג צו טאָג ערגער געוואָרען, און ער האָט קיין רוח ניט געקענט געפינען. זאָגט צו אים די מלכה:

— ווייסטו גאָר וואָס, מלך? לאָמיר אליין געהן זוכען אונזער זוהן.

פרעגט דער מלך:

— און אויף וועמען, מלכה, וועלען מיר לאָזען די מלוכה?

ענטפערט די מלכה:

— וואָס טויג אונז, מלך, די מלוכה, אז מיר האָבען ניט קיין יורש, וועמען זי איבערצולאָזען?

רופט זיך אָן דער מלך:

— ביסט גערעכט, מלכה! לאָמיר אליין געהן זוכען אונזער זוהן.

האָבען זיי ביידע אויסגעטאָן זייערע קעניגליכע קליידער און זיי האָבען אָנגעטאָן געוועהנליכע קליידער און זענען אַוועק אזוי זוכען זייער זוהן.

זענען זיי געגאַנגען פון שטאָט צו שטאָט און פון לאַנד צו לאַנד, און עס איז אַוועק אזוי יאָרען מיט טעג, און זיי האָבען זייער זוהן, דעם בן-מלך, ניט געקענט געפינען. און זיי האָבען שוין כמעט ווי פאַרלאָרען די האָפענונג צו געפינען זייער זוהן.

מידע און צעבראָכענע זענען זיי אַזוי אריינגעפאַלען צו אַן אַלטען האָלצהעקער אין שטוב און דאָרטען האָבען זיי געפונען זייער זוהן, וועלכער האָט דערוויל חתונה געהאַט מיט'ן אַלטען האָלצ-העקער'ס טאָכטער. דער מלך און די מלכה האָבען זיך זעהר דער-פרעהט, און זיי האָבען געבעטען זייער זוהן, ער זאָל מיט זיי געהן אַהיים אין זייער מלוכה, אין זייער פּאַלאַץ אריין. אָבער דער בן-מלך האָט געזאָגט צו זיי:

— מיין ליבער פאָטער! מיין ליבע מוטער! איך קען מיט אייך ניט געהן צוריק אין פּאַלאַץ. איך וויל בלייבען דאָ אין וואַלד

אינאיינעם מיט מיין ווייב און מיין שוועך און האַקען האָלץ און זיין אַ פּראָסטער און אָרענטליכער מענש. אויב איר ווילט, קענט איר דאָ בלייבען מיט מיר, און איר וועט זיך דאָ פילען פיל גליקליכער און רוהיגער ווי אין אייער פּאַלאַץ.



האָט די מלכה גלייך געזאָגט, אַז זי בלייבט מיט איר זוהן אין וואַלד. אָבער דער מלך האָט נאָך געטראַכט, צי ער זאָל דאָס טאָן, און אַזוי ווי ער האָט ניט געוואָלט אַליין צוריקקערען זיך אין פּאַלאַץ, איז ער אויך געבליבען מיט׳ן זוהן אין וואַלד, און זיי האָבען אַלע געלעבט גליקליך און צופרידען.

און ביים מלך אין לאַנד איז אויך געוואָרען פרייליך, און מאַמעס האָבען שוין מער ניט געסטראַשעט קינדער אין די וויגען מיט׳ן שלעכטען מלך. די קינדער האָבען שוין אויך מער ניט געוויינט און זיי פלעגען רוהיג שלאָפען.

אַ פלעקעל אַריין, אַ פלעקעל אַרויס: די מעשיות זענען נאָך אַלץ ניט אויס.

# דער איד אויפ'ן יריד

אַמאָל איז געווען אַ איד, איז ער געפאָרען אויפ'ן יריד. קיין גרויסער סוחר איז דער איד ניט געווען. נאָר ער האָט מיט זיך געפירט אַ פּאָר שטיקלאַך לייוועגט, און ער האָט גערעכענט צו פארקויפען אויפ'ן יריד די פּאָר שטיקלאַך לייוועגט און פאר דאָס געלט וועט ער קויפען מעל, וועט זיין ווייב באַקען ברויט, און די קינדער וועלען האָבען וואָס צו עסען.

פאָרט אַזוי דער איד אויפ'ן יריד, פאָרט ער דורך אַ וואַלד, און דער וואַלד איז ניט קיין קליינער, נאָר אַ גרויסער און אַ טיפער, און אַ געדיכטער, און אַ פינסטערער, אַזש עס כאַפּט אָן אימה צו פאָרען. נאָר דער איד איז ניט פון די שרעקעדיגע, פאָרט ער זיך פּאַמעלאַך מיט זיין ביסעל סחורה און זינגט זיך אונטער אַ ניגונ'דעל:

לאַמטעדע-רידאָם,
דאָם, דאָם, דאָם!
לאַמטעדע-בימבאָם,
באָם, באָם, באָם!

מיט אַמאָל דערהערט דער איד אַ פּייף. אַ פּייף, איז אַ פּייף, און דער איד דערשרעקט זיך אַ האָר ניט און פאָרט ווייטער. דער־הערט ווייטער דער איד אַ פּייף. אַ פּייף, איז אַ פּייף. מאַלע ווער עס פּייפט! וואָס געהט דאָס אים אָן? און דער איד פאָרט זיך ווייטער און זינגט זיך ווידער אונטער זיין ניגונ'דעל:

לאַמטעדע-רידאָם,
דאָם, דאָם, דאָם!
לאַמטעדע-בימבאָם,
באָם, באָם, באָם!

נאָר עס האָט זיך דערהערט צום דריטען מאָל אַ פּייף, און דאַן נאָך אַ פּייף און נאָך אַ פּייף און עס האָט גאָרניט אויפגעהערט צו פּייפען. איז שוין דער איד געוואָרען טשיקאַווע צו וויסען, וואָס אַזוינס פּייפט דאָס? שטעלט ער אָפּ זיין פערדעל און נעמט זיך צוהערען אין אַלע זייטען. און עס פּייפט אַלץ און וואָס אַמאָל אַלץ

שטאַרקער און שטאַרקער, און באַלד האָבען זיך דערהערט מענשליכע קולות, אַזעלכע גראָבע קולות, אַזעלכע ווילדע קולות!

האָט דער איד אַ טראַכט געטאָן: „אפשר זענען דאָס גזלנים?״ אָבער באַלד האָט ער צוריק אַ טראַכט געטאָן: „און אַז גזלנים איז וואָס? וואָס האָב איך פאַר זיי מורא? וואָס וועלען זיי ביי מיר נעמען? קיין געלט האָב איך אַלץ איינס ניט, און קיין סחורה האָב איך אויך ניט קיין סך. און אויף מיין פערדעל וועלען זיי זיך אויך ניט קוואַפּען: אַ דאַר פערדעל, הויט און ביינער, קען מער אויפעסען ווי פאַרפירען״. האָט דער איד אַ שמיץ געטאָן זיין פערדעל, עס זאָל פאָרען ווייטער, און ער אַליין האָט זיך ווידער אונטערגעזונגען זיין ניגונ׳דעל:

לאַמטעדע-רידאָם,
דאָם, דאָם, דאָם!
לאַמטעדע-בימבאָם,
באָם, באָם, באָם!

ער איז אָבער אָפּגעפאָרען ניט מער ווי צען טריט, ערשט פון צווישען די ביימער שפרינגען טאַקע אַרויס גזלנים, אמת׳ע גזלנים, מיט אַ געשריי און אַ געפילדער:

— הוהאַ, הוהאַ!

דערשרעקט זיך ניט דער איד פאַר זייער געשריי און פאַר זייער געפילדער, נאָר ער שטעלט אָפּ זיין פערדעל און גיט זיי אַ פרעג:

— זאָגט, וואָס ווילט איר, אָבער שנעל, וויל איך איל זיך צום יריד.

ענטפערען די גזלנים:

— מיר ווילען דיין געלט!

זאָגט דער איד:

— מיין געלט האָט איר ניט וואָס צו וועלען, וויל איך האָב עס ניט, און ניט מיין געלט איז ניט ביי מיר, נאָר ביי אַנדערע.

רופען זיך אָן די גזלנים:

— אָ, ביסט אַ קלוגער איד! דו פאָרסט דאָך אויפ׳ן יריד, און אַ איד, אַז ער פאָרט אויפ׳ן יריד, פאָרט ער דאָך ניט מיט ליידיגען,

נאָר ער מוז מיט זיך עפּעס פירען, איז ניט קיין געלט, איז סחורה. אַנו, זיי ניט צו קלוג און גיב אונז דיין סחורה.

זאָגט דער איד:

— קיין סחורה האָב איך אויך ניט, נאָר איך האָב אַ פּאָר שטיקלאַך לייוועגט.

זאָגען די גזלנים:

— לייוועגט איז אויך סחורה. גיב דאָס טאַקע אַהער, אויב דיין לעבען איז ביי דיר טייער.

מאַכט דער איד:

— רעכט, נעמט ביי מיר צו דאָס לייוועגט, אויב איר ווילט, נאָר זאָגען מוז איך אייך אַפריהער, וואָס פאַר אַ מין לייוועגט דאָס איז.

זיינען די גזלנים געוואָרען טשיקאַווע צו וויסען, וואָס איז דאָס טאַקע פאַר אַ לייוועגט. פרעגען זיי ביים אידען:

— נו-נו, אדרבא, זאָג אונז טאַקע.

ענטפערט דער איד:

— אַז מען קויפט ביי מיר דאָס לייוועגט פאַר געלט, קען מען דערפון מאַכען העמדער. אָבער אַז מען נעמט דאָס צו ביי מיר אָהן געלט, קען מען דערפון נאָר תכריכים מאַכען.

האָט זיך איין גזלן דערשראָקען און ער האָט זיך אָנגערופען צו די איבעריגע גזלנים:

— וואָס טויג אונז דאָס לייוועגט, אַז מיר קענען דאָס ניצען ערשט נאָכ'ן טויט? לאָמיר ביי אים ניט נעמען דאָס לייוועגט!

אָבער די איבעריגע גזלנים האָבען זיך אויסגעלאַכט.

— מאַלע וואָס דער איד רעדט! — האָבען זיי געזאָגט — ער איז אַ קלוגער איד, וויל ער אונז אָפּשרעקען, מיר זאָלען ביי אים ניט צונעמען דאָס לייוועגט. און אפילו אויב ס'איז אמת, וואָס ער זאָגט, וועלען מיר דאָס לייוועגט פאַרקויפען צו אַנדערע אויף תכריכים. מיר אַליין וועלען דאָס ניט ניצען.

רופט זיך אָן דער איד:

— ניין, איר וועט דאָס אַליין ניצען אויף תכריכים. איר וועט שוין זעהן, אַז איך זאָג אייך ניט קיין ליגען.

אָבער די גזלנים האָבען זיך דערפון ניט אויסגעמאַכט און זיי האָבען ביים אידען צוגענומען דאָס לייווענט און נאָך געבעטען דאָס פערדעל אויך.

מאַכט דער איד:

— אויף וואָס טויג אייך מיין פערד? ער וועט ביי אייך מער אויפעסען, ווי פירען. נאָר, אַז איר ווילט דוקא, קענט איר אים נעמען. איך דאַרף אים אַלץ איינס ניט האָבען. ווייל קיין סחורה צו פירען האָב איך דאָך שוין ניט, און אַליין קאָן איך גיהן צו-פוס.

און די גזלנים האָבען ביי אים טאַקע צוגענומען אויך דאָס פערד און וואָגען, און דער איד איז אַוועק צופוס אויפ׳ן יריד. הערט ער, ווי די גזלנים לאַכען. קערט ער זיך אום און גיט אַ פרעג ביי זיי:

— וואָס לאַכט איר?

זאָגען זיי:

— מיר לאַכען פון דיר.

פרעגט ער:

— וואָס לאַכט איר פון מיר?

זאָגען זיי:

— דו ביסט דאָך אַ קלוגער איד, היינט וואָס געהסטו איצטער אויפ׳ן יריד? קיין סחורה האָסטו דאָך שוין ניט.

זאָגט דער איד:

— איך געה אויפ׳ן יריד, ווייל טאָמער וועט אייך דאָס לייווענט ניט געפעלען זיין מער, זאָלט איר דאָס מיר נאָך קענען אומקערען אין צייט. און איך זאָל דאָס קענען פאַרקויפען אויף העמדער.

האָבען די גזלנים ווידער געלאַכט פון אים, און ער איז זיך געגאַנגען צו-פוס און האָט אונטערגעזונגען זיין ניגונ׳דעל:

לאַמטעדע-רידאָם,
דאָם, דאָם, דאָם!
לאַמטעדע-בימבאָם,
באָם, באָם, באָם!

איז ער אַזוי געגאַנגען און געגאַנגען, ביז ער איז געקומען אויפ׳ן יריד. קומט דער איד אויפ׳ן יריד, זעהט ער, עס קאָכט און זידט, מען האַוועט און מען פליהט און קיינער ווערט גאָרניט מיד.

שטעהט אזוי דער איד אויפ'ן יריד. געהט צו אים צו אַן אַנדער איד און פרעגט:

— וואָס מאַכט אַ איד? וואָס טוט איר אויפ'ן יריד?

ענטפערט דער איד:

— געקומען האַנדלען.

פרעגט יענער איד:

— קויפען, צי פאַרקויפען?

ענטפערט דער איד:

— קויפען, האָב איך קיין געלט ניט.

זאָגט יענער איד:

— נו, און פאַרקויפען, האָט איר דאָך קיין סחורה ניט!

זאָגט דער איד:

— סחורה קען מען נאָך ברייגגען, אויב וועד פון זיי איז נאָך איבערגעבליבען אַ לעבעדיגער.

דער איד האָט דאָס געמיינט אויף די גזלנים, נאָר יענער איד האָט דאָך ניט געוואוסט, האָט ער ניט פאַרשטאַנען וואָס דער איד מיינט. האָט ער געקוועטשט מיט די אַקסלען, און דער איד האָט זיך אונטערגעזונגען זיין ניגונ'דעל:

לאָמטעדע-רידאָם,
דאָם, דאָם, דאָם!
לאָמטעדע-בימבאָם,
באָם, באָם, באָם!

האָט יענער איד ווידער אַ קוועטש געטאָן מיט די אַקסלען און זיך אַנגערופען:

— עפּעס אַ מאָדנער איד, קומט אויפ'ן יריד און זינגט זיך אַ ליד!

און דער איד איז געשטאַנען אויפ'ן יריד און האָט געוואַרט, און אַלע האָבען אויף אים געקוקט: וואָס טוט ער דאָ און אויף וואָס וואַרט ער? האָט ער אָפּגעוואַרט אַ טאָג און צוויי, און אויפ'ן דריטען טאָג זעהט ער, איינער פון די גזלנים פאָרט אויף זיין פערד און וואָגען און פאָרט גלייך צו אים.

דער גזלן האָט דערזעהן דעם אידען, האָט ער זיך זעהר דער־פרייט. רופט זיך אָן דער גזלן צום אידען.

— דו ביסט גערעכט געווען! דאָס לייוועגט האָט טאַקע מער ניט געטויגט ווי אויף תכריכים. יענע גזלנים זענען שוין געשטאָרבען, און איך האָב זיי באַגראָבען אין תכריכים, וואָס איך האָב געמאַכט פון דיין לייוועגט. איך איינער בין געבליבען און איך האָב מורא, אַז איך זאָל אויך ניט שטאַרבען, האָב איך דיר געבראַכט צוריק דיין פערד און וואָגען און דאָס לייוועגט, וואָס איז איבערגעבליבען פון די תכריכים, וועלכע איך האָב געמאַכט פאַר מיינע חברים. זיי זאָלען אָבער ניט ליגען באַגראָבען אין גע׳גזל׳טע תכריכים, טאָ נאַ דיר געלט פאַר דאָס לייוועגט, וואָס איך האָב פאַרניצט אויף זיי.

האָט דער איד צוגענומען דאָס געלט און דעם פערד און וואָגען און דאָס איבערגעבליבענע לייוועגט, און ער האָט געזאָגט צום גזלן:

— געה בשלום, דיר וועט גאָרנישט ניט טרעפען.

און דער איד האָט פאַרקויפט אויפ׳ן יריד דאָס שטיקעל לייוועגט, וואָס איז איבערגעבליבען פון די גזלנים און ער האָט שוין געהאַט גענוג געלט אויף צו קויפען מעל אויף ברויט פאַר זיין ווייב און קינדער. און ער איז אַוועקגעפאָרען אַ פריילי‏כער אַהיים, און האָט דעם גאַנצען וועג אונטערגעזונגען זיין ניגונ׳דעל:

לאַמטעדע־רידאָם,\
דאָם, דאָם, דאָם!\
לאַמטעדע־בימבאָם,\
באָם, באָם, באָם!



# דער נארישער אינדיק

אַמאָל איז ביי אַ פּאַרמער געווען אַן אינדיק, אַן אינדיק ווי אַלע אינדיקעס, ניט קיין גרויסער חכם און ניט קיין קליינער נאַר.

איז דער אינדיק אַרומגעגאַנגען מיט גדלות ביים פּאַרמער אויפ׳ן הויף, און דער פּאַרמער האָט אים געשטאָפּט מיט אַלע גוטע זאַכען, און דער אינדיק האָט זיך געבלאָזען און גרויס געהאַלטען, ווייל ער האָט געמיינט, אַז דער פּאַרמער האָט אים זעהר ליב און דערפאַר גיט ער דאָס אים עסען פון דאָס שענסטע און דאָס בעסטע.

— האָלדער! האָלדער! האָלדער! — האָט דער אינדיק גע־האָלדערט אויף זיין נאַרישען אינדיק-לשון, וואָס דאָס האָט אפשר געמיינט: „גיט נאָר אַ קוק, ווי גוט מיר איז! זעהט, ס׳אַרא עסענס דער פּאַרמער גיט מיר!” און ער האָט זיך אָנגעבלאָזען רויט ווי אַ בוריק, אַזש ס׳איז אַ שרעק געווען צו קוקען, און ווייטער אַ געשריי געטאָן אויף זיין נאַרישען אינדיק-לשון: האָלדער! האָלדער! האָלדער! און אַלע איבעריגע עופות, וואָס האָבען זיך געפונען ביים פּאַרמער אויפ׳ן הויף, האָבען זיך דערשראָקען און זענען זיך צעלאָפען אין אַלע זייטען.

נאָר איין הון איז דאָרט געווען אַ פּקחית, אַ קלוגע ביז גאָר, וואָס איז גאָרניט נתפעל געוואָרען פון דעם אינדיק׳ס האָלדער־האָלדער און פון זיין נאַרישען בלאָזען זיך, און ווען דער אינדיק האָט געמאַכט: האָלדער, האָלדער! האָט זי געמאַכט: קוואָ! קוואָ-קוואָ-קוואָ-קוואָ! וואָס דאָס האָט אפשר געמיינט: „עך, עך, דו נאַרישער אינדיק! דו מיינסט טאַקע, אַז דער פּאַרמער גיט דיר עסען פון דיין טובה וועגען? וואַרט נאָר, דער פּאַרמער האָט אַ יום-טוב אַזאַ, וואָס מען רופט אים טהענקסגיווינג-דעי, און אַז עס וועט קומען טהענקסגיווינג-דעי, וועט דיר זיין אַז אָך און וועה! קוואָ! קוואָ-קוואָ-קוואָ! דער פּאַרמער שטאָפּט דיך איצטער, כדי ער זאָל דערנאָך קענען אָנשטאָפּען זיך אַליין מיט דיר”.

אָבער דער נאַרישער אינדיק האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס די קלוגע הון רעדט צו אים, און ער האָט איר געענטפערט: האָלדער-

האָלדער! וואָס דאָס האָט אפשר געמיינט: „וויים איך, וואָס דו קוואָקטשעסט! אַבי מען שפּאַרט מיר אין האַלז אַלע גוטע זאַכען".
און די הון האָט צו אים ווידער געמאַכט: קוואָ! קוואָ-קוואָ-קוואָ! וואָס דאָס האָט אפשר געמיינט: „פאַראיאָרען איז אויך געווען אַזאַ נאַרישער אינדיק, וואָס מען האָט אים אויך געשפּאַרט אַלע גוטע זאַכען, און ער האָט געהאָלדערט אַזוי ווי דו און געבלאָזען פון זיך, און דער סוף איז געווען, עס איז געקומען טהענקסגיווינג-דעי, איז אים געווען אַז אָך און וועה. קוואָ-קוואָ-קוואָ! פרעג ביים פּאַרמער'ם קינדער, וועלען זיי דיר דערציילען".

האָט דער אינדיק זיך אַ קער געטאָן מיט זיין שנאָבעל צו דעם פּאַרמער'ם קינדער און אַ פרעג געטאָן ביי זיי:

— האָלדער־האָלדער-האָלדער?

האָבען דעם פּאַרמער'ם קינדער אָפּגעלאַכט פון אים און גע-ענטפערט צוריק אויף זיין לשון:

— האָלדער-האָלדער-האָלדער!

האָט דער אינדיק ווידער אַ פרעג געטאָן:

— האָלדער־האָלדער-האָלדער?

און געמיינט האָט ער אפשר צו פרעגען:

— פאַרוואָס עסט מען מיך?

האָבען די קינדער געענטפערט מיט אַ לידעל:

— האָלדער, האָלדער, אינדיק!
מ'עסט דיך, ווייל ביסט זינדיג.
וואָס האָסטו געטאָן?
געקראָכען אויבענאָן.
דו האָסט זיך געבלאָזען,
ביסט געווען צעלאָזען.
אינדיק, אינדיק, האָלדער!
זאָלדער, זאָלדער, זאָלדער —
זאָל דער אינדיק שרייען,
מען וועט אים באַלד צעקייען,
עס וועט פון אים נאָר בלייבען

א פעדער צו פארשרייבען,
אז עס איז געווען א אינדיק,
וואָס איז געוועזען זינדיג.
וואָס האָט ער געטאָן?
געקראָכען אויבענאָן.
ער האָט פון זיך געבלאָזען,
ער איז געווען צעלאָזען.
אינדיק, אינדיק, האָלדער!
זאָלדער, זאָלדער, זאָלדער —
זאָל דער אינדיק שרייען,
מען וועט אים באַלד צעקייען,
עס וועט פון אים נאָר בלייבען
א פעדער צו פארשרייבען,
אז עס איז געווען א אינדיק,
וואָס איז געוועזען זינדיג . . .

און אַזוי ווייטער, און אַזוי ווייטער, ווייטער פון אָנהויב, און די קינדער האָבען ניט אויפגעהערט צו זינגען די מעשה מיט׳ן אינדיק, און עס איז געווען א מעשה אָהן א סוף, און דער אינדיק איז אין כעס געוואָרען און האָט זיך אָפגעקערט פון די קינדער און האָט זיך אָנגעבלאָזען און גענומען ווייטער האָלדערען אויף זיין נאַרישען אינדיק-לשון:

— האָלדער־האָלדער-האָלדער!

און דער פארמער איז אים אָנגעקומען אנטקעגען מיט א טעלער פון אַלע גוטע זאכען, און דער אינדיק האָט זיך אָן אלעם פארגעסען און גענומען פרעסען און פרעסען, און דער פארמער איז געשטאַנען און האָט געקוואָלען, און דער אינדיק, האָט געמיינט, אז דאָס קוועלט דער פארמער, ווייל ער מיינט זיין טובה, דעם אינדיק׳ס טובה, ער זאָל עסען וואָס מער און זיין געזונט און שטאַרק און לעבען ביז הונדערט און צוואַנציג יאָר. האָט דער אינדיק מיט גדלות א געשריי געטאָן:

— האָלדער־האָלדער-האָלדער!

און דער פאַרמער האָט אַ טאַפּ געטאָן דעם אינדיק, זעהן, צי ער איז שוין גוט פעט, און ער האָט דערזעהן, אַז דער אינדיק איז גוט פעט, איז ער אַוועק אַ צופרידענער, און אַז ער האָט דערזעהן די פאַרמערקע, האָט ער צו איר געזאָגט:

— מיין ווייב! מיר וועלען האָבען אַ פעטען אינדיק אויף טהענקסגיווינג. מעגסט שוין צוגרייטען די פאַן אויף צו בראָטען אים.

און אַז טהענקסגיווינג-דעי איז געקומען, איז שוין דער אינדיק מער ניט אַרומגעגאַנגען מיט גדלות פּאַריסען דעם קאָפּ, איבער'ן הויף, האָלדערנדיג אויף זיין נאַרישען אינדיק-לשון. קיינער פון די איבעריגע עופות, נאָך ביים פאַרמער אויפ'ן הויף, האָט ניט געוואוסט, וואו ער איז אַהינגעקומען, נאָר די איין הון די פּקחית האָט געוואוסט און זי האָט זיך פאַר זיך אויסגעזונגען:

— טהענקסגיווינג-דעי, טהענקסגיווינג-דעי!
דעם אינדיק איז אַז אָך און ועה!
ער ליגט ביים פאַרמער אויפ'ן טיש,
מ'עט אים עסען נאָך די פיש.
קוואַ-קוואַ-קוואַ! קוואַ-קוואַ-קוואַ!
דער אינדיק איז שוין באַלד ניטאָ.



# א מעשה מיט א קארגען

אַמאָל איז געווען איינער מיט׳ן נאָמען בייראַך, איז ער געווען רייך ווי קרח, אָבער קאַרג ווי אַ הונט. ער האָט דעם צווייטען ניט געגעבען, און אפילו פאַר זיך אליין אויך געזשאַלעוועט. דעם ביסען אין מויל האָט ער זיך ניט פאַרגונען, און ווען ער וואָלט נאָר געקענט אויסקומען אָהן עסען, וואָלט ער דאָס געטאָן, אָבער אַ מענש מוז דאָך עסען, ווייל אָהן עסען קען מען דאָך ניט לעבען, נו, האָט בייראַך אויך געגעסען, כדי ער זאָל קענען לעבען און קַלייבען געלט. אָבער געגעסען האָט ער נאָר אַזוי פיל, אויף וויפיל די נשמה קוים צו דערהאַלטען, און געגעסען האָט ער אַלץ אַזעלכע זאַכען, וואָס מען דאַרף שוין אין מיסט אַרויסוואַרפען, און ביי יעדען ביסען, וואָס ער האָט אַראָפּגעשלונגען, האָט אים אין האַרצען אַ שטאָך געטאָן, ווייל אַזוי איז שוין אַ קאַרגער: אַפילו זיך אַליין ניט צו פאַרגינען.

אָבער דאָס איז נאָך גאָרנישט. בייראַך איז געווען נאָך קאַרגער פון אַלע קאַרגע, וואָס זענען אויף דער וועלט געווען, און ער האָט דערפאַר אַפילו ניט חתונה געהאַט, ווייל אַ ווייב מיט קינדער דאַרף מען דאָך געבען עסען און אויך קליידען זיי, און עסען קאָסט געלט און קליידער קאָסט געלט, און בייראַך האָט פיינט געהאַט אויסצו-געבען געלט. ער האָט נאָר האָלט געהאַט צו קלייבען געלט און צו ציילען געלט. און ציילען פלעגט ער ציילען נאָר בייטאָג אין דער ליכטיג. ווייל ביינאַכט דאַרף מען דאָך אָנצינדען פייער, און דאָס קאָסט שוין געלט.

אַזוי האָט געלעבט בייראַך איינער אַליין, עלענד ווי אַ שטיין, אין אַ חורבה אַ שטיבעלע, עק שטאָט, ווייט פון גאָט, ווייט פון לייט. אָבער ער האָט קיינעם ניט געדאַרפט, אַחוץ זיין געלט. זיין געלט איז געווען זיין גאַנצע וועלט. און פון זיין קאַרגשאַפט האָבען אַלע געוואוסט, קינד און קייט, אַפילו קליינע קינדער פלעגען פון אים זינגען:

— בייראַך, בייראַך,
רייך ווי קרח!

וואָס דארפסטו געלט
אויף דער וועלט?
ניט דו עסט,
ניט דו טרינקסט.
ניט ביסט פריילעך,
ניט דו זינגסט.
נאָר דו טוסט
און ציילסט די געלט,
און דו ציטערסט,
טאָמער פעלט.
נאָר דו טוסט
און ציילסט די געלט,
און ס׳איז ווייניג
דיר די וועלט.
נאָר דו טוסט
און ציילסט די געלט —
וואָס דארפסטו געלט
אויף דער וועלט?

ניט איין מאָל פלעגט טרעפען, אַז קינדער פלעגען אָפּלאַכען פון זיין קאַרגקייט און אָפּנאַרען אים. אַזוי האָט איינמאָל געטראָפען, ער איז געגאַנגען אין גאַס און האָט געטאָן דאָס, וואָס ער טוט אַלע מאָל — געציילט אין קאָפּ וויפיל געלט ער האָט. ערשט ער הערט אַ קליינער אינגעל שרייט אים נאָך!

— בייראַך, בייראַך! האָסט דאָך פאַרלאָרען געלט.

האָט זיך בייראַך אומגעקערט אַ דערשראָקענער און גענומען זוכען אויף דער ערד. האָט ער געזוכט און געזוכט און גאָרנישט ניט געפונען, ניט ווייל ער האָט ניט געקענט געפינען, נאָר ווייל ער האָט גאָרנישט ניט פאַרלאָרען. דער אינגעל האָט דאָס אים אָפּגענאַרט. בייראַך האָט דאָס דערנאָך דערזעהן, האָט ער צום אינגעל אַ מאַך געטאָן מיט׳ן פינגער און געזאָגט:

— אי, דו שויגעץ! איז דאָס שיין אָפּצולאַכען פון אַן עלטערען מענשען?

האָט אויף דעם דער אינגעל געענטפערט:

— אָפּצולאַכען פון אַן עלטערען מענשען איז טאַקע ניט שיין, אָבער פון אַ קאַרגען, אַזוי ווי דו, מעג מען אָפּלאַכען.

אָט אַזוי האָט מען פון אים געלאַכט, אָבער אים האָט דאָס ניט געאַרט. אַנדערע האָבען אים דערמאָנט, אַז ער וועט דאָך אַלט ווערען און שטאַרבען, און קיין ווייב און קינדער האָט ער דאָך ניט, היינט וועמען וועט ער לאָזען זיין געלט? אין קבר מיט זיך קען ער דאָך דאָס ניט נעמען! אָבער ער האָט אויף דעם גאָרנישט ניט געענטפערט. ווייל וואָס קען ער אויף דעם ענטפערען? אָט דערווייל לעבט ער, דאַרף ער זעהן צו האַלטען דאָס געלט און ניט אויסגעבען, ניט פאַר יענעם, ניט פאַר זיך אַליין, און וועגען טויט האָט ער ניט געטראַכט,ווייל ער האָט אַלץ געטראַכט וועגען זיין געלט, און זיין געלט איז אים געווען טייערער פון אַלץ אין דער וועלט.

און געציטערט האָט ער אַזוי איבער זיין געלט. אַז ער פלעגט קיינעם אַ פּרוטה ניט וועלען טרויען. האָט ער דאָס געלט געהאַלטען אין לעכער און אין שפּאַלטען אין זיין חורבה אין זיין שטיבעלע. און איינמאָל האָט זיך געטראָפען, אַז ער האָט פאַרשטעקט אין אַ לאָך אַ פּעקעל פּאַפּיר-געלט. איז ביינאַכט פאַרבייגעלאָפען אַ מויז, און די מויז איז געווען זעהר הונגעריג, האָט זי דערזעהן אין לאָך דאָס פּעקעלע מיט די פּאַפּיר-געלט, האָט זי זיך דערפרייט, ווייל זי האָט געמיינט, אָט קריגט זי עפּעס צום עסען. די מויז האָט זיך אָפּנים פאַרגעסען, אַז ביי בייראַך דעם קאַרגען קריגט מען גאָרנישט ניט צום עסען. נו, האָט זי גענומען גריזשען און נאַגען דעם פּעקעל מיט די פּאַפּיר-געלט, ביז זי האָט עס אויף פּיצלאַך צעריסען, אָבער קיין עסען האָט זי אַלץ ניט געפונען. אויף מאָרגען האָט בייראַך דערזעהן, וואָס פון זיין פּעקעל פּאַפּיר-געלט איז געוואָרען, האָט ער גענומען די האָר פון קאָפּ זיך רייסען. אָבער העלפען האָט דאָס אים ניט געקענט. אַזוי האָט קיינער פון זיין געלט קיין הנאה ניט געהאַט, אָפּילו די מייז ניט.

נאָך יענער געשיכטע האָט בייראַך קיין פּאַפּיר-געלט אין האַנט ניט גענומען: נאָר קופּערנע און זילבערנע און גאָלדערנע מטבעות, און האָט זיי ווי אַלע מאָל געהאַלטען באַהאַלטען אין לעכער און אין שפּאַלטען אין זיין חורבה אין שטיבעלע. אַרויסגענומען, איבער-געציילט, צום טויזענטען מאָל אַוודאי, און צוריק באַהאַלטען. אַזוי האָט ער געטאָן טאָג-איין טאָג-אויס.

און בייראַכ׳ס שטיבעלע איז געווען אַן אמת׳ע חורבה, האָט זיך געהאַלטען אויף הינערשע פיסלאַך און איז געווען פול מיט לעכער און שפּאַלטען, אָבער בייראַכ׳ן האָט דאָס ניט געאַרט. ווען ער האָט געקוקט אויף די לעכער און שפּאַלטען, האָט אים נאָר געאַרט, וואָס ניט אַלע לעכער און שפּאַלטען זענען אָנגעפּילט מיט געלט, און ער האָט אַלץ געטראַכט, וואו קריגט מען נאָך געלט, כדי אָנצושטאָפּען אַלע לעכער און אַלע שפּאַלטען. וועגען פאַריכטען דאָס שטיבעל האָט בייראַך גאָרניט געטראַכט: ערשטענס, וועט מען דאָך דעמאָלט דאַרפען פאַרמאַכען אַלע לעכער און שפּאַלטען, הייסט וואו וועט ער זיין געלט באַהאַלטען? און צווייטענס, דאַרף דאָך קאָסטען געלט פאַרריכטען דאָס שטיבעל, און אויסגעבען געלט האָט דאָך בייראַך פיינט געהאַט. נו, האָט אַזוי בייראַך געוואוינט אין זיין חורבה אין שטיבעל, און יעדעס מאָל, וואָס אַ ווינט פלעגט געבען אַ בלאָז, אַזוי פלעגט זיך דאָס שטיבעל געבען אַ טרייסעל, אָבער בייראַכ׳ן האָט דאָס ניט געאַרט און ער האָט גאָרניט געטראַכט, וואָס דאָס שטיבעל קען נאָך איינפאַלען.

איינמאָל, ווען בייראַך איז ניט געווען אין דער היים, איז געקומען אַ שטאַרקער ווינט און האָט אַראָפּגעטראָגען דאָס שטיבעל מיט האַק און פּאַק, מיט אַלע לעכער מיט אַלע שפּאַלטען מיט גאָר דאָס געלט, וואָס איז דאָרטען געווען באַהאַלטען. אַז בייראַך איז געקומען, האָט ער שוין זיין שטיבעל ניט געפונען. מילא דאָס שטיבעל, ווי דאָס שטיבעל, אָבער דאָס געלט! ער האָט קיין איין פּרוטה ניט געפונען פון זיין גאַנצען פאַרמעגען.

בייראַך האָט גענומען זוכען זיין געלט, און וואָס מער ער האָט געזוכט, אַלץ מער האָט ער דאָס ניט געקענט געפינען. האָט

ער אָפּגעזוכט אַ טאָג מיט אַ נאַכט, ביז ער איז געפאַלען אַ מידער און איז איינגעשלאָפען. זעהט ער אין חלום, ווי זיין געלט קייקעלט זיך, האָט ער זיך גענומען יאָגען נאָכ'ן געלט, אָבער געלט איז קיילעכדיג, יאָגט ער זיך און יאָגט זיך נאָך דעם און קען דאָס ניט כאַפּען, נעמט ער זיך בעטען ביי די מטבעות: „אַנטלויפט ניט פון מיר! איך האָב דאָך אייך אַזוי ליב"! — אָבער די מטבעות לאַכען זיך פון אים אויס און לויפען ווייטער. לויפט ער נאָך זיי און בעט זיך: „סטייטש, וואָס אַנטלויפט איר פון מיר? איך האָב דאָך אייך אַזוי טייער געהאַלטען! קיינמאָל ניט אויסגעגעבען". ענטפערען זיי: „אָט טאַקע דערפאַר אַנטלויפען מיר, ווייל דו האָסט אונז קיינמאָל ניט אויסגעגעבען. מיר האָבען ליב, אַז מען גיט אונז אויס, אַז מען קויפט פאַר אונז עפּעס. מיר האָבען ליב צו געהן פון האַנט צו האַנט, ניט שימלען אין די שפּאַלטען פון וואַנט". און זיי זענען ווייטער געלאָפען, און בייראַך האָט זיי ניט געקענט כאַפּען.

אַז בייראַך איז אויפגעשטאַנען, האָט ער זיך פאַרשוואָרען מער ניט צו זיין קיין קאַ

---

# א מעשה מיט צוויי ברידער

אַמאָל האָבען געוואוינט צוויי ברידער לעבען אַ טייך, איינער איז געווען אָרים, דער צווייטער איז געווען רייך. האָט דער רייכער געהאַט פון אַלדאָס גוטס און ער האָט געגעסען פון די בעסטע פליישען און האָט פאַרטרונקען מיט די בעסטע ווייגען. און דער אָרי־מער האָט גאָרנישט געהאַט, אַחוץ די פיש, וואָס ער פלעגט כאַפּען אין טייך. האָט ער מיט זיין ווייב און קינדער געגעסען די פיש פון טייך און פאַרטרונקען מיט די וואַסער פון טייך.

האָט דער אָרימער געכאַפּט פיש אַזוי לאַנג, ביז די פיש האָבען זיך אויסגענומען פון טייך, אָדער אפשר איז זיי מיאוס געוואָרען אַרומצושווימען אין דעם טייך און זיי זענען אַוועק אין אַן אַנדער

טייך. אָבער דערווייל האָט דער אָרימער ברודער ניט געהאַט וואָס צו עסען, ניט ער און ניט זיין הויזגעזינד.

טראַכט דער אָרימער ברודער, וואָס זאָל ער טאָן, און ער געהט אַריבער צו זיין רייכען ברודער און זאָגט צו אים אַזוי:

— ליבער ברודער, מיין בלוט און פלייש! דו ווייסט וואויל, אַז איך בין צו דיר קיינמאָל ניט געגאַנגען בעטען, ווייל אין טייך איז גענוג פיש געווען. איצטער אָבער האָבען זיך די פיש אויסגענומען פון טייך אָדער זיי זענען אפשר אַוועק אין אַן אַנדער טייך, און איך האָב ניט דערווייל וואָס צו עסען, ניט איך און ניט מיין ווייב און ניט מיינע קינדער. בעט איך דיך, ליבער ברודער, האָב רחמנות אויף מיר און אויף מיין הויזגעזינד און גיב אונז כאָטש די ברעקלאַך, וואָס פאַלען אַרונטער פון דיין רייכען טיש.

אָבער דער רייכער ברודער איז געווען אַ שלעכטער, לאַכט ער זיך פאַנאַנדער מיט אַ גרויסען געלעכטער און ער זאָגט אַזוי:

— די ברעקלאַך, וואָס פאַלען אַרונטער פון מיין רייכען טיש, ווילסטו? ניין, די ברעקלאַך דאַרף איך האָבען פאַר מיינע הינט. מיינע הינט זענען בילכער פאַר דיר, מיט דיין ווייב, מיט דיינע קינדער אינאיינעם. געה זיך ווייטער, און לאָז מיך צו-רוה.

איז דער אָרימער ברודער אַוועק פון דעם רייכען ברודער מיט אַ צעבראָכען האַרץ. קומט ער אַזוי אַהיים און דערציילט זיין ווייב די גאַנצע געשיכטע. זאָגט צו אים די ווייב:

— אַ דאגה, מיין מאַן! מיר וועלען אויסקומען אָהן דער לאַסקע פון דיין ברודער. טייכען זענען דאָ גענוג אויף דער וועלט, לאָמיר געהן און אויפזוכען אַן אַנדער טייך און וועסט ווייטער כאַפּען פיש און מיר וועלען ווייטער אַזוי לעבען, ווי מיר האָבען געלעבט.

האָט דער אָרימער ברודער געפאָלגט זיין ווייב'ס עצה, און זיי האָבען גענומען די קינדער מיט זייער ביסעל אָרימקייט און זיי זענען אַוועק זוכען אַן אַנדער טייך. זענען זיי אַזוי געגאַנגען דריי טעג און דריי נעכט, ביז זיי זענען אָנגעקומען צו אַ טייך. האָט דער אָרימער ברודער פאַרוואָרפען זיין נעץ, און ווען ער האָט עס אַרויסגעצויגען, איז די נעץ פול געווען מיט פיש, גרויסע און קליינע.

איז דער אָרימער ברודער געבליבען דאָרטען וואוינען מיט זיין הויז-געזינד, און ער האָט ווייטער געכאַפּט פיש, און וויפיל זיי האָבען געקענט, האָבען זיי אַליין אויפגעגעסען, און די איבעריגע פיש האָט ער אויפ'ן מארק פאַרקויפט און געהאַט אויף אַנדערע זאַכען צו קויפען.



איינמאָל האָט ער געכאַפּט אַ גרויסען העכט. ברייננט ער דעם העכט אַהיים און גיט דאָס דער ווייב זי זאָל דאָס אָפּקאָכען לכבוד שבת. שניידט פאַנאַנדער די ווייב דעם העכט, ערשט זי גע-פינט אין דעם העכט אַ דימענט, וואָס דער העכט האָט מסתמא איינגעשלונגען. און דער דימענט איז געווען אַזאַ גרויסער, אַז עס איז ליכטיג געוואָרען אין דעם פינסטערען הייזעל פון דעם אָרימען פישער.

האָט דער אָרימער פישער אוועקגעטראָגען דעם גרויסען דימענט אין דער גרויסער שטאָט אריין צו אַ גרויסען דימענט-סוחר. האָט

דאָס דער סוחר ביי אים אָפּגעקויפט פאַר אַ גרויסע סומע געלט, און אַזוי איז דער אָרימער פישער רייך געוואָרען, און ער האָט שוין מער קיין פישער ניט געדאַרפט זיין.

דערווייל האָט מיט זיין רייכען ברודער געטראָפען אַ גרויס אומגליק. אַ פייער האָט פאַרברענט גאָר זיין גוטס, און ער איז אַרויס הויל און נאַקעט אַזוי ווי די מאַמע האָט אים געהאַט.

דאָ האָט זיך דער אַמאָליגער רייכער ברודער דערמאָנט אָן זיין אַמאָליגען אָרימען ברודער דעם פישער, און ער האָט דערהערט, אַז ער איז זעהר רייך געוואָרען. וויל ער צו אים אַריבערגעהן, און ער שעמט זיך, ווייל ער גערייינקט, ווי דער אָרימער ברודער איז צו אים אַמאָל געקומען בעטען די ברעקלאַך פון זיין רייכען טיש, און ער האָט אים דעמאָלט אַרויסגעטריבען פון הויז. זאָגט צו אים זיין ווייב:

— פאָלג מיר, מיין מאַן, און געה אַריבער צו דיין רייך־גע־וואָרענעם ברודער, ער וועט אפשר ניט זיין צו דיר אַזוי שלעכט, ווי דו ביסט צו אים געווען. ווייל, ווי איך גערייינק, איז ער אַלע מאָל געווען אַ בעסערער ווי דו.

האָט זיך דער אָרים־געוואָרענער ברודער אָפּגעשעמט און ער האָט אויף זיך אַרויפגעוואָרפען אַ פּאָר שמאַטעס צו פאַרדעקען זיין נאַקעטקייט און ער איז אַוועק זוכען זיין רייך־געוואָרענעם ברודער.

איז ער געגאַנגען דריי טעג און דריי נעכט, ביז ער איז צוגע־קומען צו זיין אַמאָליגען אָרימען ברודער, וועלכער איז איצטער רייך געוואָרען. און ווי דער ברודער האָט אים דערזעהן אין די שמאַטעס, האָט ער זיך ביטער צעוויינט און ער האָט צו אים געזאָגט:

— וועה מיר, ליבער ברודער, וועה צו מיינע אויגען, וואָס זיי זעהען דיך אַזוי! זאָג מיר, וואָס האָט מיט דיר געטראָפען?

האָט דער אָרים־געוואָרענער ברודער אַלץ דערציילט זיין רייך־געוואָרענעם ברודער, ווי אַ פייער האָט פאַרברענט גאָר זיין גוטס און אים איז גאָרנישט איבערגעבליבען פון זיין אַמאָליגער רייכקייט.

רופט זיך אָן דער רייך־געוואָרענער ברודער:

— דאגה ניט, ליבער ברודער! איך וועל דיר העלפען אין דיין אומגליק, וואָרים איך האָב גענוג. איך וועל דיר געבען אַ פערד־

און- וואָגען און פאָר אַריבער און ברייננ אַהער דיין גאַנץ הויזגעזינד און מיר וועלען אַלע זיין אינאיינעם.

זאָגט דער אָרים-געוואָרענער ברודער:

— איך שעם זיך, ליבער ברודער, צו קוקען דיר גלייך אין די אויגען. געדיינקסט, ווי שלעכט איך האָב דיך אַמאָל באַהאַנדעלט און ווי גוט דו באַהאַנדעלסט מיך איצטער?

זאָגט דער רייך-געוואָרענער ברודער:

— איך געדיינק ניט אַזעלכע זאַכען. נאַ דיר אַ פערד-און-וואָגען, זאָלסט ניט דאַרפען אַלץ אין די הענט טראָגען.

איז דער אָרים-געוואָרענער ברודער אַוועקגעפאָרען נאָך זיין הויזגעזינד און ער האָט זיך נאָך דעם זעלבען טאָג צוריקגעקערט צו זיין גוטען ברודער. און דער גוטער ברודער האָט זיין אָרים-געוואָרענעם ברודער מיט זיין הויזגעזינד צו זיך אין הויז אַריינגענומען און ער האָט זיי אַלעמען אויסגעקליידט און אויסגעגעהט און באַזאָרגט זיי מיט אַלדאָס גוטס, און אָט אַזוי וואוינען וויטער די צוויי ברידער לעבען אַ טייך, אָבער איינער איז שוין מער ניט אָרים, כאָטש דער צווייטער איז רייך.

# אידעל מיט דער פידעל

אַמאָל איז געוועזן אַ קלעזמער, האָט מען אים גערופען אידעל, און געשפּילט האָט ער אויף אַ פידעל, האָט מען אים אַזוי טאַקע גערופען: אידעל מיט דער פידעל.

און אַ מאָדע האָט ער געהאַט, אָט דער אידעל מיט דער פידעל, צו געהן שפּילען נאָר אויף אָרימע חתונות און ניט אויף רייכע, וואָרים ער פלעגט אַזוי זאָגען: „אויף אַ רייכער חתונה וועלען זיך שוין געפינען גענוג קלעזמער, אָבער אויף אַן אָרימער חתונה ווילען זיי ניט געהן. און וואָס זאָלען, נעבאַך טאָן די אָרימע חתן-כלה? זיי דאַרפען דאָך אויך זיין אַזוי פריילִיך, פונקט ווי די רייכע חתן-כלה. זיי זענען דאָך ניט שולדיג, וואָס זיי זענען אָרים".

רייכע לייט פלעגען קומען צו אים און בעטען זיך ביי אים: „אידעל, קום מיט דער פידעל און שפּיל ביי אונז אויף חתונה"! וואָרים אידעל איז געווען ניט אַבי אַ קלעזמער, נאָר אַ גוטער קלעזמער, און אַז אידעל פלעגט נעמען די פידעל און צעלאָזען זיך מיט'ן בויגען איבער די סטרונעס, פלעגט ער די נשמה ממש אַרויסנעמען מיט זיין שפּילען: אַזוי געשמאַק, אַזוי זיס איז דאָס געווען! אָבער ער פלעגט זאָגען צו די רייכע לייט, וואָס פלעגען אים קומען בעטען: „געהט אייך, געהט אייך געזונטערהייט. איר וועט קריגען קלעזמער. עס איז דאָ גענוג קלעזמער פאַר אייך, און מיך לאָזט אָפּ, ווייל איך דאַרף געהן צו אָרימע לייט".

און די ווייב אידעל'ס פלעגט דאָס הערען. פלעגט זי נעמען זיך בעטען ביי אים: „אידעל, אידעל! וואָס האָסטו פון דיין פידעל? וואָס האָסטו, אַז דו געהסט אויף די אָרימע חתונות? האָסט אַפילו ניט אויף גענוג ברויט פאַר דיין ווייב און קינדער. מענשען קומען צו דיר אין הויז, רייכע לייט, און בעטען דיך, זאָלסט געהן צו זיי, און זיי וועלען דאָך דיר גוט באַצאָלען, פאַרוואָס זשע געהסטו ניט צו זיי"? אָבער אידעל פלעגט ניט וועלען הערען און זיך טאָן דאָס זייניגע, און די ווייב האָט גאָרנישט ניט געקענט העלפען און געלעבט מיט די קינדער אין אָרימקייט און נויט.

איינמאָל איז מען געקומען צו אידלען פון זעהר אַ רייכער חתונה, די כלה איז געווען אַ בת-יחידה און אַ נאָכגעגעבענע, און זי האָט נאָר געוואָלט, אַז אידעל מיט דער פידעל זאָל שפּילען אויף איר חתונה. האָט איר טאַטע אָנגעבאָטען אידלען אַ סך געלט, אַזוי פיל געלט, וואָס קיין קלעזמער האָט נאָך ניט געקראָגען פאַר שפּילען. אידעל האָט ניט געוואָלט צוזאָגען, נאָר ער האָט געזאָגט:

— מיר'ן זעהן. אויב מען וועט צו מיר ניט קומען פון אַן אָרימער חתונה, וועל איך געהן צו אייך.

האָט זיך אידעל'ס ווייב דערפרייט און דער גביר האָט זיך דערפרייט און זיי האָבען שוין געוואָלט ווינשען, אַז מען זאָל ניט קומען צו אידלען פון אַן אָרימער חתונה בעטען אים שפּילען. אָבער אינמיטען דערינען עפענט זיך די טיר און עס געהט אַריין אַן אָרימאַן,

אן אפגעריסענער, אן אפגעשליסענער, און גיט זיך א זאג אזוי הויך אויפ'ן קול:

— ר' אידעל! נעמט די פידעל און קומט צו מיין טאכטער אויף חתונה.

דא קען זיך שוין אידעל'ס ווייב ניט איינהאלטען, מישט זי זיך אריין און רופט זיך אן צום ארימאן:

— ר' איד, איר זייט געקומען צו שפעט. דער גביר האט שוין באשטעלט אידלען צו זיין טאכטער אויף חתונה.

ווערט דער ארימאן ניט נתפעל און ער גיט זיך א זאג:

— דאס איז גארנישט, וואס דער גביר האט באשטעלט. איך בין בילכער, ווייל איך בין אן ארימאן און קאן קיין אנדער קלעזמער ניט קריגען. וואס זאגט איר ר' אידעל?

ענטפערט אידעל:

— אודאי איז דער ארימאן בילכער, און איך געה טאקע צו אים.

האט דאס דער גביר דערהערט, האט ער זיך גענומען בעטען ביי אידלען, און אידעל'ס ווייב האט אויך גענומען בעטען. אבער עס האט ניט געהאלפען.

— וואס האט איר צו מיין מאן? — האט אידעל'ס ווייב געזאגט צום ארימאן — ווער וועט אים באצאלען, אז ער וועט געהן צו אייך אויף דער חתונה?

— גאט וועט אים באצאלען, — האט דער ארימאן געזאגט.

און אידעל האט גענומען זיין פידעל און איז אוועק צום ארימאן אויף דער חתונה.

קומט צוגעהן אידעל מיט דער פידעל אויף דער ארימער חתונה, ערשט ער האט נאך אזא ארימע חתונה קיינמאל ניט געזעהן: אנשטאט לעקאך און בראנפען איז דארטען געווען ברויט מיט וואסער, און חתן-כלה האבען אפילו קיין צעריסענע שיך ניט געהאט אויף זייערע פיס, נאר פשוט בארוועס געגאנגען, און זייערע קליידער אויף זיי זענען אויך געווען אז אך און וועה. האט אידעל פארשטאנען, אז דא אויף דער חתונה וועט מען אים שוין גארנישט באצאלען, אפילו קיין צען פרוטות ניט געבען. ווי מען פלעגט אים געבען אויף

אַנדערע אָרימע חתונות. נאָר דאָס האָט אים ניט געאַרט און ער האָט אפילו פון דעם ניט געטראַכט. ער האָט נאָר געטראַכט, ס'אַראַ רחמנות עס איז אויף חתן-כלה!

און אידעל האָט אַ נעם געטאָן די פידעל און געוואָלט שפּילען עפּעס אַ פריילעכס לכבוד חתן-כלה, פריילעך מאַכען זיי. אָבער אים איז געווען זעהר אומעטיג און די הענט האָבען זיך אים ניט געהויבען. נאָר דער בדחן אויף דער חתונה איז געווען אַ פריילעכער לונג און לעבער, איז ווי ער האָט דערזעהן אידלען אַן אומעטיגען, האָט ער אים געוואָלט פריילעכער מאַכען, האָט ער גענומען שיטען מיט גראַמען:

— ר' אידעל, נעמט די פידעל,
און שפּילט אונז אַ לידעל!
שפּילט אויף, אַז פריילעך זאָל זיין,
כאָטש ס'איז ניטאָ קיין טראָפּען וויין.
ניטאָ קיין וויין, טרינקט מען וואַסער,
פון וואַסער ווערט מען אויך אַ נאַסער.
ר' אידעל מיט דער פידעל איז אַ גוטער.
ער איז דאָך ווייך ווי פּוטער.
ר' אידעל, נעמט די פידעל
און שפּילט אונז אויף אַ לידעל!

און ווי דער בדחן האָט דאָס אָפּגעזאָגט, אַזוי האָט ר' אידעל גענומען זיין פידעל און האָט אויפגעשפּילט אַ פריילעכס און אַלע זענען אַוועק אַ טאַנץ לכבוד דעם חתן און לכבוד דער כלה, און ווי זיי טאַנצען אַלע אַזוי, ערשט עס רוקט זיך אַריין אַ מענש, וואָס קיינער ווייסט אים ניט און קיינער קען אים ניט און ער נעמט אויך טאַנצען מיט אַלעמען, און נאָך שטאַרקער פון אַלעמען. און אינמיטען דערינען איז ער געבליבען שטעהן און ער האָט אויסגעשריגען אין גראַמען אַזוי ווי דער בדחן:

— אָט איז צוויי פּאָר שיך פאַר דער כלה מיט'ן חתן,
און זאָל דאָ זיין שמחה און ששון!

און ער האָט טאַקע דערלאַנגט דער כלה אַ פּאָר שיך און דעם חתן אַ פּאָר שיך. און אַלע האָבען געקוקט און געוואונדערט זיך, ווער איז דאָס דער גוטער מענש, דער אומבאַקאַנטער? און איידער וואָס ווען. האָט ער ווידער אויסגעשריגען אין גראַמען אַזוי ווי דער בדחן:

— און אָט איז פּאָר זיי אויך טייערע בגדים,
געמאַכט און גענייט מיט כשר'ע פּאָדים!

און ער האָט טאַקע דערלאַנגט דעם חתן מיט דער כלה די טייערסטע קליידער, וואָס נאָר די רייכסטע לייט קאָנען דאָס טראָגען. און אַלע האָבען ווידער געקוקט און געוואונדערט זיך, ווער איז דאָס דער גוטער מענש, דער אומבאַקאַנטער? און איידער וואָס ווען, האָט ער ווידער אויסגעשריגען:

— און געדעקט זאָל ווערען דער טיש
מיט וויין און מיט לעקאַך, מיט פלייש און מיט פיש!

און אַזוי איז טאַקע גלייך געוואָרען, און ווידער האָבען זיך אַלע געוואונדערט און קיינער האָט ניט געוואוסט, ווער דער גוטער מענש איז און פון וואַנען ער קומט. און באַלד האָט ער גענומען טיילען דרשה-געשאַנק דעם חתן מיט דער כלה און אויך מתנות די מחותנים און אַלע אָרימע לייט, און אויך דעם בדחן מיט דעם שדכן האָט ער ניט פאַרגעסען, און צום סוף האָט ער אויפגערופען דעם קלעזמער אידעל און האָט אים געגעבען אַ גאָלדענע פידעל און האָט געזאָגט צו אים:

— דאָס גיב איך דיר, פאַרוואָס דו שפּילסט רק אויף אָרימע חתונות. אָבער אויף אַ גאָלדענער פידעל קען מען ניט שפּילען, זאָלסטו שפּילען ווייטער אויף דיין אַלטער פידעל. ווי ביז אַהער און די גאָלדענע פידעל זאָלסטו אָוועקטראָגען צום גאָלדשמיד און ער וועט דאָס צעשמעלצען, וועסטו קענען דערפון לעבען מיט דיין ווייב און קינדער דאָס גאַנצע לעבען אין עושר און אין כבוד.

און ער האָט דאָס אָפּגעזאָגט, און איז ניט געוואָרען. דעמאָלט האָבען אַלע פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז געווען ניט קיין אַנדערער, ווי

אליהו הנביא, געשיקט פון הימעל, צו העלפען אָרימע אין זייער נויט און צו באַצאָלען גוטע מענשען פאַר זייער גוטסקייט.

און אידעל איז אַוועק אַהיים מיט דער גאָלדענער פידעל און ער האָט געטאָן אַזוי ווי אליהו הנביא האָט אים געזאָגט, און זיין ווייב און קינדער האָבען שוין מער קיינמאָל פון נויט ניט געוואוסט.

אידעל האָט אָבער ניט פאַרלאָזען זיין פידעל און ער איז נאָך אַלץ געגאַנגען שפּילען אויף אָרימע חתונות.

## סערקעלע׳ס זעקעלאַך

די באָבע האָט געמאַכט זעקעלאַך פאַר סערקעלען. זיצט זי אַזוי, די באָבע, און מאַכט די זעקעלאַך, און די שפּיזלאַך לויפען אום ביי איה אין די אַלטע, דאַרע הענט, און אירע איינגעפאַלענע ליפּען שעפּטשען פּאַמעלאַך... פרעגט זי סערקעלע:

— וואָס זאָגסטו, באָבע? דו דאַווענסט?

— ניין, — ענטפערט די באָבע, — ניין, סערקעלע, איך דאַווען דאָס ניט. דאָס צייל איך די אייגלאַך.

— וואָסערע אייגלאַך? — פרעגט סערקעלע.

— די אייגלאַך פון זעקעלע, — ענטפערט די באָבע.

וואונדערט זיך סערקעלע: די אייגלאַך פון זעקעלע? זי הערט עס דאָס ערשטע מאָל. אַז זעקעלאַך זאָלען האָבען אייגלאַך! וויפיל אייגלאַך האָבען דאָס די זעקעלאַך? צוויי? סערקעלע הערט זיך צו. ווי די באָבע ציילט: איינס, צוויי, דריי, פיר, פינף, זעקס, זיבען אַכט, ניין, צען... און די באָבע ציילט נאָך און ציילט און סערקעלע קען איר שוין מער ניט נאָכזאָגען. פרעגט סערקעלע ביי דער באָבע׳ן:

— אַזוי פיל אייגלאַך האָט דאָס אַ זעקעלע?

שמייכעלט די באָבע און זי ענטפערט:

— אודאי האָט אַ זעקעלע אַזוי פיל אייגלאַך.

און די באָבע ציילט ווייטער, און סערקעלע פרעגט ווייטער:

— אויף וואָס דאַרף אַ זעקעלע אַזוי פיל אייגלאַך?

און די באָבע ענטפערט:

— צו זעהן, ווי אַרויסצוגעהן אויף סערקעלע׳ס פיסעלע. ווייל אַמאָל קען זיין צו שמאָל און אַמאָל קען זיין צו ברייט, דאַרף דאָס זעקעלע זעהן, עס זאָל זיין פונקט צו דער מאָס, ניט צו שמאָל און ניט צו ברייט. אָבער דאָס זעקעלע קען ניט ציילען, בעט עס מיך, איך זאָל ציילען, צייל איך איבער די אייגלאַך און דאָס זעקעלע זעהט שוין, ווי ברייט עס דאַרף זיין. איצטער ווייסטו שוין, סערקעלע?

זאָגט סערקעלע:

— יאָ, באָבעשי, איצטער ווייס איך. אָבער לאָז מיר זעהן די אייגלאַך פון מיין זעקעלע.

האָט די באָבע איר געוויזען די אייגלאַך פון דער זעקעלע, ווי זיי געהען אַזוי אָנגעצויגען אויף די שפּיזלאַך. מאַכט סערקעלע:

— אַי, דאָס איז דאָך ניט קיין אייגלאַך, באָבעשי. איך האָב געמיינט אייגלאַך, ווי מיינע, ווי מיין ליאַלקע׳ס, אָבער דאָס איז דאָך גאָר לעכעלאַך, ניט קיין אייגלאַך.

מאַכט די באָבע:

— ביי אַ זאָק איז אַן אייגעל,
און אַ לאָך איז ביי אַ בייגעל.
און אויב עס טרעפט אין זאָק אַ לאָך,
דאַרף מען דאָס פאַרריכטען דאָך.

דערווייל איז אונטערגעגאַנגען די קאַץ און האָט גענומען שפּילען מיט די באַוועל, וואָס האָט זיך אַרונטערגעלאָזען פון דעם קנויל, וועלכער איז געלעגען ביי דער באָבע׳ן אין שויס.

די קאַץ האָט אַלע מאָל ליב געהאַט צו זיצען לעבען דער באָבען און נאָכצוקוקען זי, ווי זי מאַכט די זאָקען און עס דרעהט זיך דער קנויל באַוועל, און ווי נאָר די באַוועל פלעגט זיך אַרונטערלאָזען אויף דר׳ערד און נעמען שפּרינגען און טאַנצען אונטער דער באָבע׳ס שפּיזלאַך, אַזוי פלעגט דאָס דער קאַץ זעהר געפעלען ווערען און זי

פלעגט נעמען שפּילען זיך דערמיט. האָט זי זיך איצטער אויך גענומען שפּילען דערמיט.

גיט די קאַץ אַ כאַפּ מיט די לאַפּקעס די באַוועל. די באָבע האָט דערפילט, אַז אימעצער שלעפּט ביי איר די באַוועל און לאָזט איר ניט מאַכען סערקעלע׳ס זעקעלאַך. די באָבע ווייסט שוין, ווער דאָס איז. זי ווייסט, אַז דאָס איז די קאַץ. גיט זי אַ שלעפּ צו זיך די באַוועל און שרייט אָן אויף דער קאַץ:

— אַוועק פון מיר, דו שווארצע קאַץ,
געה און גיב זיך שוין אַ קראַץ.

האָט די קאַץ געפאָלגט דער באָבען און איז אַוועקגעגאַנגען און גענומען זיך קראַצען מיט אירע שאַרפע נעגעל. אָבער אַ קאַץ האָט אַ קורצען זכרון, געדיינקט זי ניט, וואָס מען האָט זי ערשט אַוועקגעטריבען און זי קומט גלייך צוריק. זיצט זי זיך אַפריהער רוהיג און שטיל, סטאַטעטשנע און קוקט נאָר, ווי די באָבע מאַכט סערקעלע׳ס זעקעלאַך און סערקעלע שטעהט דערביי. דערנאָך אָבער דערזעהט די קאַץ ווידער די באַוועל אַראָפּקייקלענדיג זיך פון קנויל, וואָס ליגט ביי דער באָבען אויפ׳ן שויס. דערזעהט דאָס די קאַץ און זי קען זיך ניט איינהאַלטען און זי נעמט שפּילען דערמיט ווייטער: אַ שפּרונג און אַ כאַפּ, אַ שפּרונג און אַ כאַפּ! און די באָבע טרייבט זי ווייטער און שרייט אויף איר, און סערקעלע טרייבט זי אויך און שרייט אויף איר. און די קאַץ רוקט זיך ווידער אַוועק אין אַ ווינקעלע און נעמט זיך קראַצען. אָבער אַ קאַץ האָט דאָך פאָרט אַ קעצישען קאָפּ, פאַרגעסט זי זיך ווידער, וואָס מען האָט זי נאָר וואָס אַוועקגעטריבען, און זי קומט צוריק און זעצט זיך ווידער אויף אירע הינטערשטע לאַפּקעס און קוקט אויף דער באָבען און אויף דאָס זעקעלע, וואָס פליהט אונטער אירע שפּיזלאַך, און אויף סערקעלען.

דאָ האָט זיך ביי דער באָבען פון שויס אַראָפּגעקייקעלט דער גאַנצער קנויל מיט די באַוועל, און עס האָט זיך אַזוי שטיל אַראָפּגעקייקעלט, אַז ניט די באָבע האָט געפילט און ניט סערקעלע האָט געזעהן. די קאַץ אָבער האָט דאָס יאָ דערזעהן, און זי האָט דאָס

גלייך אַ כאַפּ געטאָן מיט אירע פּאַדערשטע לאַפּקעס און דערנאָך אַ כאַפּ מיט'ן מויל, אַזוי ווי זי טוט דאָס מיט אַ מויז.

האָט זיך די קאַץ געשפּילט אַזוי מיט'ן קנויל, ביז עס האָט זיך אַוועקגעקייקעלט ווייט-ווייט. דער קנויל האָט זיך געקייקעלט און די קאַץ נאָך אים, און קיינער האָט ניט געזעהן און ניט געהערט.

אָבער דאָ האָט די באָבע געוואָלט אַ שלעפּ טאָן די באַוועל, שלעפּט זיך ניט. וויל זי אָנשרייען אויף דער קאַץ, זעהט זי, אַז די קאַץ איז גאָר ניטאָ. גיט זי אַ קוק אויף איר שויס, זעהט זי, אַז דער קנויל מיט די באַוועל איז אויך ניטאָ. פאַרשטעהט שוין די באָבע וואָס איז דאָ געווען. פאַרשטעהט זי, אַז דער קנויל איז אַראָפּגעפאַלען און די קאַץ האָט דאָס פאַרשלעפּט ערגעץ און שפּיעלט זיך דערמיט, אַזוי ווי מען שפּילט זיך מיט אַ מייזעל. מאַכט די באָבע צו סערקעלען:

— געה, סערקעלע, זוך אויף די קאַץ די גנב'טע, און נעם ביי איר אָפּ דעם קנויל מיט די באַוועל.

איז סערקעלע אַוועק זוכען די קאַץ. זוכט זי אין איין צימער און אין אַ צווייטען און קען זי ניט געפינען. קומט זי צוריק צו דער באָבען און זאָגט:

— באָבעשי, איך קען ניט געפינען די קאַץ.

מאַכט די באָבע:

— דו ווייסט ניט, ווי צו זוכען זי. אָט איך וועל דיר זאָגען, ווי. אָט געה נאָך די באַוועל. און געה און געה, ביז דו וועסט געפינען די קאַץ מיט'ן קנויל.

האָט סערקעלע אַזוי געטאָן און זי איז געגאַנגען נאָך די באַוועל, ביז זי איז געקומען אין פּאַפּאַ'ס און מאַמאַ'ס שלאָפצימער און דאָרטען האָט זי אונטער'ן בעט געפונען די קאַץ שפּילענדיג זיך מיט'ן קנויל באַוועל.

וויל סערקעלע אָפּנעמען דעם קנויל ביי דער קאַץ, אָבער די קאַץ גיט ניט. בעט זיך סערקעלע ביי דער קאַץ:

— קעצעלע, קעצעלע,
גיב מיר דעם קנויל,

וועל איך דיר געבען
עפּעס אין מויל.

אָבער די קאַץ האָט ניט געוואָלט אָפּגעבען. איז סערקעלע אַוועקגעלאָפען צו דער באָבען און האָט איר דערציילט, אַז די קאַץ וויל ניט אָפּגעבען דעם קנויל. מאַכט די באָבע:

— נו, וועל איך אַליין געהן. מיר וועט זי מוזען אָפּגעבען, איז ניט מיט גוטען, איז מיט בייזען.

האָט די באָבע אַוועקגעלייגט דאָס זעקעלע מיט די שפּיזלאַך, און איז אַוועק צו דער קאַץ. אָבער די קאַץ איז שוין ניט געווען דאָרטען, וואו סערקעלע האָט זי פריהער געזעהן, און די באַוועל זעהט שוין די באָבע אויך ניט. געהט די באָבע צוריק צו איר אָרט, זעהט זי, אַז דאָס זעקעלע מיט די שפּיזלאַך איז שוין אויך ניטאָ. ווייסט שוין ניט די באָבע, וואָס דאָס איז.

האָט זיך די באָבע אַרומגעדרייט איבער'ן הויז און געזוכט און געזוכט די קאַץ, און סערקעלע האָט איר אויך געהאָלפען, און די קאַץ איז ניטאָ. רופט זיך אָן סערקעלע:

— ווייסטו גאַר וואָס, באָבעשי? איך וועל זי רופען, איך וועל מאַכען: מיאַו! מיאַו! וועט זי אויך זאָגען: מיאַו! מיאַו!

האָט סערקעלע אַזוי געטאָן. האָט זי געמאַכט: מיאַו! מיאַו! האָט די קאַץ צוריק געענטפערט: מיאַו! מיאַו! ערשט וואו איז זי געווען? טאַקע ביי דער באָבען אונטער'ן בעט, און זי האָט געהאַט אַלץ מיטאַנאַנדער: דעם קנויל באַוועל מיט'ן זעקעלע מיט די שפּיזלאַך ווייל ווען די באָבע איז אַוועק פון אָרט, האָט זי דאַן אַלצדינג פאַרשלעפּט.

מאַכט די באָבע צו דער קאַץ:

— קעצעלע, קעצעלע,
קעצישער קאָפּ!
דעם קנויל מיט די באַוועל
גיב מיר גלייך אָפּ.

פּוילט זיך די קאַץ אָפּצוגעבען און זי שפּילט זיך ווייטער. מאַכט צו איר די באָבע:

— קעצעלע, קעצעלע,
זיי-זשע ניט פויל!
און זיי טאקע מוחל,
גיב אָפּ דעם קנויל!

וויל זי ווייטער ניט און שפּילט זיך ווייטער, מאכט צו איר די באָבע:

— גענוג צו מאכען פוילע שטיק,
דעם קנויל מיט באוועל גיב צוריק!

וויל אַלץ ניט די קאַץ אָפּגעבען דעם קנויל, מאכט די באָבע:

— ניט מיט גוטען,
איז מיט בייזען.
אי ועסטו פון מיר
באלד לייזען.

און די באָבע האָט געכאַפּט אַ שטעקען, און די קאַץ איז אַנטלאָפען און האָט איבערגעלאָזען דעם קנויל מיט די באוועל מיט אַלץ מיטאַנאַנדער.

אַ פלעקעלע אריין,
אַ פלעקעלע ארויס,
פאַר סערקעלען זעקעלאַך
די באָבע מאכט אויס.

---

## בעני און מעני אין שטערנלאַנד

בעני האָט זיך געלייגט שלאָפען. אָבער ער איז נאָך אַזוי גיך ניט איינגעשלאָפען. אין צימער איז געווען פינסטער און אינדרויסען איז דער הימעל געווען אויסגעשטערענט. נו, האָט בעני ליגענדיג געקוקט דורכ'ן פענסטער אויפ'ן אויסגעשטערנטען הימעל, און ער האָט זיך געוואונדערט, און אים האָט זיך געוואָלט וויסען, וואָס איז דאָ מער אויף דער וועלט, צי שטערן אין הימעל, צי זאַמד אויפ'ן

ברעג ים? און ער ווייסט, אַז איבערציילען קאָן מען ניטביידע זאַכען, ניט די שטערן אין הימעל, ניט דאָס זאַמד אויפ'ן ברעג ים.

איז ער געלעגען אַזוי און האָט געקוקט אויף די שטערן, און די שטערן האָבען געפינקעלט און אַזוי ווי געוואונקען. האָט זיך בעני'ן אויסגעדוכט אַז דאָס פינקלען די שטערן צו אים און דאָס ווינקען זיי צו אים און רופען: קום, בעני, קום אַרויף צו אונז!

און בעני וואָלט גרייליך וועלען אַרויף אויבען צו די שטערן און זעהן, וואָס עס טוט זיך דאָרטען אין שטערנלאַנד? אָבער ווי געהט מען אַרויף צו זיי? מען זאָגט, אַז זיי זענען זעהר הויך פון דער ערד און מיט אַן עראָפּלאַן קאָן מען אויך ניט צוקומען צו זיי.

האָט בעני אַזוי לאַנג געטראַכט, ביז ער איז איינגעשלאָפען, און ווי ער איז איינגעשלאָפען אַזוי האָט זיך אים גע'חלום'ט, ווי עס קומט צו אים זיין חבר מעני און זאָגט:

— העי, בעני! קום אַרויף צו די שטערן!

פרעגט בעני:

— ווי אַזוי קאָנען מיר אַרויף צו די שטערן, אַז זיי זענען אַזוי הויך?

ענטפערט מעני:

— נו, האָב איך דערפאַר געבראַכט אַ לייטער, אַ הויכען לייטער, וועסט זעהן. קום אַרויס!

איז בעני אַרויס מיט מעני'ן אינדרויסען, ערשט ער זעהט, עס שטעהט טאַקע אַ לייטער, אַ הויכער לייטער וואָס כאַפּט ביז'ן הימעל. זאָגט מעני:

— נו, לאָמיר קריכען, בעני! איך אַפריהער און דו נאָך מיר.

האָט מעני גענומען קריכען אויפ'ן לייטער און נאָך אים בעני. קריכען זיי און קריכען, און עס נעמט גאָר קיין סוף ניט צום קריכען, און צום הימעל איז נאָך אויך ווייט. רופט זיך אָן בעני:

— מיר טוען שוין וועה די פיס.

מאַכט מעני:

— אָט באַלד קומען מיר אַהין.

זיינען זיי ווייטער געקראָכען, און צום הימעל איז נאָך אַלץ ווייט. רופט זיך אָן ווידער בעני:

— עס נעמט גאָר קיין סוף ניט צו אונזער קריכען.

זאָגט צו אים ווידער מעני:

— איך זאָג דאָך דיר, אַז באַלד קומען מיר אַהין.

— אַ שיינער באַלד! שוין אודאי אַ יאָר, אַז מיר קריכען.

זאָגט מעני:

— דו רעד בעסער ניט און קריך ווייטער, וואָרים באַלד קאָן זיך גאָר נעמען דער לייטער שאָקלען, און אָנשטאָט אַרויפצוגעהן צו די שטערן אין הימעל, וועלען מיר גאָר אַראָפּפאַלען און צעקלאַפּען דעם שטערן אָן דער ערד.

זענען זיי ווייטער געקראָכען. קריכען זיי און קריכען, און צו די שטערן איז נאָך אַלץ ווייט. נאָר בעני שווייגט און פרעגט שוין מער מעני'ן קיין קשיות ניט.

אַז זיי זענען שוין אָפּגעקראָכען אַ האַלבען לייטער, איז שוין מעני אויך מיד געוואָרען, און ער האָט זיך אָנגערופען צו בעני'ן:

— ווייסטו גאָר וואָס, בעני? לאָמיר זיך טאַקע צוזעצען אָפּרוהען אַ ביסעל, און דערנאָך וועלען מיר ווייטער קריכען.

האָבען זיי זיך ביידע צוגעזעצט אָפּרוהען, און מעני האָט דער-הייל דערציילט בעני'ן אַ מעשה, אַז עס זענען דאָ אַזעלכע מענשען, שטערנזעהער זענען זיי, האָבען זיי אַזעלכע קוקערס, וואָס רופען זיך טעלעסקאָפּען. קוקען די שטערנזעהער אין די טעלעסקאָפּען און זיי זעהען די שטערן אַזוי גרויס און נאָהענט, כאָטש מיט די הענט נעם אָן.

— אפשר, — האָט מעני געזאָגט, — וועלען מיר באַגעגענען אויפ'ן וועג אַזאַ שטערנזעהער, וועלען מיר אים פרעגען, ווי ווייט עס איז נאָך צו שערנלאַנד.

האָבען זיי זיך אָפּגערוהט אַ ביסעל, און זיי זענען געקראָכען ווייטער, און ווי זיי קריכען אַזוי, ערשט זיי באַגעגענען טאַקע אין דער לופטען אַ שטערנזעהער, הענגענדיג צווישען הימעל און ערד און קוקענדיג דורך אַ טעלעסקאָפּ אויף די שטערן.

מאַכט מעני:

— זעהסט, בעני? אָט איז טאַקע אַ שטערענזעהער, וועלען מיר אים פרעגען.

און בעני האָט זיך זעהר דערפרייט און ער האָט געזאָגט:

—פרעג! פרעג!

פרעגט מעני ביים שטערענזעהער:

— ווי ווייט איז נאָך צו די שטערן?

ענטפערט דער שטערענזעהער:

— ניט ווייט. אַן ערך אַ מיליאָן מייל. אָבער דורכ'ן טעלעס־קאָפּ זעהט דאָס אויס נעהענטער.

מאַכט בעני צו מעני'ן

— נו, טאַ בעט ביי אים דעם טעלעסקאָפּ, וועלען מיר געהן מיט'ן טעלעסקאָפּ, וועט אונז זיין נעהענטער.

האָט מעני געבעטען ביים שטערנזעהער דעם טעלעסקאָפּ, און דער שטערענזעהער איז גראָד ניט געווען שלעכטער, האָט ער די קינדער געגעבען זיין טעלעסקאָפּ.

— מיר וועלען נאָר אַ קוק טאָן, וואָס עס טוט זיך דאָרטען אין שטערנלאַנד, — האָט מעני געזאָגט צום שטערענזעהער, — און מיר וועלען אָפּגעבען צוריק דעם טעלעסקאָפּ.

האָבען מעני און בעני אַ קוק געטאָן אין טעלעסקאָפּ און זיי זענען מיט איין קוק געקומען אין שטערענלאַנד.

און ווי זיי זענען געקומען קיין שטערענלאַנד, אַזוי האָבען זיי זיך געלאָזט גלייך געהן מיט'ן מילך־וועג; זענען זיי געגאַנגען און געגאַנגען, און וואו זיי האָבען זיך נאָר געקערט און וואו זיי האָבען זיך נאָר געווענדט, איז רק שטערן און שטערן. קיין אַנדער זאַך, אויסער שטערן, האָבען זיי ניט געזעהן. דער וועג איז געווען אויס־געפּלאַסטערט מיט שטערן, און עס איז געווען אַזוי ווייך צו געהן, גלייך ווי זיי וואָלטען געגאַנגען אויף טעפּיכער. דאָס איז געווען אונטער די פיס, און איבער די קעפּ זענען ווידער געווען שטערן, אַזוי ווי חופּות. און אַז זיי זענען מיד געוואָרען געהענדיג, האָבען זיי זיך צוגעזעצט אויף בענק, וועלכע זיינען ווידער געווען פון שטערן. און ווען זיי האָבען געוואָלט אַ טרונק, זענען זיי צוגעגאַנגען צו אַ פאָנטאַן, וואָס האָט געשפּריצט מיט שטערן. אומעטום און יעדע זאַך — שטערן, שטערן און שטערן! ווייל זיי זענען אַזוי פיל דאָ, אַז עס סטאַיעט פאַר אַלץ.

די קינדער האָבען דאַרטען אויך געזעהן אַ גרויסען בער, וועלכער איז ווידער געווען פון שטערן. און אַ קליינעם בער האָבען זיי געזעהן — ווידער פון שטערן. און סיריוס דעם הונט, און גערמיני דעם צווילינג, און אָריאָן דעם סאָלדאַט — אַלע, אַלע פון שטערן.

האָבען בעני און מעני אַזוי אַרומגעשפּאַצירט אין שטערנלאַנד, ביז עס האָט זיך באַוויזען דער מאָרגענשטערן און עס האָט זיך דער־הערט דער מאָרגען-געזאַנג און אַלע אויפ'ן הימעל זענען אַוועק אַ מאָרגען-טאַנץ:

זיי שאַלען, זיי זינגען,
די שטערן פון מאָרגען,
אַלע אינאיינעם.
זיי טאַנצען, זיי שפּרינגען,
די קינדער פון הימעל,
אַלע ביז איינעם.

און די קינדער פון דער ערד, בעני און מעני, האָבען אויך געזונגען אין דעם הימעל-כאָר און געטאַנצט אין דעם הימעל-קאַראַהאָד, ביז עס האָט שוין גענומען גוט טאָגען. האָט דער מאָרגענשטערן צו זיי געזאָגט:

— קינדער, שוין צייט צו געהן אַהיים. עס איז דאָך שוין טאָג, און איר דאַרפט געהן באַלד אין שולע לערנען.

האָבען די קינדער געטראַכט, ווי זיי זאָלען אַראָפּגעהן צוריק אויף דער ערד. האָבען זיי גערופען דעם טעלעסקאָפּ.

— טעלעסקאָפּ, טעלעסקאָפּ,
אויף דער ערד פיר אַראָפּ!

האָט זיי דער טעלעסקאָפּ געענטפערט:

— אַ טעלעסקאָפּ, טעלעסקאָפּ,
קוקט אַרויף, ניט אַראָפּ.
אַ טעלעסקאָפּ, טעלעסקאָפּ,
נעמט אַרויף, ניט אַראָפּ.

האָבען די קינדער געזעהן, אַז דער לייטער שטעהט נאָך, האָבען זיי אויסגעשריען מיט פרייד:

— דער לייטער, אָט שטעהט ער!

און זיי זענען געגאַנגגען צוריק אַראָפּ מיט׳ן לייטער, אָבער אינמיטען דערינען האָט זיך דער לייטער אַ שאָקעל געטאָן, און בעני האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט קולות:

— אוי, איך פאַל!

ער האָט אָבער באַלד דערזעהן, אַז ער ליגט גאָר אין זיין בעטעל, און די גאַנצע מעשה איז געווען ניט מער ווי אַ חלום.

די מאַמע האָט אָבער געמיינט, אַז בעני איז טאַקע אַראָפּ־געפאַלען פון בעטעל, איז זי צוגעגאַנגגען אַ קוק טאָן. אָבער בעני האָט געלאַכט און ער האָט איר דערציילט דעם גאַנצען חלום. האָט די מאַמע זיך אויך צעלאַכט און זי האָט געזאָגט צו בעני׳ן:

— ווערסט ווייטער געהן כאַפּען שטערן פון הימעל? אַז מען וויל כאַפּען שטערן פון הימעל, קאָן מען נאָך פאַלען און צעשלאָגען דעם אייגענעם שטערן!

# מאטקע מיט דער קאלעקאטקע

מאָטקע האָט זיך אָנגעגרייט אויף פּורים אַ קאַלעקאָטקע. די קאַלעקאָטקע איז שוין איינמאָל געווען אַ קאַלעקאָטקע, ווייל ער האָט דאָס אַליין געמאַכט פון אַ בלעכענער פּושקע און אינווייניג האָט ער אָנגעלייגט היבשע שטיינדלאַך, און יעדען קלאַפּ, וואָס ער האָט גע־געבען מיט דער קאַלעקאָטקע איז שוין געווען איינמאָל אַ קלאַפּ, אַזוי, אַז המן הרשע האָט טאַקע געקענט דערהערען פון יענער וועלט.

און אַלע אינגלאַך האָבען זיך אַרומגעקליבען אַרום מאָטקע׳ן, און יעדערער האָט צו אים געזאָגט:

— מאָטקע, מאָטקע! באַווייז מיר דיין קאַלעקאָטקע.

און מאָטקע איז ניט געווען קיין שלעכטער און האָט יעדערן געוויזען זיין קאַלעקאָטקע, און יעדער אינגעל האָט גענומען מאָטקע׳ס קאַלעקאָטקע אין האַנט און געפּרוּאווט אַ קלאַפּ טאָן, און יעדער אינגעל האָט דערנאָך געמוזט זאָגען:

— מאָטקע, עס איז שוין איינמאָל אַ קאַלעקאָטקע.

און מאָטקע האָט זיך געפילט גליקליך, וואָס ער האָט געמאַכט אַזאַ קאַלעקאָטקע, וואָס עס איז יעדערן געפעלען ביז גאָר. און ער

האָט שוין געוואָלט וויסען, וואָס המן אַליין וועט זאָגען אויף דער קאַלעקאָטקע, און מאָטקע האָט געוואָרט מיט אומגעדולד, עס זאָל שוין זיין פּורים, און ער וועט קלאַפּען המנ'ען מיט דער קאַלעקאָטקע און אָפּרעכענען זיך מיט'ן רשע פאַר אַלדאָס שלעכטס, וואָס ער האָט געוואָלט טאָן די אידען.

אַז עס איז געקומען פּורים אָוונט און מען האָט געלייענט די מגילה, וואו עס דערציילט זיך די גאַנצע מעשה מיט המן הרשע, האָט מאָטקע געאַרבייט מיט זיין קאַלעקאָטקע אויף וואָס די וועלט שטעהט. אַלע אינגלאַך האָבען געשלאָגען המנ'ען, ווער מיט אַ גראַגער און ווער מיט אַ שרייער און ווער מיט אַ המן-קלאַפּער, אָבער די גרעסטע קלעפּ האָט המן געכאַפּט פון מאָטקעס קאַלעקאָטקע, און ער איז דערפאַר געוואָרען ביי די אינגלאַך דער גאַנצער פירער. דער מגילה-לייענער האָט געלייענט די מגילה, און ווי עס פלעגט קומען צום נאָמען המן, אַזוי פלעגט מאָטקע געבען דער ערשטער אַ קלאַפּ מיט זיין קאַלעקאָטקע, און נאָך אים אַלע אינגלאַך, ווער מיט אַ גראַגער און ווער מיט אַ שרייער און ווער מיט אַ המן-קלאַפּער און ווער אויך מיט אַ קאַלעקאָטקע. וואָרים נאָך אינגלאַך האָבען געהאַט קאַלע-קאָטקעס, אמת, ניט אַזוי ווי מאָטקע'ס אָבער קאַלעקאָטקעס זענען זיי געווען. און המן האָט אויף אַזאַ אופן שוין גענוג געקראָגען פון די קינדער, אַזוי, אַז ער וועט שוין אַ צענטען פאַרזאָגען אָנצוהויבען זיך מיט אומשולדיגע מענשען און גאָר וועלען זיי אוים'הרג'ענען אַלעמען אין איין טאָג.

נאָך דער מגילה האָט מאָטקע מיט דער קאַלעקאָטקע זיך אָנגע-רופען צו די אינגלאַך:

— קינדער, מאָרגען איז נאָך אויך אַ טאָג, עס וועט אים נאָך כאַפּען אַ קלאָג! מאָרגען וועט מען לייענען נאָך אַמאָל די מגילה, וועלען מיר ווידער שלאָגען המנ'ען.

און אַלע קינדער זענען אַוועק אַהיים שלאָפען און מאָטקע מיט דער קאַלעקאָטקע אויך.

פאַר'ן שלאָפען געהן מאַכט דער טאַטע צו מאָטקע'ן:

— זעה נאָר, מאָטקע, המן זאָל ביי דיר ביינאַכט ניט צו'גנב'ען די קאַלעקאָטקע.

גיט מאַטקע אַ מאַך מיט'ן פויסט און ער זאָגט:

— המן וועט ביי מיר צו'גנב'ענען די קאַלעקאַטקע? ניט ביי מאַטקען!

פונדעסטוועגען האָט מאַטקע אונטערגעלייגט אונטער'ן קישען די קאַלעקאַטקע.

מאַטקע'ן האָט לאַנג ניט געקומען איינצושלאָפען, בפרט נאָך ער איז געווען איינגעמאַטערט פון שלאָגען המנ'ען. און ווי ער איז איינגעשלאָפען, אַזוי חלומ'ט זיך אים, ווי המן הרשע קומט צו אים צוגעהן און שטעלט זיך ביי זיין בעטעל. פרעגט ביי אים מאַטקע:

— המן הרשע, וואָס איז דיין בקשה?

ענטפערט המן:

— מיין בקשה, מאַטקע, זאָלסט מיר געבען דיין קאַלעקאַטקע.

מאַכט מאַטקע:

— אַזוי, חכם איינער? דדו ווילסט די קאַלעקאַטקע? און מיט וואָס וועל איך דיך שלאָגען?

זאָגט המן:

— ווערסט שוין מיך מער ניט דאַרפען שלאָגען, ווייל איך וועל זיין גוט און פרום און קיינעם ניט טשעפען.

גיט זיך מאַטקע אַ כאַפּ צו אים מיט דער קאַלעקאַטקע און שרייט אויס הויך אויפ'ן קול:

— רעד מיר ניט קיין שיע-פּיע און געה צוריק אויף דער תליה!

האָט המן הרשע זיך געפוילט צו געהן צוריק אויף דער תליה, מאַכט ער צו מאַטקען:

— איך פויל זיך געהן אליין.

רופט זיך צו אים אָן מאַטקע:

— נו, וועל איך דיך אונטערפירען און מיט מוזיק נאָך דערצו, מיט מיין קאַלעקאַטקע.

און מאַטקע מיט דער קאַלעקאַטקע האָט אוועקגעפירט המנ'ען צוריק צו דער תליה, און המן האָט נעביך געמוזט צוריק ארויף אויף דער תליה און ווידער הענגען אַזוי, ווי פריהער, וואָרים דאָס איז דאָך זיין שטראָף געווען, ער זאָל הענגען אויף דער תליה, דערפאַר וואָס ער האָט געוואָלט אויפהענגען מרדכי הצדיק.

האָט מאַטקע אָבער מורא געהאַט, המן זאָל ווידער ניט אַראָפּ פון דער תליה. ווער ווייסט, האָט מאַטקע געטראַכט, ער קען נאָך אַודאי אַנטלויפען אויך, און איך און די קינדער וועלען ניט האָבען דעמאָלט וועמען צו שלאָגען? האָט מאַטקע אַנגעבונדען המנ׳ען אויף אַ פוס זיין קאַלעקאַטקע, אַזוי, אַז טאָמער וועט ער וועלען אַנטלויפען, זאָל די קאַלעקאַטקע נעמען קלאַפּען און מאַטקע וועט אים קענען כאַפּען. ווי מאַטקע האָט דאָס אָפּגעטאָן, איז ער אַוועק רוהיג אַהיים שלאָפען.

און המן הרשע האָט ניט געהערט און ניט געזעהן, ווי מאַטקע האָט אים אָנגעבונדען אָן פוס די קאַלעקאַטקע, איז ווי מאַטקע איז אַוועק, האָט המן געמיינט, אַז ער איז אַ פרייער מענש. קלערט ער: איצטער וועל איך גאָר אַנטלויפען פון דער תליה, און מאַטקע מיט דער קאַלעקאַטקע און די איבעריגע אינגלאַך מיט זייערע קלאַפּער־געצייג וועלען מיך שוין ניט קענען שלאָגען.

איז ער אַראָפּ פון דער תליה און האָט זיך געלאָזט לויפען. אָבער ווי ער האָט גענומען לויפען, אַזוי האָט די קאַלעקאַטקע, וואָס איז געווען אויף זיין פוס גענומען קלאַפּען. און ווי עס האָט גענומען קלאַפּען די קאַלעקאַטקע, אַזוי האָט זיך אויפגעכאַפּט מאַטקע, און מאַטקע האָט גענומען לויפען כאַפּען המנ׳ען.

זעהט מאַטקע, אַז עס איז ניט ער איינער, וועלכער יאָגט זיך נאָך המנ׳ען, נאָר אַלע איבעריגע אינגלאַך, ווער מיט אַ גראַגער און ווער מיט אַ שרייער און ווער מיט אַ המן־קלאַפּער און ווער מיט אַ קאַלעקאַטקע, נאָר ניט אַזאַ ווי זיינע.

האָבען זיך אַלע אינגלאַך געיאָגט נאָך המנ׳ען און זיי האָבען זיך געיאָגט און געיאָגט, ביז זיי האָבען אים געכאַפּט. האָבען זיי דערזעהן מאַטקע׳ס קאַלעקאַטקע אַנגעבונדען אָן זיין פוס, האָבען זיי גענומען שרייען צו מאַטקען:

— זעה נאָר, מאַטקע, אָט איז דיין קאַלעקאַטקע! המן האָט זי צוגעגנב׳עט ביי דיר.

האָט זיך מאַטקע צעלאַכט און זיך אָנגערופען צו די קינדער:

— ניין, קינדער, ער האָט ביי מיר ניט צוגעגנב׳עט די קאַלע־קאַטקע.

און מאַטקע האָט זיי דערציילט די גאַנצע מעשה, ווי אַזוי עס קומט צו המנ׳ען אויפ׳ן פּוס זיין קאַלעקאַטקע. האָבען די קינדער אַלע געלאַכט פון מאַטקע׳ס המצאה.

— נו, גענוג צו לאַכען, קינדער, — האָט מאַטקע דערנאָך געזאָגט, — לאָז המן צוריק אַרויף אויף דער תליה און מיר וועלען געהן אַהיים שלאָפען, און מאָרגען, אַז מיר וועלען אויפשטעהן, וועלען מיר עסען האָמענטאַשען.

זענען אַלע קינדער און אויך מאַטקע מיט דער קאַלעקאַטקע אַוועק זינגענדיג:

— מיר וועלען עסען האָמענטאַשען,
טרינקען וויין פון די פלאַשען,
האָמענטאַשען, האָמענטאַשען,
גוט צו נאַשען, גוט צו נאַשען.

און ווען מאַטקע מיט דער קאַלעקאַטקע איז געקומען אַהיים, איז שוין געווען נאָכ׳ן חלום, און מאַטקע איז אויפגעשטאַנען און האָט אויף גיך זיך אָנגעטאָן און אויף גיך אָפּגעגעססען אָנבייסען און האָט גענומען זיין קאַלעקאַטקע און איז אַוועק ווידער שלאָגען המנ׳ען.

א פלעקעלע אריין,
א פלעקעלע ארויס,
היינט איז פורים,
מאָרגען איז אויס.

א פלעקעלע אריין,
א פלעקעלע ארויס,
די מעשיות פון ביכעל
לאָזען זיך אויס.



די

# נייע אידישע שול

— פון —

## י. לעווין

**א לעהרבוך פיר אידיש-אנפאנגער צו לערנען לעזען און שרייבען אידיש, מיט צייכנונגען און בילדער. ענטהאלט אויך שעהנע ער-צעהלונגען, מעשה׳לאך און פאלקס-ליעדער.**

דיזער לעהרבוך איז ארויסגעגעבען געווארען פיר דעם צוועק צו לערנען אמעריקאנער אידישע קינדער אונזער אידישען מאמע-לשון, אום זיי זאלען זיך קענען צוזאמענרעדען און צוזאמענשרייבען מיט דעם גרעסטען טייל פון אידישען פאלק, וועלכע האבען געמאכט אידיש פיר זייער פאלקס-שפראך.

דיזער אידישער לעהרבוך איז אזוי איינפאך, דאס ניט נאר לעהרער, נאר אויך יעדער פאטער און מוטער, וואס קען אידיש, קען זיך מיט איהם בענוצען אויסצולערנען זייערע קינדער אין א קורצע צייט צו קענען לעזען, שרייבען און אויסלייגען אידיש.

דיזער לעהרבוך איז אויך גוט פיר דערוואקסענע, וועלכע ווילען קענען ריכטיג שרייבען אידיש אהן גרייזען, ווייל אין דיזען לעהרבוך ווערט דורכ-געפיהרט אלע גראמאטישע כללים פון דער אידישער שפראך, וועלכע זיינען לעצטענס אנגענומען געווארען פון אלע, וועלכע אינטערעסירען זיך מיט דער אידישער שפראך און ליטעראטור.

**די „נייע אידישע שול” איז געדרוקט אויף גוטען פאפיר און פיין געבונדען.**

**פרייז 50 סענט**

HEBREW PUBLISHING CO., 50-52 ELDRIDGE ST., NEW YORK

# „פאר גרויס און קליין"

## א בוך פון ביבלישע און אלגעמיינע מעשה׳לאך פאר גרעסערע און קלענערע קינדער

מיט אילוסטראציעס

---

### פון אפרים אויערבאך

---

די ביבלישע מעשה׳לאך זיינען מיט בילדער פונ׳ם גרעסטען ביבעל-מאלער פראפעסאר דארע.

די אלגעמיינע מעשה׳לאך זיינען אילוסטרירט פונ׳ם יונגען קינסטלער ז. מאוד.

אייערע גרעסערע קינדער דארפען לייענען דאס בוך צו באקענען זיך מיט די העלדען פון דער אידישער געשיכטע.

אייערע קלענערע קינדער וועלען געפינען דארטען וואונדערשעהנע מעשה׳לאך צו לייענען און זיך אמוזירען.

„פאר גרויס און קליין" איז דאס שעהנסטע קינדער-בוך וואס איז ווען ערשינען אין אידיש.

„פאר גרויס און קליין" איז א בוך פאר שוהל און היים. די שפראך איז א לייכטע און א פליסיגע, די קינדער אייערע וועלען אייך דאנקען, ווען איהר וועט זיי געבען דאס בוך צום לייענען.

„פאר גרויס און קליין" איז אן אוצר אין דער אידישער קינדער ליטעראטור און איהר מוסט זיך פארשאפען דאס בוך.

ארויסגעגעבען פון

היברו פאבלישינג קאמפאני

52-50 עלדרידזש סטריט ניו יארק